אַברהם רייזען

# לידער, דערציילונגען, זכרונות



יוסף ליפשיץ-פאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייווא

אַברהם רייזען

# לידער, דערציילונגען, זכרונות

מוזיק צו 22 לידער

פֿראַגמענטן פֿון פֿאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
און זכרונות

אַריינפֿיר און רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי



28סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

## יוסף ליפשיץ־פֿאָנד

פון דער

## ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם יִוואָ

## אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע

פון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור

יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.200 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ו — 1966

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

זייט


ביאָגראַפישע שטריכן ........ 8

בילד: אַברהם רייזען ........ 9

שמואל ראָזשאַנסקי — אַבֿרהם רייזען דער פֿאָלקסדיכטער און דער לײַכטער דיכטער מיט טיפֿע כּוונות ........ 13

**לידער:** מיר ביידע ליידן ........ 25

איצט פֿאַרשטיי איך ........ 25

פֿון וואַנען ........ 26

איך און די וועלט ........ 26

די יוגנט ........ 28

צו אַ ברודער ........ 29

אונדזערע הימלען ........ 29

אין גאַס ........ 30

ביי אונדז אין לאַנד ........ 31

דער גמרא־ניגון ........ 31

דער הענדלער ........ 33

אַ געזינד זאַלבע אַכט ........ 34

וואָס שטייט אונדז נאָך פֿאָר ........ 34

צום העמערל ........ 35

אַ האָר פֿון באָרד ........ 36

דער נאַכטוועכטער ........ 37

וואָס מאַכט איר? ........ 37

עפּעס הער איך ........ 38

מיין פֿריינד, צי דו ווייסט? ........ 39

מאַי קאָ משמע לן? ........ 40

קידוש לבנה ........ 42

אין קישן ........ 43

די לופֿט איז מיר ענג ........ 43

מלחמה ........ 44

האַרבסטליד ........ 46

אַליין ........ 50

אַ ווינטערליד ........ 50

צווייערליי צער ........ 51

דו פֿרעגסט ........ 53

אין גלויבן געבוירן ........ 55

ירושה ........ 56

דאָס האַרץ ........ 56

ניט שרעק! ........ 56

דאָס בילד פֿון גלויבן ........ 58

שאָטן ........ 58

דער אויוון ........ 60

דאָס אייביקע ליד ........ 61

אויפֿן באַרג ........ 61

די נייע פּאָן ........ 62

טראָמפּייטן שאַלן ........ 62

אָ, גיכער, משיח! ........ 63

דאָס געבעט ........ 64

דער ניגון ........ 65

די קירכן־גלאָקן ........ 66

אַ געזאַנג צו קעמפֿעריגס ........ 67

די שבֿועה ........ 68

אָפּט מאָל ........ 69

דער צייכן ........ 70

צו מיין דור ........ 70

דער מאַראַן ........ 71

די צויבערין ........ 72

די וואַנט ........ 74

דער פֿאַרלאַנג ........ 76

אייביקע זוכערס ........ 76

אויפן ניל ... 77
פסח ... 78
שפוך חמתך ... 78
אין אונדזער לאַנד ... 79
דאָס נייע ליד ... 80

עמעצער קומט ... 81

אויפן וואַסער ... 82
אין די ווייטסטע לענדער ... 82
צוויי וועגן ... 84
אַפּשייד ... 85
עס דאַכט מיר ... 85
ס'איז טייער ... 86
אין מיינע אָדערן ... 86
צום לעבן ... 87
אַ תּפילה ... 87
פון דער היים ... 88
נייע קוואַלן ... 89
ווי שיפן ... 90
דאָך איך גלייב ... 91
דער ענטפער ... 91
איך האָב ליב ... 92
מיר דאַכט זיך ... 93
פאַרגעבונג ... 93
שטיל און אומעטיק ... 95
דיינע אויגן ... 95
אומעטיק ... 96
איך ווייס ... 97
דו ביסט געווען ... 97
דאָס נייע ליבעליד ... 98
מיין געליבטע ... 98
ווער עס האָט ... 99
עלנט ... 99
זיי זיינען נישט ווערט ... 99
דורות פון דער צוקונפט ... 100
פון הי צי פון ווייט ... 100

ניגונים אויף די ביימער ... 101

אין יענע צייטן ... 102
צום רעגנדל ... 102
טעותן־לידער ... 103
ווילן ... 103
מיין ליד ... 103
עס פלעכט זיך ... 104
נעמען ... 105
דערפאַר ... 105
די יונגע לערערין ... 106
צום מזל ... 107
דאָס נאָנטע ... 108
די פרילינגזון ... 108
די אַלטע קשיא ... 109
מיין שפּילן ... 109
שטימען ... 110
דאָס בוך פון לעבן ... 112
אַלץ וואָס דו זאָלסט וועלן ... 112

יעדערן שלום אָפּגעגעבן ... 113

פּרצעס הויז ... 114
טרויער און פרייד ... 116
צו אַ דיכטער ... 116
היינט ... 117
פאַרגענגערס ... 117
טרויעריק קוק איך ... 118
פון דאַנען ... 119
פון דער ווייטער היים ... 120
אין ארץ־ישראל ... 121
ניט פאַרגעסט! ... 121

גבורט ........ 122
דער נייער מענטש ........ 123
מען בויט ........ 123
די נייע פראַגע ........ 124
דער טאַנץ ........ 125
אין יענע טעג ........ 127
באַנייטע היים ........ 128
אַלס יינגל ........ 128
דער אורח ביים סדר ........ 129
די אַלטע הגדה ........ 131
ירושלימער ייִדן ........ 131
נאָך גרינס ........ 132
חנוכה ........ 132
לעבן ווילט זיך ........ 134
אַ טאָג ........ 134
אַהיים צו מיר ........ 135
ווען כ'צינד די ליכטלעך ........ 135
אַמאָליקע טעג ........ 137
דער פרייער ים ........ 137
זינג, נשמה ........ 138
אין מיט ........ 139
יידיש ........ 140

דערציילונגען: אויף שטילע וועגן ........ 141

עס שאָקלט זיך ........ 142
די לבנה ........ 144
די דערציִונג ........ 147
דריי שונאים ........ 152
פאַרלוירן דאָס קול ........ 158
לייכטערס ........ 168
דער אַמאָליקער סאָציאַליסט ........ 175
דאָס פאַרקערטע לעבן ........ 180

יום־טובֿ און וואָך ........ 185

אָרעמע מצה ........ 186
גבירישע מצה ........ 195
אַ פסחדיקער טאַטע ........ 207
דער וואַלד אין שטוב ........ 213
די גרויסע סוכה ........ 216
פאַרשפּעטיקט ........ 224
דער ייִד וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם טעמפּל ........ 234

מיט פאַרליבטע אויגן ........ 139

אייזן ........ 240
אַן איבעריקער מענטש ........ 247
די ירושה ........ 250
צוויי פריינד ........ 255

זכרונות ........ 259

יִדישע און העברעיִשע צייטונגען אַרום דער רעוואָלוציע פון 1905 .... 260
די ערשטע יִדישע שפּראַך־קאָנפערענץ ........ 275

צו דער כאַראַקטעריסטיק ........ 289

נח פּרילוצקי — אַברהם רייזען און די יִדישע אָרעמקייט ........ 290
ל. פיינבערג — אַברהם רייזען ........ 292
א. אַלמי — אַברהם רייזען פּערזענלעך ........ 294
ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — אַברהם רייזען און זיין צייט ........ 297
יעקב גלאַטשטיין — דער אַלטער אַברהם רייזען און דער נייער אַברהם רייזען 301
יעפים ישורין — אַברהם רייזען־ביבליאָגראַפיע ........ 307
ש. ר. — נאָכבאַמערקונגען ........ 317

## מוזיק


| פון | צום ליד | |
|---|---|---|
| סידאָר בעלאַרסקי . | איך און די וועלט ........ | 27 |
| משה א. בערנשטיין | צום העמערל ........ | 35 |
| פאָלקסמאָטיוו | מאַי קאָ משמע לן? ........ | 41 |
| מיכל געלבאַרט . | מלחמה ........ | 45 |
| פאָלקסמאָטיוו | אַ ווינטערליד ........ | 51 |
| מיכל געלבאַרט . | צווייערליי צער ........ | 52 |
| סידאָר בעלאַרסקי | דו פרעגסט ........ | 54 |
| מיכל געלבאַרט . | דאָס געבעט ........ | 64 |
| פאָלקסמאָטיוו | די קירכן־גלאָקן ........ | 66 |
| ש. בוגאַטש . | דער מאַראַן ........ | 71 |
| פאָלקסמאָטיוו | די וואַנט ........ | 75 |
| מיכל געלבאַרט , | אויפן ניל ........ | 77 |
| פאָלקסמאָטיוו | אין די ווייטסטע לענדער ........ | 83 |
| מיכל געלבאַרט . | ראָס נייע ליד ........ | 80 |
| | נייע קוואַלן ........ | 89 |
| מיכל געלבאַרט | פאַרגעבונג ........ | 94 |
| לאַזאַר ווײנער | אומעטיק ........ | 96 |
| סאָלאָמאָן גאָלוב | פון דאַנען ........ | 119 |
| סאָלאָמאָן גאָלוב | חנוכה ........ | 133 |
| פאָלקסמאָטיוו | אַהיים צו מיר ........ | 135 |
| מ. ל. ליפשיץ , | ווען כ׳צינד די ליכטלעך ........ | 136 |
| א. וו. בינדער | זינג, נשמה, זינג ........ | 138 |

# ביאָגראַפישע שטריכן

רייזען איז אַ רייכע פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור. אַברהם, שרה, זלמן. זייער פאָטער, קלמן, אַ סוחר וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ שרייבער. די מאַמע, קריינע, האָט זיכער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די קינדער, זייער כאַראַקטער און גאַנג אין דער ליטעראַטור: אַן איידעלע געווען, פרום, ווייכהאַרציק, אַריינגעטאָן אין ספרים, און טאָלערירט דעם מאַן דעם



אַברהם רייזען צו די 75 יאָר

פריידענקער. ביידנס כאַראַקטער־שטריכן
זיינען דאָ אין די גערעכטע קינדער:
אידעאַליזם און ליבשאַפט צו העכערע
ענינים און מענטשן.

•

געבוירן אין קוידענאָוו 10טן אַפּריל 1876, פּרובירט א. ר. שוין צו די 9 יאָר שרייבן. לערנט גמרא און איינצייטיק רוסיש, דייטש, אַלגעמיינע לימודים.

קוידענאָוו איז געווען זייער אַ גרוי און אָרעם שטעטל. דאָס יונגע יינגל ווערט אַ לערער, האַלט זיך אויס פון אָרעמאַנסקע לעקציעס. אברהם באַקענט זיך מיט די שאַפונגען פון מענדעלע, שלום עליכם, ספּעקטאָר, קריגט ליטע־ראַטור ביי פּאַקנטרעגערס; לייענט רו־סישע ביכער, איבערזעצונגען פון פרעמדע ליטעראַטורן — ווערט שנעל היימיש מיט אייגענע און פרעמדע. נאָך איידער ער דרוקט זיך שרייבט ער זיך איבער מיט די שוין דעמאָלטיקע גדו־לים, פּרץ און דינעזאָן. אין זייער ער־שטן זאַמלבוך, די יודישע ביבליאָטעק, דעבוטירט ער טאַקע אין 1891.

•

ביי ר. שטאַרבט די מאַמע. די היים ווערט אויס היים. פּרוווט ער מזל אין שכנותדיקע שטעטלעך, שפּעטער אין מינסק. איז לערער. די פּריוואַטע לעק־ציעס גיבן אים די מעגלעכקייט צו באַ־קענען זיך מיט מענטשן פון פאַרשיי־דענע קרייזן, ספּעציעל משכילים, עקס־טערנס. צווישן זיי טרעפט ער די פּיאָ־נערן פון דער סאָציאַליסטישער און אַר־בעטער־באַוועגונג. דאָס ווירקט אויף זיין שאַפן. זיינע לידער און דערציילונ־גען פאַרנעמען זיך מיט די נויטליידנ־דיקע, עלנטע, הילפלאָזע, וועלכע חלו־מען פון בעסערע צייטן, רופן־אַרויס רחמנות אָדער ווידערגעפיל צו די אונ־טערדריקערס. צו דעם געמיט שפּילט־צו זיין פּערזענלעך שווער לעבן. אַוועק די־נען אין 1895, האָט ער די ערשטע צייט דורכגעמאַכט אַ שווער קאַזאַרמע־לעבן. ערשט ווען ר'איז געוואָרן אַ מוזיקער אין מיליטערישן אָרקעסטער, איז אים געוואָרן גרינגער. נאָר אַפילו זייענדיק זעלנער, שרייבט ער זיך צונויף מיט שרייבערס און דרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס, לייענט אַ סך.

געענדיקט דינען, וואַרפט זיך א. ר. צו שאַפן אַן אייגענע טריבונע פאַר לי־טעראַטור, וואָס זאָל זיין אַ המשך פון פּרצעס יום־טוב־בלעטלעך, ווו ער זאָל קענען אַרויסברענגען דעם געדאַנק, אַז יודיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך. מאָבי־ליזירט פאַר דעם היפש שרייבערס. גיט־אַרויס דאָס זאַמלבוך דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט, וואָס איז דער אָנהייב פון אַ גרויסער צאָל. צווישן זיי טיילט זיך אַרויס אייראָפּעישע ליטעראַטור. זוכנ־דיק אַריינצוברענגען שאַפונגען פון דער גרויסער וועלט, זעצט ער אַליין אויך איבער פון דער אַלט־העברעישער לי־טעראַטור, אַ טענדענץ וואָס ווערט ביי אים קענטיקער זינט דער ערשטער יידי־שער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָ־וויץ (1908), פון וועלכער ער האָט גע־שעפּט באַגייסטערונג פאַר זיין ווייט־טערדיקן שאַפן און קאַמף.

•

דער נאָמען א. ר. ווערט גיך באַרימט.

זיין מיטאַרבעט אין דער ערשטער יידי־שער צייטונג דער פריינד (1903) צעק־קלינגט זיין נאָמען ווי אַ פּאָעט און דערציילער. אין 1904, כדי נישט גיין אין קריג, פאַרלאָזט ער רוסלאַנד און פון דעמאָלט הייבט זיך אָן זיין אַרומ־פאָרן איבער דער וועלט. געווען אין ווין, פּאַריז, לאָנדאָן א״אַ וועלטשטעט. אין 1908 — אין ניו־יאָרק, צוריקגע־קומען, זיך באַזעצט אויף אַ שטיקל צייט אין קראָקע, דאָ אַרויסגעגעבן די זשורנאַלן דאָס יודישע וואָרט (האָט דערצערנט די קעגנערס פון יודיש) און קונסט און לעבן. אין ווילנע און וואַרשע צעוויקלט ער אַ רייכע ליטע־ראַרישע אַרבעט, דרוקט זאַמלונגען פון זיינע לידער און דערציילונגען. פּאָרט־צוריק קיין נ״י, וווּ ער גיט־אַרויס אין 1911 דאָס נייע לאַנד, אַ שיינע ליטע־ראַרישע שריפט מיט הייסער ליבשאַפט צו יידיש. פּאָרט־צוריק, קומט אין וואַרשע, ווינט אין אַנדערע שטעט, נאָר באַזעצט זיך דעפיניטיוו, אין 1914, אין ניו־יאָרק. דאָ שטייט ער אין צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור־און קול־טורוועלט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. זיין יובל, אין 1926, איז גע־פייערט געוואָרן ענטוזיאַסטיש אין דער גאַנצער וועלט. אַ. ר. באַזוכט דע־מאָלט ראַטן־פאַרבאַנד און זיין רייזע איז אַ טריומפצוג. ער קומט אָבער צו־ריק און קערט זיך אָפּ אין 1928 פון יענעם לאַגער, און ווערט דער מיט־גרינדער פון אַלע קולטור־אָרגאַניזאַ־ציעס מיט אַ קאַטעגאָרישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ספּעציעל פון קולטור־קאָנ־גרעס.

*

אַ. ר. איז געשטאָרבן דעם 31סטן מאַרץ 1953.

## אַברהם רייזענס שאַפן אין בוכפאָרעם

1) אַ כפּרה דער נאָז, אָבי אַ גאָלדענער דייגער מיט 300 רו״כ, אַ בילד פון אַ יידישן שידוך, 1892, ווילנע, 32 זז׳.
2) די יידישע טרער, עלעגיע אויף דעם טויט פון הרב הגאון ר׳ יצחק אלחנן ז״ל, 1896, ווילנע, 19 סטראָפן.
3) צייט־לידער, 1901, וואַרשע, 48 זז׳.
4) דערציילונגען און בילדער, וואַרשע 1903.
5) יודישע מאָטיוון, 1905, ווין, 64 זז׳.
6) לידער פון לעבן, 1905, וואַרשע, 95 זז׳.
7) געזאַמלטע לידער, ב׳ 1, 1908, וואַרשע, 288 זז׳.
8) מענטשן און וועלטן, ב׳ 2, וואַרשע 1908.
9) נייע דערציילונגען, ב׳ 1, די אַלטע וועלט, וואַרשע 1910.
10) נייע דערציילונגען, ב׳ 2, יונגוואַרג, וואַרשע 1910.
11) שריפטן פון אברהם רייזען, ב׳ 3, געשטאַלטן, וואַרשע 1910.

12) נייע ווערק, ב׳ 1, דערציילונגען ווארשע, 1910, 228 זז׳.
13) נייע ווערק, ב׳ 2, לידער, 1911, וואַרשע, 159 זז׳.
14) נײַע דערציילונגען, 1 — די אַלטע וועלט; 2 — יונגוואַרג, וואַרשע 1912 (צווייטע אויפלאַגע).
15) אַלע ווערק, אין 12 בענד, ב׳ 1 — דערציילונגען, ניו־יאָרק 1912.
16) אָוונט־קלאַנגען, נײַע לידער־זאַמלונג, 1911־1913.
17) די איבערגעבליבענע, און אַנדערע דערציילונגען, 1914.
18) נײַע ווערק, דערציילונגען, ב׳ 3 (נײַע זאַמלונג), פּרעמיע צום „מאָמענט״, וואַרשע 1914.
19 געזאַמלטע שריפטן, 14 בענד, 3,518 זייטן, נ״י 1928־1933.
20) הומאָרעסקן־בוך (1916־1920), נ״י 1920, 256 זז׳.
21) 50 לידער, אַ מתנה די קינדער פון די יידישע שולן, אַרויסג׳ צום 50יאָריקן יובילײ דורכן „שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט״, נ״י 1926, גרויסער פאָרמאַט, אילוסטרירט.
22) דערציילונגען, ביבליאָטעק יידישע שרײַבער, קיִעוו 1929.
23) זאַמלונג פון לידער און דערציילונגען, ווייסרוסלענדישער מלוכה־פאַרלאַג, מינסק 1929.
24) אין אַמעריקע, דערציילונגען, מאָסקווע 1929.
25) פּאָרטרעטן, דערציילונגען, מאָסקווע 1929.
26) געקליבענע לידער, היימישע אידיליעס.
27) עפּיזאָדן פון מײַן לעבן, 3 בענד ווילנער פאַרלאַג, 1929.
28) ניו־יאָרקער נאָוועלן, 380 זז׳, 1929.
29) נײַע לידער, 370 זז׳, 1929.
30) נויט, נאָוועלן און סקיצן, כאַרקאָוו 1930.
31) פון צוויי היימען, „קינדער־פריינט״, וואַרשע 1935, און 1936 די 2טע אויפלאַגע.
32) צען לידער, מוזיק פון ליפּאַ פײַנגאָלד.
33) געקליבענע דערציילונגען און לידער, שול־אויסגאַבע צום 70יאָריקן יובילײ, צונויפגעשטעלט און פאַרטײַטשט פון יודל מאַרק, נ״י 1947.
34) לידער צום זינגען, אַ מתנה מײַנע פרײַנד פרײַנט, אַרויסגעגעבן פון אַ. רייזען־יובל־קאָמיטעט, נ״י 1947.
35) די לידער פון אברהם רייזען, 1891־1951, מיט אַ פאָרוואָרט פון מחבר, נ״י תשי״ב—1951.
36) דערציילונגען, ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק פון קולטור־קאָנגרעס, 1952, נ״י, 320 זז׳.
37) אויסגעוויילטע ווערק, ב׳ 1, וואַרשע 1955, פ׳ „יידיש בוך״, 408 זז׳.
38) אויסגעוויילטע ווערק, וואַרשע 1964, פ׳ „יידיש בוך״, 464 זז׳.

# אברהם רייזען דער פֿאָלקסדיכטער און דער לייכטער דיכטער מיט טיפֿע כוונות

## ווען לייענערס לערנען קריטיקערס

אַבֿרהם רייזען, וועלכער איז אפֿשר דער לײַכטסטער יִדישער פּאָעט, האָט אַ שווער לייענען געהאַט בײַ אונדזער ליטעראַרישער קריטיק.

בעת די פֿאָלקסמאַסע האָט אים גלײַך בײַם אָנהייב אויפֿגעכאַפּט ווי אַן אבֿן טובֿ, האָבן אונדזערע קריטיקערס מיט עסטעטישע און אַקאַדעמישע פֿאָדערונגען אים מינדערגעשאַצט אָדער פֿאַרשוויגן. אונדזער גריבלערישסטער קריטיקער, פֿאַר וועמען עס איז שוין אין 1908 קלאָר געווען, אַז „אַבֿרהם רייזען איז דער דיכטער פֿון פֿאָלק", זאָגט אָן צערעמאָניעס, אַז „רייזען איז דאָך ניט מײַן פּאָעט — פֿאַר מיר איז אין זײַן סידור קיין תּפֿילה ניטאָ, ניט פֿאַר מיר, ניט פֿאַר אונדז, פֿאַר אַ סך פֿון אונדז, אינטעליגענטן" [1]. דער מער באַלעבאַטישער קריטיקער באַהאַלט נישט אויס, אַז „זייער אָפֿט ווערט מיר געמאַכט די באַשולדיקונג, פֿאַר וואָס מײַד איך אַזוי האַרטנעקיג אויס אַזאַ ליטעראַרישע פערזענלעכקייט ווי אַ. רייזען", כאָטש „שוין דאָס אַליין, וואָס אַ. רייזען געהערט צו די באַליבטסטע פֿאָלקספּאָעטן און דערציילערס, איז שוין גענוג, אַז דער קריטיקער זאָל זיך ערנסטער מיט אים אָפּגעבן" [2].

אַ סך יאָרן האָט אָנגעהאַלטן אַזאַ באַציִונג פֿון אונדזערע געשוווירענע קריטיקערס צו רייזענען. ער איז בלי שום ספֿק פֿון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע יִדישע פּאָעטן בײַם אָנהייב פֿון 20סטן יאָרהונדערט. ווער עס מיינט, אַז דאָס איז ווײַל „אַבֿרהם רייזען באַזינגט

---

[1] ש. ניגער — „קנייטשן", ליטעראַרישע מאָנאַטשריפֿטן, ב' 3, ווילנע 1908, קאָלומס 81 און 78.

[2] בעל־מחשבות — געקליבענע שריפֿטן, באַנד 3, וואַרשע 1929, ז' 95.

די נויט, די איינפאַכע נויט" [3], צי ס'איז דערפאַר ווײַל „רייזען איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפונען יענע באַהאַלטענע צניעות־דיקע סענסיביליטעט פון דעם ייִדישן פאָלקסליד און קיין איין וואָרט האָט ניט געריסן דאָס אויער" [4]. ווײַל אַפילו ווען ס'איז ריכטיק, אַז „אַבֿרהם רייזען איז אפשר ניט דער באַגאַבטסטער, נאָר געוויס דער גאַנצסטער פאָרשטייער פון דער גרופּע דעמאָקראַטישע אָדער געזעל־שאַפטלעכע פּאָעטן", איז „רייזענס ליד אונדז טײַער דערפאַר, ווײַל עס איז נישט פּראָסט און ניט המוניש, אינטים און ניט סענטימענ־טאַל, ווײַל זי מאַכט ניט קיין אָנשטעל, חכמהט זיך ניט און וויל ניט באַווײַזן קיין קונצן" [5]. די אַלע מיינונגען האָבן נישט געענדערט די באַציִונג פון דער ליטעראַטור־קריטיק מיט אויטאָריטעט. אַזוי אַ סך יאָרן.

ערשט ווען עס האָבן אָנגעהויבן ווירקן ליטעראַטור־קריטיקערס מיט מאָדערנער סענסיביליטעט, דווקא ווען די ייִדישע פּאָעזיע איז שוין געווען מער פאָרגעשריטן, ראַפינירט, פאַרטיפט, האָט מען זיך אָנגעהויבן אַרומזען, אַז דער ליבּטער אַבֿרהם רייזען איז גאָר נישט געווען אַזוי פלאַך ווי אונדזערע מאַעסטראָס פון דער קריטיק האָבן געמיינט. און נאָך גרעסער איז געווען דער טעות, אַז אַבֿרהם רייזען איז געבליבן בײַ דעם, מיט וואָס ער האָט אָנגעהויבן. נישט ריכטיק, אַז רייזען איז שטיין געבליבן בײַ דער שוועל פון יוגנט. „די שאַרפע, אומברחמנותדיקע קריטיק האָט מיט אירע פײַלן נישט געטראָפן אונדזער באַליבטן דיכטער און איז געבליבן הײַנט צו טאָג בלויז אַ קאָמישער עפּיזאָד" [6].

---

[3] י. ל. פּרץ — „אַבֿרהם רייזען", יאָר 1903, אין 10טן ב' די ווערק, נ"י 1920, ז' 285.

[4] דוד איינהאָרן — „אַבֿרהם רייזען", די צוקונפט, נ"י 1946, ז' 772.

[5] יעקב פיכמאַן — „די ייִדישע ליריק", די ייִדישע מוזע, וואַרשע 1911, ז' 21 און 22.

[6] גרשון פּלודערמאַכער — „ווער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט אַ. רייזענען", ליטעראַרישע בלעטער ג' 624, וואַרשע 1936.

נישט אומזיסט — פֿאַרצייכנט אַבֿרהם רייזענס שוועסטער — האָט „זייער וואַרעם, התלהבֿותדיק וואַרעם זיך אָפּגערופֿן שלום עליכם אויפֿן ברודערס שאַפֿונגען״ 7. און „ס׳איז געוויס נישט קיין צופֿאַל — איז זיך מודה אַ ייִנגערער פּאָעט — וואָס אין די ערשטע לידער מײַנע האָב איך זיך שטאַרק באַמיט אים נאָכצומאַכן״, ווײַל „עס איז מיר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן רייזענס קורצקייט און, דער עיקר, זײַן אויסלאָז פֿון ליד, וואָס פֿלעגט טרעפֿן אין פּינטל אַרײַן״ 8. און נישט אומזיסט איז דער צוזאַמענקנופּ פֿון די פֿיר נעמען, פּרץ, אַש, נאָמ-בערג און רייזען, געפֿלויגן ווי אַ צויבער-טעפּיך איבער די פֿאַר-וואָלקנטע הימלען פֿון די געדיכטע ייִדישע ישובֿים״ 9.

דער ברייטער עולם, וואָס האָט זיך געקוויקט מיט רייזענס לידער, האָט געשטעלט דעם האַרבן קריטיקער אין אַ פֿאַרלעגנהייט. געצוווּנ-גען זיך צו פֿאַרטראַכטן און איבערטראַכטן. און דער צעבייזערטער עסטעט, וועלכער האָט געזאָגט, אַז „אין זײַנע ליטעראַרישע אַרבעטן זעען מיר קיין מאָל נישט דעם נײַעם ייִד, וועמען ס׳איז שוין מיאוס געוואָרן דאָס אייביקע לידל פֿון רחמנות״, זאָל גאָר אַ זאָג טאָן, „אפֿשר זײַנען מיר נישט גערעכט קעגן רייזענען — איך מיין אַפֿילו, אַז מיר זײַנען אַוודאי אומגערעכט קעגן אים״ 10 ...און אַפֿילו דער למדנישער קריטיקער האָט אין יאָרן אַרום, אַנשטאָט צו זוכן „קנייי-טשן״, גאָר פֿעסטגעשטעלט, אַז „אַבֿרהם רייזען איז געווען איינער פֿון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער ייִדישער פּאָעט אין 19טן יאָרהונדערט, וואָס — אין איינעם מיט סאָציאַל-נאַציאָנאַלע לידער — האָט ער זיך פֿאַרגונען צו שרײַבן פֿערזן, ווו עס האָט אים, פּשוט, דאָס האַרץ געקלעמט און אַ טרער אין אויג האָט געציטערט״ 11...

7 שרה רייזען — „אַבֿרהם רייזען, דעראינערונגען פֿון זיין קינדהייט און יוגנט, צום 20יעריקן יובילײ פֿון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, פּנקס, ווילנע 1913, קאָלום 200.

8 דניאל טשאַרני — באַרג אַרויף, ריגע 1934, ז׳ 241.

9 מאַרק שוויד — טרייסט מיין פֿאָלק, נ״י 1955, ז׳ 271.

10 בעל־מחשבות — ד״ה, ז׳ 96.

11 ש. ניגער — „אַבֿרהם רייזען״, די צוקונפֿט ב׳ 51, נאָוועמבער 1946,

די לויטערע פֿאַרערונג פֿון לייענער האָט באַוויזן דעם קריטי־קער צו רעווידירן זײַנע מיינונגען. און דער קריטיקער האָט געלערנט פֿון לייענער.

ווײַל דאָך דער שרײַבער, אַז דער לייענער זאָל זײַן אַ שותּף צום ווערק! ווינטשט דאָך דער קריטיקער, אַז דער לייענער זאָל פֿאַרזעצן דעם פּראָצעס פֿון שרײַבער. און ווײַל איז צו דעם שרײַבער, וועלכער אינספּירירט דעם לייענער ווײַטער אַרײַנצוטראַכטן אין דעם ווערק, וואָס ער האָט ליב באַקומען. און ווײַל איז דעם ווערק, אין וועלכן דער לייענער זוכט און געפֿינט כּוונות, וואָס זײַנען צו מאָל דאָרטן נישטאָ... נאָר אמתע קינסטלערס און אמתע קונסטווערק האָבן אַזאַ זכיה.

אונדזערע האַרבסטע קריטיקערס, וועלכע זײַנען געווען צו שטרענג צו אַבֿרהם רייזענען, האָבן ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז זיי האָבן לכל־לפּחות נישט דערזען, אַז ווי אַ רייַנער ליריקער איז אַבֿרהם רייזען „געווען איינער פֿון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער ייִדישער פּאָעט אין 19טן יאָרהונדערט".

## דער דיכטער פֿאַר דער צײַט און די צײַט פֿאַר דעם דיכטער

איינער פֿון די פּאַראַדאָקסן אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז צו מאָל דאָס, וואָס רייזען — „אפֿשר דער איכישסטער דיכטער וואָס מיר האָבן"[12] — איז אַ סך יאָרן אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ דיכטער פֿון דער מאַסע. ער איז אין די אויגן פֿון כּלל ממש אויפֿגעלייזט געוואָרן אין די אינטערעסן פֿון דער פֿאָלקסמאַסע. און מען האָט אים אָנגענומען פֿאַר דעם בעסטן מוסטער פֿון אַ פֿאָלקספּאָעט, הגם אין זײַנע פֿערזן איז אָפֿט פֿאַראַן אַזאַ געשליפֿנקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש נאָר און בלויז פֿאַר אינדיווידואַליזירטער ליריק.

די דאָזיקע אָנגענומענע מיינונג קומט פֿון דעם, וואָס אַבֿרהם ריי־

[12] משה נאַדיר — מיינע הענט האָבן פֿאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט, נ"י 1919, ז' 38.

זען האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער פּאָעזיע די אַקטועלסטע מאָטיוון פֿון סאָציאַלן געראַנגל אין זײַן צײַט. די מאַסע איז געווען נידערגעשלאָגן און די לאָזונגען האָבן גערופֿן צום קאַמף קעגן שונ־אים, וועלכע האָבן אויסגעזעצן ווי נישט צום באַזיגן... נאָר יחידים האָבן כּוח געהאַט צו רופֿן צום קאַמף, קעגן אַלע שטראָמען...

די סבֿיבֿה, ווי די צײַט, פֿון וועלכער אַבֿרהם רייזען איז אַרויס־געקומען — ביידע האָבן מוראדיק געדריקט דעם יונגן דיכטער און געשטערט, ער זאָל נישט לאָזן פֿרײַ זינגען דעם ליריקער. דאָס איז געווען אַ צײַט, ווען אַפֿילו אונדזער גרעסטער הומאָריסט האָט גע־שריבן: מען פֿרעגט מיך, וואָס איך וויין? וואָס באַדײַטן מײַנע טרערן? [13] אַ יאָר נאָך דעם, אין 1885, שרײַבט דער 9יאָריקער רייזען אין זײַן ערשטן ליד:

ווער פאַרשטייט נאָר און ווייס,
ווי דעם אָרעמאַן איז שלעכט —
ער האָרעוועט מיט שווייס,
ער שלאָפֿט נישט קיין נעכט.

אויף זיין ביטערן מזל
טוט ער, נעבעך, קלאָגן,
וואָס ער איז פאַרגעסן פון אַלע
און טוט נאָך צרות טראָגן.

אין 1899, ווען ער קומט־צוריק פֿון זײַן קוידענאָוו, ווערט זײַן גוט געמיט ווידער געשלאָגן, ווײַל:

ווייניק נחת, ליבעס שטעטל,
האָב איך איצט אין דיר געפונען,
פון אַמאָל דיין חן, דיין ביסל,
איז שוין אויך פון לאַנג צערונען.
כ׳האָב געבענקט נאָך דיר פון ווייטן,
כ׳פלעג אויף דיר דאָרט וואַרטן, האָפן —
אָר׳מער, טויטער, ווי געלאָזן,
האָב איך איצטער דיך געטראָפן [14]!

דער ווייכהאַרציקער אַבֿרהם רייזען פֿילט אין דער דאָזיקער אַט־מאָספֿערע, ווי:

---

[13] אין יודישעס פאָלקס־בלאַט נ׳ 29, פּעטערבורג 25 יולי 1884.
[14] פון דער אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע מיין צוריקקער אַהיים.

... מיין לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט:
ווערן ווערט עס ניט פאַרלאָשן,
ברענען האָט עס נישט קיין קראַפט.

אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע דערשפירט אין זיך אַבֿרהם רייזען, אַז ער איז קודם־כל מחויבֿ צו זײַן אַ שליח־ציבור, לאָזן הערן דעם צער און ווי פון כלל, פון די מענטשן וועלכע זײַנען „געגליכן צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט", פון קלויזניק, פון דער מאַסע יונגע לײַט, וועלכע די צײַט צווינגט צו פרעגן איין מאַי קאָ משמע לן נאָכן אַנדערן... וואָס וועט זײַן? וואָס וועט פון אונדז ווערן? מיט וואָס קען זיך דאָס ענדיקן? וואָס קען פון דעם אַרויסקומען?

דער איך־דיכטער אַבֿרהם רייזען שלאָגט־אָן אין די כלל־נויטן, און פון דעם, וואָס בײַ אַנדערע איז אַרויסגעקומען אַגיטאַציע־ און פּראָקלאַמאַציע־שטאָף, איז בײַ רייזענען אַרויסגעקומען רירנדיקע פאָלקס־פּאָעזיע. „מאַי קאָ משמע לן?" איז בלי שום ספק צו ראַפינירט פאַר פאָלקס־פּאָעזיע. און „אַ געזינד זאַלבע אַכט" איז אַוודאי צו ראַפינירט אויף צו פאַררעכענען דאָס צו פאָלקס־פּאָעזיע, הגם ער רעדט אַזוי פּרימיטיוו...

רייזען, וואָס „לויט זײַן גאַנצן כאַראַקטער האָט ער זיך פון דער ערשטער געשריבענער שורה זײַנער אינטעגרירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, מחמת אַבֿרהם רייזען איז געווען דאָס פאָלק, דאָס פאָלקסטימלעכע ייִדישע פאָלק", אַ מענטש וועלכער „האָט געקענט ליב האָבן זאַכן און מענטשן אַזעלכע, וואָס ער האָט אַפילו נישט ליב געהאַט" [15], האָט אין אַ מאָדנעם קלעם זיך געפונען. וואָס גרעסער עס איז געווען זײַן שם פון פאָלקסדיכטער, וואָס מער זײַנע לידער פון רחמנות און אָרעמקייט האָבן באַגײַסטערט די פאָלקסמאַסע, אַלץ טיפער איז אין אים געוואַקסן די אומצופרידנקייט, הלמאי מ׳האָט

[15] מלך ראַוויטש — „דער וווּנדערלעכער אַבֿרהם רייזען", די פּרעסע, ב"א, 21 אַפּריל 1963.

אים צוגעשריבן אַזוי פֿיל זכות פֿון פֿאָלק און אַזוי ווייניק זכות פֿון פּאָעט...

ביי זיין גאַנצן וועלטרום האָט אַבֿרהם רייזען זיך געפֿילט אַ באַ־עוולטער. „פֿאָלקספּאָעט האָט מען איינגעוויקלט אין אַ מאָדנעם ווי־קעלע — האָט ער אַליין דערקלערט ביים מאַכן אַ סך־הכּל פֿון זיין גאַנצן שאַפֿן — מען מיינט אייגנטלעך מיט דעם צו זאָגן „גאָס־פּאָ־עזיע". אַז מען זאָגט, למשל, וועגן וואַרשאַווסקין, אַז ער איז געווען אַ פֿאָלקספּאָעט, קריוודעט מען אים. דאָס הייסט ניט, אַז דאָס וואָרט „פֿאָלק" קימערט מיך. פֿאַרקערט. איך בין פֿון פֿאָלק, לעב מיטן פֿאָלק, בתוך עמי אָנֹכי יושבֿ. וואָס בין איך מער יחסן פֿון פֿאָלק? יעדער אמתער פּאָעט האָט פֿאָלקסמאָטיוון. „קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדן טיר, מיין זיס לעבן, עפֿן מיר" זיינען גאָלדענע ווערטער, גרויסע פּאָעזיע, הגם פֿאָלקסליד" [16]...

רייזען האָט געפֿילט, אַז מען האָט אין אים צו פֿיל געזען דעם שליח און ציבור, אָבער צו ווייניק באַמערקט דאָס פּאָעטישע, וואָס איז אין דער אמתן זיין גרעסטער אויפֿטו. והאָ ראַיה: ווען די טעמאַ־טיק פֿון קלויזניק האָט אָנגעוווירן איר אַקטואַליטעט און דער דלות פֿון קליינעם אָפּגעשטאַנענעם שטעטל איז אַרויס פֿון דער מאָדע, און אויפֿן אָרט פֿון דיכטערישן פּרימיטיוו איז געקומען דער פּאָעט מיט אינטעלעקטועלע פּראָזשעקציעס, היסטאָרישע באַלאַנסן און סאָציאַ־לע ווי נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע מאַנונגען, איז פֿאַרקלונגען גע־וואָרן אַבֿרהם רייזענס צאַרט קול פֿון עכטן ליריקער. און מען האָט נישט באַמערקט, אַז די צייט האָט נישט צוגעדינט דעם דיכטער, וועלכער איז זיך מקריבֿ געווען פֿאַר דער צייט — — —

עס האָט נישט געהאָלפֿן, וואָס דער שאַרפֿזיניקער פֿיינשמעקער האָט ביי צייטנס געזופֿן די אויפֿמערקזאַמקייט, אַז „רייזען איז אפֿשר דער גרעסטער גרויסשטעטלער אין דער ייִדישער ליטעראַטור: צווישן די עלטערע ייִדישע דיכטערס איז רייזען אפֿשר דער ערשטער, ווע־

[16] יעקב פּאַט — שמועסן מיט יודישע שרייבערס, נ"י 1954, ז' 270.

מענס שרײַבן האָט זיך פֿעסט אָפּגעריסן פֿון דעם תּלמודישן שטייגער פֿון מאָראַליזירן, פֿון שטראָפֿן, פֿון מוסרן", און „רייזען געפֿעלט די לייענערס, אָבער נישט דערפֿאַר ווײַל ער איז אַ גרויסער דיכטער, נאָר כאָטש ער איז אַ גרויסער דיכטער" [17].

עס הייבט־אָן קלאָר ווערן, אַז כאָטש רייזען איז אַ לײַכטער דיכטער, כאָטש אַ סך לידער זײַנע קלינגען ווי פֿאָלקסלידער, זײַנען זיי גאָר נישט פֿלאַך, נאָר פֿאַרקערט: אונטער די לײַכטע ווערטער, לײַכטע זאַצן, לײַכטע בילדלעך, לײַכטע געדאַנקען, וואָס אַלע, אַלע פֿאַרשטייען, איז שטענדיק דאָ עפּעס, וואָס רופֿט נאָכצוטראַכטן, איבערצוטראַכטן... דאָס האָט מען ערשט שפּעטער אָנגעהויבן באַמערקן. „אויף רייזענס מזל איז אויסגעפֿאַלן אַ גורל, וואָס איז שוין אָפֿט געווען דער גורל פֿון גרויסע קינסטלערס: זייער אייגענע צײַט האָט זיי אַמוויי־ניקסטן פֿאַרשטאַנען און זייערע נאָענטסטע זײַנען געבליבן די ווײַטסטע פֿון זיי... רייזען איז אַזוי נאָענט געווען דעם פֿאָלק און איז אַזוי פֿרעמד געבליבן דער קריטיק דערפֿאַר, ווײַל ער איז גאָר ניט קיין „ליטעראַטור" — ער איז וויניקער און מער ווי ליטעראַטור" [18]...

אין אַ האַרבן לשון פֿון אַן אַקאַדעמישן קריטיקער קען מען זאָגן: „רייזענס אינהאַלט און פֿאָרעם זעען־אויס, פֿון אויבן אויף, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך און איינפֿאַך; דער דאָזיקער אײַנדרוק איז אָבער אַ פֿאַרפֿירערישער; בײַם אָפּגעבן זיך חשבון ווערט קלאָר, אַז מען איז געווען אין אַ צושטאַנד פֿון אַ ווײַטער און העכערער אומוואַנדלונג; אַ לעבנס־דערפֿאַרונג דערבראַכט צו אַ לעבנס־דערקענטעניש; פֿון אַ פּשוטערווירקלעכקייט ביז אַ הויכער באַגרײַפֿלעכקייט" [19]. אַ סך רעאַליסטישע מאָמענטן אין רייזענס לידער און דערציילונגען ווערן פֿון רעאַליזם בליצשנעל סימבאָלן. און צווישן דעם רעאַליזם און סימבאָל גיט אַ שוועב־דורך אַ שמייכל, דער שטילער רייזענישער הומאָר. אַזוי, למשל, האָט אַפֿילו אַזאַ רעאַליסטישע דערציילונג ווי „פֿאַרשפּעטיקט"

---

[17] משה נאַדיר — ד"ז, 1919, ז' 33.

[18] חיים ליבערמאַן — ליטעראַרישע סילועטן, נ"י 1927, ז' 63 און 64.

[19] נ. ב. מינקאָוו — יידישע קלאַסיקער פּאָעטן, נ"י 1937, ז' 183.

דעם הויך פֿון סימבאָליק באַווירצט מיט הומאָר. גיי, ווייס, אַז אַפֿילו ווען דו פֿאַרשפּעטיקסט, קומסט נאָך אַלעמען, קען זיך עס ענדיקן מזלדיק! אַז אויף דער וועלט דרייען זיך אַרום מענטשן, וועלכע ווילן דווקא האָבן אויף וועמען רחמנות צו האָבן...

מענטשן זײַנען גיכער גרייט רחמנות צו האָבן ווי זײַן גוט. האָט רייזען געזוכט אַרויסצורופֿן די געפֿילן פֿון רחמנות נישט ווייניקער ווי די גינגאָלדענע שטראַלן פֿון עכטער גוטסקייט. אפֿשר, אַז ס'וועט גע־לינגען אַרויסצורופֿן רחמנות, וועט אויך געלינגען אַרויסצוברענגען פֿון דער מענטשלעכער נשמה די לויטערע גוטסקייט?

## אַבֿרהם רייזענס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור

אבֿרהם רייזען איז דער דיכטער, וואָס פֿירט פֿון רחמנות צו גוטסקייט. ער האָט מיט זײַן ווערק, מיט זײַן דערציילונג און מיט זײַן ליד, אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור דעם בראשית פֿון אַלע ראשיתן — דעם ואָהבֿת לרעך כמוך״ [20]

די צײַט, אין וועלכער רייזען איז אַרײַנגעקומען, איז גרייליך נישט געווען צוגעפּאַסט פֿאַר ואָהבֿת. אַ ביטערע צײַט געווען. אַפֿילו שלום עליכם איז דעמאָלט נאָך געווען מער סאַטיריקער ווי הומאָ־ריסט. אָפּגערעדט שוין פֿון זיידן. מענדעלע האָט מיט זײַן פֿעדער גע־ריסן פֿאַסן, געשמיסן. נישט אומזיסט איז עטינגער אַזוי פֿיל יאָר נישט געווען געדרוקט. מוסר — דאָס איז פּרצעס אָנהייב — וועלט־לעכער מוסר. אין אַזאַ צײַט קומט רייזען מיט זײַן קול דממה דקה פֿון אַ ליריקער און מיט שטילן הומאָר, שטיל אָבער אַרײַנדרינגענ־דיק. ער גייט זײַט בײַ זײַט מיט י. ל. פּרצן, פֿאַרליבט ווי אַ חסיד אין רבין, אָבער מיט זײַן אייגענעם שטילן גאַנג. גייט בחבֿרותא מיט שלום אַשן און ה. ד. נאָמבערגן, וועלכע זײַנען גלײַך מיט אים פּרצעס תּלמידים, נאָר פֿרעמד איז אים נאָמבערגס וועלטל פֿון צעבראָכענע

---

[20] שלמה ביקל — שרייבער פֿון מיין דור, נ״י 1958, ז׳ 270.

אינטעליגענטן, פונקט ווי אַשעס פֿלִיען אין די הימלען און זאָגן דעות די געטער... רייזען זוכט דאָס מענטשלעכע אַפֿילו דאָרט ווו ס׳איז קיין רעכטער מענטש נישטאָ... ער איז ווײַט נישט קיין צײַטשרײַבער. נישט אין די צײַטמאָטיוון ליגט זײַן ווערט. אָן געטלעכקייט האָט רייזען געזוכט און געפֿונען די נשמה יתירה אַפֿילו אין וואָכעדיקע געשעענישן און אין וואָכעדיקע מענטשן. די לאָקאַלע קאָלאָריטן שפּילן בײַ אים אַ קנאַפּע ראָלע. ער איז אַ קנאַפּער שילדערער פֿון לעבנשטייגער. נישט אין שפּראַכקונסט ליגט זײַן גבֿורה. זײַן הויכפּונקט איז — דאָס מענטשלעכע אַלמענטשלעכע. „ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם גרונט־כּלל, אַז קיין ייִדישער שריפֿטשטעלער קאָן קינסטלעריש ניט שטײַגן, סײַדן ער וועט אויף וועלכן עס איז אופֿן קינסטלעריש מנצח זײַן דאָס אַמאָליקע קליינשטעטל אין זיך״ [21]. רייזען, וועלכער מאַכט אויבנאויפֿיק דעם אײַנדרוק ווי ער וואָלט געווען דער שליח־ציבור פֿון קליינשטעטל, איז אין דער אמתן דער זינגער פֿון שטילן מענטש, וואָס פֿילט זיך אַליין אין גרעסטן טומל, אי בײַ זיך אין דער היים, אי אויסגעמישט מיט אַלעמען. ער פֿילט זיך פֿרײַ. און איז ער נישט פֿרײַ, וועקט ער, רופֿט ער, מאָנט ער. בעט ער רחמים, צאָרנט, נאָר באַלד כאַפּט ער זיך צוריק און פֿאַרווייכט די צאָרנרייד מיט האָפֿערדיקע קלאַנגען — עס מוז קומען אַ נײַע צײַט! עס מוז קומען אַ סוף צו שקלאַפֿערײַ! ווי לאַנג עס האַלטן־אָן פֿאַרפֿאָלגונגען, מוזן זיי זיך עקן!

אַבֿרהם רייזען איז אַ גלייביקער. ווי אַ קינד, אַזוי ריינגלייביק. ווי אַ פֿאַרליבטער, וואָס קען ניט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז זײַן געליבטע זאָל אים פֿאַרראָטן. אַזוי איז ער אײַנגעגלייבט אין דער וועלט, אַז פֿריִער אָדער שפּעטער מוז זיך אַרויסווײַזן דער טעות...

אַזאַ ליבשאַפֿט האָט רייזען אויסגעשפּרייט מיט זײַן וואָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. „אַבֿרהם רייזען — דאָס איז בזעיר אַנפּין

[21] ב. ריווקין — „אַ. רייזענס שעפֿערישער מעטאָד״, יידישע דיכטער אין אמעריקע, ב׳ 1, נ״י 1947, ז׳ 111.

די ייִדישע ליטעראַטור, איר כוח, איר לעבנס־פֿעיִקייט, איר טיפֿע נאַציאָנאַלע פּאַרוואָרצלטקייט, איר צוקונפֿט־צוזאָג... אַבֿרהם רייזענס ליד און דערציילונג — דאָס איז דער סאַמע קענטיקער אָנזאָג, אַז אַ וועלט־נוסח איז געקומען מעשׂה תּושבֿ אין דער ייִדישער שפּראַך, אַז אין ייִדישע אותיות און מיט ייִדישע ווערטער הייבט־אָן יחידיש צו ריידן דער וועלטגייסט״ [22].

אַבֿרהם רייזען איז געוואָרן פֿריִער און שנעלער ווי אַנדערע פּאָפּולער און באַליבט בײַם ברייטן עולם. דאָס איז אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל ער איז געווען דער געזונטסטער ייִדישער פּאָעט. מען האָט זײַנע לידער געזונגען בײַם לייענען, אַפֿילו ווען ס׳איז צו זיי נישט אָנגעשריבן געוואָרן קיין מוזיק... ער איז אין אונדזער דיכטונג דער פֿאָרגייער פֿון דער מאָדערנער סענסיביליטעט. ער איז דער פֿאָר־גייער פֿון די יונגע נישט בלויז מיט זײַן מעלאָדישקייט, נאָר אויך מיט זײַן צאַרטקייט איז ער דער וועגווײַזער פֿון יוסף ראָלניק און מאַני לייב. ער איז נישט דערזען און אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער פּולער מאָס נאָר דערפֿאַר, ווײַל מען האָט צו פֿיל געדענקט זײַנע לידער פֿון קלויזניק און „אַ געזינד זאַלבע אַכט״...

דערפֿון נעמט זיך רייזענס פּלאַמיקע ליבשאַפֿט צו ייִדיש, וואָס ער האָט באַזונגען און וואָס ער האָט באַווירצט מיט זײַן געמיטלעכ־קייט. דאָס איז דער שענסטער אויסדרוק פֿון דער געבענטשטער פֿאָלקסטימלעכקייט. אין די פֿאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, טייל מאָל ממש מיט ניסים, האָט ער גע־זוכט אַרײַנצוברענגען דעם וועלטגייסט פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטע־ראַטור, ווען זי איז געווען אַ גרויסער יחוס, און פֿון 20סטן יאָרהונ־דערט, ווען מ׳האָט פֿון אים דערוואַרט די העכסטע דערגרייכונגען פֿון הומאַניזם. ווען ער האָט געזונגען פֿאַרן אַרבעטער, האָט ער גע־גלויבט, אַז דער אַרבעטער וועט ברענגען דאָס גליק פֿאַר דער גאַנ־

---

[22] א. גלאַנץ־לעיעלעס — „אַבֿרהם רייזען און זיבעציק יאָר ייִדישע ליטעראַ־טור״, קולטור און דערציִונג, נ״י, נאָוועמבער 1946.

צער וועלט. ווען ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייען פֿון חובֿבֿי יִדיש, איז ער זיכער געווען, אַז דורך דעם ווערט פֿאַר־טיפֿט די ליבשאַפֿט צווישן יִדן. „רייזען איז געווען אַ באַגײַסטער־טער פֿאָגנטרעגער פֿון אָט דער נײַער ריכטונג און, אויב איך האָב ניט קיין טעות, שטאַמט דער נאָמען „יִדישיזם" טאַקע פֿון רייזענען אַליין"[23]. דערפֿאַר איז ער פֿון די ערשטע צו שאַפֿן אַ לערנבוך פֿון יִדישער ליטעראַטור. און ווי נאָר אַ זכות, האָט ער אים צעזונגען און צעקלונגען. דערפֿאַר איז ער געווען גרענעצלאָז פֿאַרליבט אין די יונ־גע שרײַבערס און זייערע ביכער, וועלכע ער האָט נישט איין מאָל געלויבט לפֿנים משורת הדין... עס האָט אים באַגײַסטערט די דינאַמיק פֿון דער יִדישוועלט. מיט דער דאָזיקער באַגײַסטערונג האָט ער זיך געשטרעקט צו דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור. „נישט מענדעלי, נישט שלום עליכם, נישט פּרץ זײַנען געווען אַזוי פֿאָלקיש ווי דער ערשטער געבוירענער יִדישער שרײַבער, וואָס האָט זיך דווקא דערצויגן אויף אַזעלכע ראַפֿינירטע קינסטלערס ווי טשעכאָוו, מאָ־פּאַסאַן, הײַנע, האַמסון און פּושקין — זאָגט דער טיפֿזיניקער קריטי־קער, וועלכער האָט מער ווי ווער עס איז געטאָן, אַז מ'זאָל אַבֿרהם רייזענען אויפֿנעמען אין זײַן אמתער גרייס — הלוואַי וואָלט די יִדי־שע ליטעראַטור געהאַט אַזוי פֿיל גוטע רייזען־לייענערס וויפֿל זי פֿאַרמאָגט התלהבֿותדיקע רייזען־באַוווּנדערערס, ווי מיר וואָלטן רײַ־כער געווען מיט צענדלינגער טויזנטער גוטע לייענערס פֿון דער אַל־געמיינער יִדישער ליטעראַטור!"[24]. ווען רייזען אַליין וואָלט געהאַט ווייניקער באַוווּנדערערס און מערער גוטע לייענערס, וואָלט ער אויך ריכטיקער אָפּגעשאַצט געוואָרן.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[23] חיים זשיטלאָווסקי — „אַבֿרהם רייזען", די פֿעדער, נ"י 1937, ז' 2.

[24] יעקב גלאַטשטיין — אין תּוך גענומען, נ"י 1947, ז' 514—544.

# לידער

## איצט פאַרשטיי איך

איצט פאַרשטיי איך, וואָס די פֿייגל
זינגען אַזוי לוסטיק, פֿריילעך:
אין דעם גרויסן וואַלד, דעם גרינעם,
הערשט נישט איבער זיי קיין מלך.

יעדעס גרעזל, יעדעס בלימל
איז פֿאַר אַלע פֿרײַ און אָפֿן,
און די וווינונגען בחינם —
אַלע האָבן ווו צו שלאָפֿן...

איצט פאַרשטיי איך, וואָס די פֿייגל
זינגען, קלינגען — ליב און ליבער:
אַך, זיי זינגען, וואָס זיי ווילן,
קיינער, קיינער שלאָגט נישט איבער...

# מיר ביידע ליידן

## פון וואַנען?

ווי קום איך צו זינגען? פֿון וואַנען, מײַן קינד?
בײַ אונדז האָט אין קוימען געברומט נאָר דער ווינט.
די קינדער — זיי פֿלעגן נאָר זינגען: האַם!־האַם!
און אָפֿט מאָל די מאַמע — אַ קללה צום גראַם.

ווי קום איך צו שיינקייט? פֿון וואַנען, מײַן קינד?
דער וועג צו די פֿעלדער — דורך גויים און הינט...
די גאַס איז געווען אַזוי אָרעם און וויסט:
בײַ איטלעכער טיר נאָר — אַ בערגעלע מיסט...

1908

## איך און די וועלט

ווען די גאַנצע וועלט וואָלט לײַדן,
גוט אַליין זאָל מיר זײַן בלויז,
וואָלט איך דאַן די וועלט די גאַנצע
אײַנגעלאַדן אין מײַן הויז.

איך וואָלט טרייסטן זי און צערטלען,
און געזאָגט: — ניט זאָרג זיך, וועלט,
ביז זי וואָלט צו זיך געקומען
און זיך אויף די פֿיס געשטעלט.

ווען די וועלט געווען וואָלט גליקלעך,
איך אַליין בלויז פֿול מיט לייד,
וואָלט איך דאַן צו איר געקומען
און געפֿאָדערט: — גיב מיר פֿרייד!

מוזיק — סידאָר בעלאַרסקי

אָבער אַז מירביידע לײַדן,
סײַ די וועלט און איך אַליין —
האָט די וועלט ניט ווּ צו קומען
און איך האָב ניט ווּ צו גיין...

## די יוגנט

איך וועל גיין מײַן יוגנט זוכן,
ס׳איז אַ שאָד די בעסטע יאָרן —
איך געדענק דאָך אַלע ערטער,
ווו איך האָב זיי אָנגעוואָרן.

כ׳גיי־פֿאַרבײַ אַ קליינטשיק שטיבל,
כ׳האָב געלערנט דאָרט אין חדר;
מיט אַ קאַנטשיק זיצט דער רבי ——
ס׳נעמט מײַן זעלע דורך אַ שוידער.

מיט אַ קאַנטשיק זיצט דער רבי,
די תּלמידים אין אײן קלעמען —
קינדער־יאָרן, שוואַרצע יאָרן,
ניין, איך וועל אײַך איצט נישט נעמען!...

גיי איך ווײַטער זוכן, זוכן
מײַנע יאָרן, וואָס פֿאַרפֿליגן;
שטייט אַ שטיבעלע אַ קליינטשיקס,
אײַנגעהויקערט, אײַנגעבויגן.

און עס עפֿנט זיך אַ טירל,
און עס בייזערט זיך און סקריפּעט —
טאַטע־מאַמע זיצט אין ווינקל
און אַ קינד אין וויגל כליפּעט.

און אַ שוועסטער שילט אַ ברודער,
און פֿון לעמפּל שפּאַרט אַ רויך —
יאָרן יונגע, יאָרן שוואַרצע,
ניין, איך לאָז אײַך איבער אויך!...

## צו אַ ברודער

דער הימל פֿאַרצאָרנט,
די ווינטן — זיי בלאָזן;
ווו ביסטו, מײַן ברודער,
פֿאַרגעסן, פֿאַרלאָזן?

ווו ביסטו פֿאַרוואָרפֿן?
אין וואָס פֿאַר אַ שטעטל?
צי האָסטו אַ דירה?
צי האָסטו אַ בעטל?

איך זע אויפֿן הימל —
די וואָלקנס — זיי שוועבן
און זע איך זיי שוועבן,
דאַן ווייס איך דײַן לעבן.

עס דרינגען די קלאַנגען
פֿון ווינט אין מײַן אויער —
עס גיסט זיך מיר, ברודער,
אין האַרצן דײַן טרויער...

## אונדזערע הימלען

אונדזערע הימלען —
זיי הענגען גרוי;
אויף אונדזערע פֿעלדער
פֿאַלט נישט קיין טוי.

עס פֿאַלט נישט קיין טוי
און בליט נישט קיין בלום,
און אונדזערע פֿייגל
שוין לאַנג שווײַגן שטום...

אַ פֿאַנצער אַ פֿרעמדן
טראָגט אונדז׳רער אַ העלד
און שיסט נאָך זײַן ברודער
אין ווילד פֿרעמדן פֿעלד.

געקליידט אונדזער העלד איז
אין פֿרעמדן געווער
און אונדזערע שוועסטערס
באַשיצן וועט ער.

אונדזערע העלדן —
ווו וועלט האָט אַן עק!
און אונדזערע שוועסטערס —
זיי זיצן אין שרעק.

און קען אונדזער העלד דען
דערוואַרטן זײַן לוין,
ווען יידע רעגירן
און טראָגן די קרוין?...

# אין גאַס

„ווי פֿריילעך אין גאַס איז!" — דו פֿרייסט זיך מײַן קינד.
דו זעסט נאָר דערנעבן, און ווײַטער — שוין בלינד.
דו ווענד נאָר דײַן אויג אָפּ אַהינצו, אין מיטן —
אַך, דאָרטן וואָס טוט זיך — זאָל גאָט נאָר באַהיטן!

אָט זעסטו: עס שלעפּט זיך אַ קאַסטן אין גאַס...
ווי שלעפּט זיך אַ קאַסטן? אַ ביטערער שפּאַס!
עס שלעפּט אים אַ ייִדל פֿון קאַסטן נאָך קלענער;
ער שלעפּט און ער טרייסט זיך: „אַ צענער, אַ צענער!"

זע ווײַטער: אַ ייִדל, ווי דאַר און ווי געלב!
אויף זיך אַליין טראָגט ער דאָס גאַנצע געוועלב[1]...
אָ, זע! זײַנע אויגן, זיי גלאָצן און שטאַרן —
אַ זעקסערל פּדיון! זיי קוקן און האַרן[2]...

און ווײַטער: אַ דראָזשקע[3] — דער פֿורמאַן, ער זיצט,
דער קאָפּ זײַנער וויגט זיך, דאָס היטל געגליטשט —
ביסט חושד: אַ שיכור... אָ, גאָט וועט דיך שטראָפֿן!
דאָס איז ער אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן.

און ווײַטער און ווײַטער — דו וואַרף נאָר דײַן בליק:
מען הייבט עפּעס וועמען פֿון דר'ערד אויף מיט שטריק;
עס שטעלט זיך אָפּ יעדער, אַ קוק טאָן אַ בעלן —
דאָס איז אונטער משׂא אַ פֿערדל געפֿאַלן...

ווי פֿריילעך אין גאַס איז! דו פֿרייסט זיך, מײַן קינד,
דו זעסט נאָר דערנעבן, און ווײַטער — שוין בלינד...
דו ווענד נאָר דײַן בליק אָפּ אַהינצו, אין מיטן,
— אַך, דאָרטן וואָס טוט זיך... זאָל גאָט נאָר באַהיטן!

---

[1] קראָם. — [2] וואַרטן. — [3] וועגעלע (טייל מיט גומענע רעדער) צו פֿירן באַ־לעבאַטישע פּאַסאַזשירן.

# ביי אונדז אין לאַנד

(פון א בריוו)

ליבער פֿרײַנד! בײַ אונדז אין לאַנד
איז דאָס לעבן טויט און מיאוס...
ס׳איינציקע פֿרײַע פֿויגללִיד
הערט מען זינגען נאָר אויף תּליות.

ליבער פֿרײַנד! בײַ אונדז אין לאַנד
אַרבעט זעלטן אַ פֿאַבריק.
איינע נאָר — זי שטרײַקט קיין מאָל:
שמידט אונדז קייטן, פֿלעכט אונדז שטריק...

ליבער פֿרײַנד! בײַ אונדז אין לאַנד
גייט דאָס לעבן — קוים עס קריכט;
נאָר דער טויט — ער רײַט גאַלאָפּ
אויפֿן שוואַרצן פֿעלדגעריכט...

ליבער פֿרײַנד! בײַ אונדז אין לאַנד
הייסט אַ חסד — ווייסטו וואָס?
שטאָט צו הענגען אויף אַ שטריק —
טייטן מיט אַ ביקסנשאָס!

## דער גמרא - ניגון

וואָס זשע קלאָגסטו בײַ דער גמרא
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
און דײַן וויינענדיקער ניגון
אין מײַן האַרצן גייט־אַריבער?

און מײַן אויג איז פֿײַכט געוואָרן,
מיט אַ טרער איז עס פֿאַרלאָפֿן.

קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
זאָג, וואָס האָט מיט דיר געטראָפֿן?

צי דו בענקסט אַהיים נאָך דײַנע
טאַטע־מאַמע, שוועסטערס, ברידער,
וואָס אָן זיי ביסטו געבליבן
ווי אַ שיפֿל אָן אַ רודער?

אָדער אויפֿן טאָג בײַ לייבן
ביסט אַ לאַנגע צײַט געזעסן,
ביז מען האָט געזאָגט: — נו, בחור,
נעם די קוואָרט און וואַש זיך עסן?!

אָדער אפֿשר גלאַט דו שעמסט זיך
עסן ברויט אויף פֿרעמדע טישן
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן,
שלינגסט־אַראָפּ, דו, יעדן ביסן?

אָדער ס׳פֿעלט דיר אויס אַ „מאָנטיק״
און עס האָט דיר שוין געטראָפֿן:
ניט איין מאָל זיך לייגן הונג׳ריק
אויף דער האַרטער באַנק און שלאָפֿן?

און דו האָסט זיך איצט דערמאָנט אַלץ,
און דו קענסט עס ניט פֿאַרטראָגן,
און בײַ רבאן, בײַ ר׳ פפאן
ווילסטו איצט דײַן וויי אויסקלאָגן?

הייב זשע העכער אויף דעם ניגון,
שטאַרקער, העכער דריי די טרעלן —
ועסט דײַן בענקעניש פֿאַרגעסן
און דער הונגער וועט ניט קוועלן...

# דער הענדלער

א װאַרשעװער ליד

אױסגעטאָן פֿון זיך די שאַנד —
מיט אַ זעקל אין דער האַנט
גײט ער אום פֿון הױף צו הױף,
הײבט די אױגן אַלץ אַרױף,
און װי טרױעריק ער זינגט,
איבערן גאַנצן הױף עס קלינגט:
— האַנדעל, האַנדעל [1]!
אַך, װער זײַט איר, ליבער ייִד,
װאָס פֿאַרציילט מיר אײַער ליד?
— כ'װױן דאָרט אױף דער סמאָטשע־גאַס
אין אַ קעלער, פֿײַכט און נאַס,
מיט אַ גרױסן הױזגעזינד.
זומער קומט דאָרט נישט אַרײַן
פֿון דער ליבער זון קײן שײַן;
װינטער — בלאָזט דער װינט.
כ'גײ מײַן גאַנצן לעבן אום,
מ'הערט פֿון מיר נאָר װוּ איך קום:
— האַנדעל, האַנדעל!
אױ, איך האָב נאָך װערטער פֿיל,
נאָר איך טראָג זײ אין דער שטיל.
װען איך קום אַהײם בײַ נאַכט,
אָפּגעמאַטערט און פֿאַרשמאַכט,
שיט איך זײ און שיט...
עט, װאָס האָב איך זיך פֿאַררעדט?
האָט איר נישט אַן אַלטע בעט?

---

[1] (פּױליש, װי מ'זאָגט אױף פּױליש) האַנדל.

אַלטע הויזן? אַלטע שיך?
וואָס איר ווילט נאָר האַנדל איך:
— האַנדעל, האַנדעל!

## אַ געזינד זאַלבע אַכט...

אַ געזינד זאַלבע [1] אַכט
און בעטן נאָר צוויי,
און קומט־אָן די נאַכט —
ווו שלאָפן דאַן זיי?

דרײַ מיטן טאַטן,
און דרײַ מיט דער מאַמען,
און דרײַ מיט דער מאַמען,
געפּלאָכטן צוזאַמען.

און קומט־אָן די נאַכט,
מ׳דאַרף מאַכן די בעטן,
דאַן הייבט־אָן די מוטער
דעם טויט אויף זיך בעטן.

זי מיינט מיט אַן אמת,
עס איז ניט קיין ווונדער —
אויף ענג איז אין קבֿר,
דאָך ליגט מען באַזונדער...

[1] צוזאַמען (זאַלבע צווייט).

## וואָס שטייט אונדז נאָך פֿאָר?

וואָס שטייט אונדז נאָך פֿאָר
אין עתיד אין ווײַטן,
וואָס וועלן מיר זען
אין קומענדיקע צײַטן?

צי וועט מען אַלץ הערן
די זיפֿצן און טרערן
פֿון אָר׳מען און שוואַכן?
צי וועט אַלץ פֿאַרטומלען
די ערד און די הימלען
פֿון רויבער דאָס לאַכן?

צי וועט נאָך אַלץ הערשן
די ביקס און די שווערד,
מיט מענטשלעך בלוט פֿעטער
צו מאַכן די ערד?

צי וועט נאָך אַלץ קלינגען
פֿון קנעכטשאַפֿט די קייטן —
איין ברודער זאָל דינען,
פֿאַרקויפֿן דעם צווייטן?

וועט אַלץ נאָך זיך ציִען
פֿאַר אמת די שלאַכט?
אָך, ווער וועט פֿאָרט זיגן —
דער טאָג צי די נאַכט?...

# צום העמערל

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק!

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
דער זייגער — ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף:
די אויגן — זיי מאַכן זיך צו —
גיב כוחות, אָ, גאָטעניו העלף!

מוזיק — משה א. בערנשטיין

Moderato

שלאָג קלאַפּ רל - מע - הע רל - מע - הע א
קיין טשוועק א נאך טשוועק א קער - שטאר
נאר סא - ניש שוין שטוב אין איז ברויט
קיין, עק אַן אן לייד און רות - צ,
נאר סא - ניש שוין שטוב אין איז ברויט
עק אַן אן לייד און רות - צ

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך,
ביז מאָרגן מוז פֿאַרטיק שוין זײַן,
דער גבֿירהטעס טעכטערלס שיך!

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
ניט גליטש פֿון מײַן האַנט זיך אַרויס!
מײַן איינציקער שפּײַזער ביסט דו —
פֿון הונגער אָן דיר גיי איך אויס!...

## אַ האָר פון באָרד

כ'האָב אין קלײַזל אין אַ ספֿר
פֿון אַ באָרד אַ האָר געפֿונען.
און: — „ווער איז זי, ווער?“ — די שאלה
גייט מיר ניט אַרויס פֿון זינען!

ווער פֿאָרט האָט זי אויסגעריסן
און אַוועקגעלייגט אַהער?
צי אַ בטלן, ווען די סוגיא
איז אים צוגעגאַנגען שווער?

אפֿשר איז זי פֿון אַ פּרוש?
לאַנג נישט אין דער היים געווען...
האָט געצופּט די האָר פֿאַר ווייטיק,
וואָס ער קען זײַן ווײַב ניט זען?

אפֿשר אַ ישיבֿה־בחור?
האָט דעם טאָג נישט אָנגעביסן...
און אַז ס'האָט געצופּט דער הונגער,
האָט ער זי דאַן אַרויסגעריסן?...

## דער נאַכטוועכטער

שפּעט. די נאַכט איז קאַלט און פֿינצטער,
נעפּלדיק און נאַס;
אין די הײַזער רוען אַלע,
טויב און שטום אין גאַס.
עלנט שלעפּט זיך נאָר דער וועכטער
אויף דער גאַס אַרום;
אין די שטילע הײַזער קוקט ער
ווײמוטיק און שטום.
דאָרט אין ווייכן, וואַרעם בעטל
שלאָפֿט זיך אַזוי גוט;
אוי, ווי וואָלטן זײַנע ביינער
דאָרט זיך אויסגערוט!
און ער קלאָגט זיך פֿאַרן הימל:
—זע מײַן טרויער צו!
איך אַליין האָב גאָר נישט, היט איך
פֿרעמדע גליק און רו...

## וואָס מאַכט איר?

וואָס מאַכט איר, איר אָרעמע ברידער,
אין צענדליק געפּלינדערטע שטעטלעך?
האָט איר שוין אַרײַנגעשטעלט פֿענצטער?
האָט איר שוין פֿאַרריכט אײַערע בעטלעך?

האָט איר שוין נדבֿות באַקומען
וואָס רעגנט פֿון אַלע וועלטעקן?
צי וועט עס, אָ, אָרעמע ברידער,
די פֿענצטער אָנגלאָזן כאָטש קלעקן?

האָט איר שוין באַוויינט אײַערע טאַטעס
און מאַמעס און שוועסטערס און ברידער?
צי ציטערט איר אַלץ נאָך, ווי בלעטלעך,
בײַם קלענסטן, בײַם מינדסטן גערודער?

צי זײַט איר נאָך אַלץ נישט פֿאַרזיכערט
מיט דעם וואָס איר רופֿט כּלומרשט לעבן?
צי דאַכט זיך אײַך אַלץ נאָך, אַז ווייניק
האָט איר זיי קרבנות געגעבן?...

צי גלייבט איר אין בעסערע צײַטן,
אין זיג און אין טרייסט און נחמה?
פֿאַרבלאָנדזשעט אַ מאָל כאָטש די האָפֿענונג
אין אײַער פֿול יאוש־נשמה?...

## עפּעס הער איך

עפּעס הער איך שטימען ברומען
אין דעם ווײַטן־נאָנטן לאַנד;
רופֿט מען מיך אַהין צו קומען?
ס'איז באַקאַנט און אומבאַקאַנט...

עפּעס הער איך ווינטן בלאָזן —
גלעטן זיי צי טרײַבן זיי?
זאָל איך צו מײַן לאַנד זיך לאָזן?
עפּעס גלייבט זיך און ס'טוט וויי...

עפּעס הער איך פֿייגל זינגען,
אַז דער ווינטער האָט געעקט;
זאָל מײַן ליד אין כאָר אויך קלינגען?
עפּעס ציט און עפּעס שרעקט!...

## מיין פריינד, צי דו ווייסט?...

מײַן פֿרײַנד, צי דו ווייסט,
וואָס הייסט און באַטײַט
אַ ביטערע צײַט?...
צי פֿילסטו, וואָס הייסט
אַ פֿאָלק אין צער,
אַ פֿאָלק אין געפֿאַר?...

צי פֿילסטו מײַן פֿרײַנד,
ווי טיף איז דער וויי,
ווען ס'הערט זיך פֿון פֿײַנד
אַ בראָנפֿן־געשריי?

אַט זעסטו — ער קומט
מיט רציחה און ווּט,
אַט הערסטו — ער ברומט,
אין דאָרשט נאָך דײַן בלוט...

און האָסט נישט ווּהין
נאָך רעטונג צו גיין,
נאָר סײַדן צו אים,
צום שׂונא אַליין?!...

צי פֿילסטו, מײַן פֿרײַנד,
וואָס איז דאָס אַזוינס,
אַ פֿאַקל אַ קליינס,
און גרויס איז דער פֿײַנד?...

אָן וואָפֿן, אָן מוט...
און האָט נישט קיין שוץ,
און הפֿקר זײַן גוטס,
און הפֿקר זײַן בלוט!...

## מאַי קאָ משמע לן?...

מאָנאָלאָג פון אַ ישיבה־בחור

— 1 —

מאַי קאָ משמע לן דער רעגן?
וואָס זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
זײַנע טראָפּנס אויף די שויבן
קײַקלען זיך ווי טריבע טרערן.
און די שטיוול זײַנ׳ צעריסן,
און עס ווערט אין גאַס אַ בלאָטע;
באַלד וועט אויך דער ווינטער קומען —
כ׳האָב קיין וואַרעמע קאַפּאָטע...

— 2 —

מאי קא משמע לן דאָס ליכטל?
וואָס זשע לאָזט עס מיר צו הערן?
ס׳קאַפּעט און עס טריפֿט זײַן חלבֿ
און ס׳וועט באַלד פֿון אים ניט ווערן.
אַזוי צאַנק איך דאָ אין קלײַזל,
ווי אַ ליכטל, שוואַך און טונקל,
ביז איך וועל אַזוי מיר אויסגיין
אין דער שטיל, אין מזרח־ווינקל...

— 3 —

מאי קא משמע לן דער זייגער?
וואָס זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
מיט זײַן געלבן ציפֿער־בלעטל,
מיט זײַן קלינגען, מיט זײַן שווערן?
ס׳איז אַן אָנגעשטעלטע כּלי,

פאָלקסמאָטיוו

*Andante Religioso*

ער לאָזט זשע וואָס גן - רע דער לן מַע - מַש קא מאַי

בן - שוו די אויף פּנם - טראָ גע - זײַ רן - הער צו מיר

וול - שטי די און רן - טרע בע - טרי ווי זיך לען - קייַק

טע - בלאָ אַ גאַס אין ווערט עס און סן - רי - צע זײַנ

רע - וואַ קיין כ'האב מען - קו טער - ווית דער אויך ווען באַלד

טל - ליב דאס לן מַע - מַש קא מאַי טע - פּאָ - קאַ מע

עס און פּעט-ס'קאַ רן—הע צו מיר עס לאָזט זשע וואס

רן—וועט גיט אים פון באַלד ס'ווען און לב - חַ זײַן טרעט

טל - ליב אַ ווי זל-קלײַ אין דא איך צאַנק זוי—אַ

גיין-אויס מיר זוי—אַ וועל איך ביז קל - סוג און שוואַך

קל - ווינ בּח - מז אין שטיל דער אין

האָט קיין לעבן, קיין געפֿילן —
קומט די שעה, דאַן מוז ער שלאָגן,
אָן זײַן רצון, אָן זײַן ווילן...

— 4 —

מאי קא משמע לן מײַן לעבן?
וואָס זשע לאָזט עס מיר צו הערן?
פֿוילן, וועלקן אין דער יוגנט,
פֿאַר דער צײַט פֿאַרעלטערט ווערן,
עסן טעג [1] און שלינגען טרערן,
שלאָפֿן אויפֿן פֿויסט דעם האַרטן,
טויטן דאָ דעם עולם־הזה
און אויף עולם־הבא וואַרטן...

## קידוש לבנה

צוזאַמענגעדריקט אין אַ רעדל,
אין גאַס, שטייען ייִדן געבויגן;
מיט ליפּן פֿאַרשמאַכטע פֿון הונגער,
מיט בענקשאַפֿט און צער אין די אויגן.
עס שטייען פֿאַריתומט די שטיבלעך
און קוקן אַזוי ווי דערשלאָגן,
ווי ז׳וואָלטן אויף זייערע דעכער
דעם יאָך פֿון די מענטשן געטראָגן.
און אַלץ איז אַרום אַזוי טרוי׳ריק,
אַזוי קאַלט, אַזוי גליטשיק אין גאַס...
עס רײַסט זיך די תּפֿילה אַלץ העכער,
עס ציטערט די לופֿט אין דער גאַס...
די קליינע לבֿנה אין הימל
האָרכט־אײַן ווי דערשראָקן און בלייך
און שיקט אירע שטראַלן אַרונטער,
און קוקט אַזוי טרויעריק ווייך...

[1] דער אײַנפֿיר פֿון אײַנאָרדענען ישיבֿה־בחורים: צו עסן טעג, יעדן טאָג בײַ אַן אַנדער באַלעבאָס.

## אין קישן

אין קישן באַהאַלט איך מײַן פּנים,
איך גורע זיך אײַן טיף און וויין,
דער איינציקער פֿרײַנד אין מײַן לעבן

איז מיר נאָר דאָס קישן אַליין.
געפּליקט האָט די פֿעדערן אירע
מײַן שוועסטער ביז שפּעט אין דער נאַכט,
געפּליקט מיט אַ האַרץ אַ צעפּליקטן,
פֿון דחקות, פֿון הונגער פֿאַרשמאַכט.

ווו איז איצט די שוועסטער פֿאַרוואָרפֿן?
ווו איז זי? ווער ווייסט וואָס זי מאַכט!
דערפֿאַר איז מיר טײַער דאָס קישן,
פֿײַכט מאַך איך עס שטענדיק בײַ נאַכט...

## די לופֿט איז מיר ענג

די לופֿט איז מיר ענג אין מײַן צימער
און פֿינצטער פֿון לעמפּל דאָס ליכט,
און פֿינצטערע שאָטנס באַפֿאַלן
און הילן אין שוואַרץ מײַן געזיכט.

איך קוק אויף די ווענט פֿון מײַן צימער —
עס בלאָנדזשעט מײַן בליק אויף זיי אום.
וואָס זע איך? נאָר שפּינוועבס און שאָטנס,
און שטיל איז אַזוי אַלץ און שטום.

אוי, שאָטנס און שפּינוועבס, נישט מערער,
און שטיל איז, עס הערט זיך קיין קלאַנג.

אין האַרצן נאָר פּאָכט עס און קלינגט מיר
אַ טרויעריק געצויגן געזאַנג.

דאָס יאָמערט מײַן זעל און זי קלאָגט זיך:
פֿאַרטראָגן קאָן זי שוין נישט מער!
זי רײַסט זיך צו ליכט און צו פֿרײַהייט,
און דאָ — אַזוי טונקל און שווער...

## מלחמה

— אָ, מאַמע! כ׳וויל אַ ביסל מילך,
ס׳איז טרוקן מיר מײַן גומען...
— מײַן קינד! אַ בייזער פֿאַסטעך האָט
די אַלע קי פֿאַרנומען.

— טאָ גיב מיר, מאַמע, ברויט אַ ביס,
דעם הונגער מיר צו שטילן!
— נישטאָ מײַן קינד! אַ וואַסער האָט
פֿאַרטרונקען אַלע מילן.

אַ וואַסער ווילד, אַ וואַסער רויט
האָט זיי אַראָפּגעטראָגן,
און אַלע מילנערס זײַנען איצט
אַוועק אין פֿעלד זיך שלאָגן.

— טאָ ווו זשע איז דער טאַטע איצט,
ער זאָל אונדז עסן קריגן?
— דער טאַטע איז אַוועק מיט זיי
אַ שׂונא צו באַזיגן.

מוזיק — מיכל געלבאַרט

*Andante - mesto*

O ma-ine chvil a-bi-sl milch s'iz
Gib mir ma-ine broit a bis dem

tru-kn mir main gu-men main kind a bei-zer
hun-ger mir tzu shti-ln nish-to main kind a

pas-tech hot di a-le ki far-nu-men main
va-ser hot far-trun-ken a-le mi-ln nish-

kind a bei-zer pas-tech hot di a-le
to main kind a va-ser hot far-trun-ken

ki far-nu-men to va-ser vild a
a-le mi-ln a vu-sze iz der

va-ser roit hot zei a-rop ge-
ta-te itzt er zol unz e-sn

tro-gn un a-le mil-ner zai-nen itzt a-
kri-gn der ta-te iz a-vek mit zei a

vek in feld zich shlo-gn un
soi-ne tzu ba-zi-gn der

a-le mil-ner zai-nen itzt a
ta-te iz a-vek mit zei a

vek in feld zich shlo-gn Fine to
soi-ne tzu ba-zi-gn

דער טאַטע איז איצט אויך אין פֿעלד —
דו הערסט, מײַן קינד, אַ ברומען?
ער איז אַוועק, ער איז נישטאָ,
ווער ווייסט, ווען ער וועט קומען...

# האַרבסטליד

— 1 —

ס׳גיסט אַ גאַנצן טאָג דער הימל,
ווי אַ שוואַרצער ים איז אויבן,
און עס קײַקלען זיך טראָפּנס
אויף די טרויעריקע שויבן.

און מיר דאַכט זיך, יעדער טראָפּן
איז אַ ברענענדיקע טרער
אויף די וויסטע שלעכטע צײַטן,
וואָס עס לעבט זיך אַזוי שווער.

יעדער שאָרך פֿון ווינט אין פֿענצטער,
דאַכט מיר, איז אַ טיפֿער קרעכץ
אויף דער מענטשהייטס אַלטן ווייטיק,
אויף איר עלנטקייט און שלעכטס!...

— 2 —

בײַם פֿענצטער שטייט אַביימעלע
געבויגן, טרוקן, דאַר;
עס האָט דער האַרבסט עס קראַנק געמאַכט —
איך קאָן ניט זען זײַן צער.

פֿאַרצווייפֿלט שאָקלען זיך בײַ אים
די דאַרע צווײַגלעך אום
עס וויינט: אַך, זע, ווי פֿינצטער איז,
ווי טרויעריק אַרום!

מיר דאַכט זיך, אַז עס רעדט צו מיר:
— אוי, אומגליקלעכער מאַן,

צי איז אויף בליִען נאָך פֿאַר אונדז
אַ האָפֿענונג פֿאַראַן?!

צי וועט די זון, די וואַרעמע,
נאָך קומען ווען אַהער?
אוי, הער, דער ווינט קלאָגט יאָמערלעך,
די לופֿט — ווי קאַלט און שווער!

— 3 —

וואָס וויל ער, דער רעגן? וואָס קאַפּעט ער, וואָס?
וואָס רינט ער אָן אויפֿהער, וואָס רינט ער אָן מאָס?
ווער דאַרף אים, ווער בעט אים און וואָס איז זײַן מיין?
ווי נאַריש, ווי נאַריש — איך קאָן ניט פֿאַרשטיין!

און וואָס וויל בײַם פֿענצטער דער איינזאַמער בוים?
וואָס שטייט ווי פֿאַריאושט, וואָס אָטעמט נאַר קוים?
צו וואָס איז זײַן תּכלית בײַ אונדז דאָ געשטעלט?
וואָס בליט ער, וואָס וועלקט ער בײַ אונדז אויף דער וועלט!

וואָס ווילן די מענטשן, וואָס גייען אין גאַס?
עס איז אַזוי קאַלט, אַזוי פֿײַכט, אַזוי נאַס!
ווהין און צו וואָס? און וואָס שלעפּט מען זיך אום?
ווי נאַריש איז אַלץ דאָ, ווי נאַריש און דום!

— 4 —

ס׳איז דער האַרבסט געקומען,
ס׳וועלקן בוים און בלום;
געלע בלעטער זע איך
וואַלגערן זיך אום.

ס׳קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פֿײַפֿט אַ לידל צו,

און די אָר׳מע בלעטער
האָבן נישט קיין רו:

הייבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט, אָן מאַכט:
און דער ווינט דער בייזער
פּײַפט און שפּילט און לאַכט...

— 5 —

מיט התלהבות זינגט דער ווינט
און צעקאָכט איז ער אין גאַנצן,
שוואַכע בלעטלעך פֿון דער ערד
דרייען זיך און טאַנצן.

און נאָך העכער גרײַפּט דער ווינט
גרײַפּט דאָס ווילדע זינגען —
שוואַכע בלעטלעך פֿון דער ערד
דרייען זיך און שפּרינגען.

אָ, דו בייזער, בייזער ווינט:
נאָר דו זוכסט דיר פֿאַרגעניגן!
האָסט זיי אָפּגעפּליקט פֿון בוים,
לאָז זיי איצט שוין רויִק ליגן!...

— 6 —

און עס וויינט דאָס האַרץ אין מיר
אויף די בלעטלעך די גרינע,
ווען פֿאַרגעלט, פֿאַרדאַרט, פֿאַרוועלקט,
פֿאַלן, פֿאַלן זיי אין רינע.

און עס קלעמט דאָס האַרץ און קלעמט,
ווען איך זע דעם בוים, דעם העלד,
ליגט דערשלאָגן פֿון אַ בליץ,
אויסגעצויגן אויפֿן פֿעלד.

און עס דריקט דאָס האַרץ פֿאַר ווי,
ווען דעם וויסטן שניי אויף דר׳ערד
טרעטן מענטשנס שווערע טריט,
טרעטן, שמוצן־אײַן די פֿערד.

און עס גיסט מײַן אויג אַ טרער,
ווען דאָס אָר׳מע שיינע קינד
וועלקט אין קעלער פֿאַר דער צײַט,
וועלקט פֿאַר גאָר נישט, וועלקט אָן זינד...

— 7 —

כ׳האָב פֿײַנט די זון, כ׳האָב פֿײַנט די לבֿנה,
כ׳האָב פֿײַנט די אַלע שטערן;
כ׳האָב ליב דעם שטורעם און די וואָלקנס,
כ׳האָב ליב דעם הימלס טרערן.

כ׳האָב פֿײַנט די רויזן און די ליליען
כ׳האָב פֿײַנט די אַלע בליטן;
כ׳האָב ליב דאָס עלנט, טרוקןביימל,
וואָס שטייט אין פֿעלד אין מיטן.

כ׳האָב אַלעס פֿײַנט, וואָס לײַכט און פֿינקלט,
וואָס דינט נאָר צו באַשײַנען —
כ׳האָב ליב נאָר דאָס, וואָס אָרעם, עלנט,
וואָס מען דאַרף באַוויינען...

## אַליין

איך האָב צו זיך אַליין גערעדט,
צו שטילן מיר מײַן וויי;
די שפּיל זאָל עכטער זײַן, האָב איך
פאַרוואַנדלט זיך אין צוויי...

דער איינער איז געווען קלוג,
דער צווייטער גאָר אַ נאַר:
דער נאַר איז פול מיט טרייסט געווען,
דער קלוגער פול מיט צער.

דער קלוגער האָט געזאָגט אַזוי:
„נישטאָ שוין מער קיין גליק"!
דער נאַר האָט אָפּגעענטפערט שטאָלץ:
„דער פרילינג קומט־צוריק".

לאַנג האָבן ביידע דיסקוטירט,
דער — קעגן, יענער — פאַר;
דער קלוגער איז גערעכט געווען,
דאָך גליקלעכער — דער נאַר.

## אַ ווינטערליד

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פרײַ באַהערשט די וועלט!
ברעכט די צווײַגן, וואַרפט די ביימער,
טוט וואָס אײַך געפעלט!

טרײַבט די פייגל פון די וועלדער
און פאַריאָגט זיי פאָרט;

די וואָס קענען ווײַט ניט פֿליִען —
טויט זיי אויפֿן אָרט!

רײַסט די לאָדן פֿון די פֿענצטער!
שויבן ברעכט־אַרויס!
ברענט אַ ליכטל ערגעץ טונקל —
לעשט מיט צאָרן אויס!

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אײַער צײַט!
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווײַט...

פאָלקסמאָטיוו




## צווייערליי צער

איך טראָג אין האַרץ אַ גרויסן צער —
ער איז נישט מײַנער;
אָ, וועלט, נעם־צו פֿון מיר דעם צער —
ער איז דאָך דײַנער.

איך האָב בײַ דיר גענומען אים,
בײַ דײַנע קינדער;
געוואָלט אים לײַטערן אין האַרץ,
אים מאַכן לינדער...

מוזיק — מיכל געלבאַרט

andante doloroso

איך טראַג אין הארץ אַ גרוי—סן צער ער איז ניט
פון צער דײַן צו נעם וועלט א נער - מײַ
בײַ האב איך נער - דײַ דאך איז ער מיר
דיר גע - נו - מען אים בײַ דײַ נע—קינ - דער
געַ—וואלט אים לײַ - טע - רן אין האַרץ אים מאַ - כן
לינ—דער וואַקסט און מיד בײַ דאָרט ער וואַקסט נו
בײַ צו נעם וועלט אַ דער - שווע אלץ וואַקסט און
בן - איי מײַן דער - מע ניט קען איך צער דעם מיר
— לייד נוג - גע גרויס איז צער מײַן גרויס און
פאַר פלאַן קיין מער ניט מער ניט האַרץ מײַן האט עס דן
בײַ דײַ

נו, וואַקסט ער דאָרט ביַי מיר און וואַקסט,
און ווערט אַלץ שווערער;
אָ וועלט, נעם־צו דיַין צער פֿון מיר —
איך קאָן נישט מערער!

מיַין אייגן צער איז גרויס גענוג
און גרויס מיַינ' ליידן —
עס האָט מיַין אָרעם האַרץ נישט מער
קיין פּלאַץ פֿאַרביידן!...

## דו פרעגסט...

דו פֿרעגסט מיך, מיַין פֿריַינד, ווי אַלט איך בין שוין,
איך וואָלט עס דיר גערן דערציילן,
נאָר גלייב מיר, מיַין פֿריַינד, איך ווייס נישט אַליין —
עס האָט נישט געלוינט זיך צו ציילן...

דער קאַרגער ציילט געלט, דער גליקלעכער — טעג,
מען ציילט וואָס ס'איז ליב, וואָס ס'איז טיַיער;
מיַין לעבן, אָ, פֿריַינד, איז אַ וויסט־לאַנגער וועג,
און פּונקט פֿאַר אַ יאָרן, ווי היַיער...

אויב לעבן הייסט ליַידן, דאַן לעב איך שוין לאַנג,
דאַן האָב איך גענוג זיי, די יאָרן;
אויב לעבן הייסט הערן פֿון גליק כאָטש אַ קלאַנג,
דאַן בין איך נאָך גאָר נישט געבאָרן...

*Andante non troppo*

איך שוין בין איך — אַלט ווי פֿרײַנד מײַן מיך פֿרעגסט דו
דאַן — לאַנג שוין איך לעב דאַן לײַדן הייסט בן - לע

מײַן מיר גלויב נאָר — — צײַלט-דער רן - גע דיר עס וואָלט
הייסט בן - לע אויב — רן · יאָ די זיי נוג- גע איך האָב

צו זיך לוינט-גע ניט האָט עס לײַן - אָ ניט ווייס איך פֿרײַנד
גע — ניט נאָך איך בין דאַן קלאַנג אַ כאַטש גליק פֿון הערן

אַ ניט — ווייס איך פֿרײַנד מײַן מיר — גלויב נאָר — לן - צײַ
·אַ כאַטש — גליק פֿון הערן הייסט בן- — לע אויב — רן - באַ-

2ª vez Coda ✱

צײַלט גער-קאָר דער לן - צײַ צו זיך לוינט— גע ניט האָט עס לײַן-
נאָך איך בין דאַן קלאַנג

איז וואָס ליב איז וואָס צײַלט מע טעג כער- לע- גליק דער געלט

און וועג גער-לאַן וויסט אַ איז פֿרײַנד אָ בן- לע מײַן — ער - טײַ

אַ איז פֿרײַנדמײַן בן- - לע . מײַן — יאָר הײַ ווי רן- יאָ אַ פּאָר פּונקט

אויב יאָר הײַ ווי רן- יאָ אַ פּאָר פּונקט און וועג גער-לאַן - וויסט

D.C. al segno
Coda

Coda ✱ Coda

רן- באַ- גע — ניט

מוזיק — סידאָר בעלאַרסקי

## ירושה

ס׳הערשט צײַטס ירושה
אין אונדזער לעבן;
איך בענק נאָך קדושה,
אין ווײַטן שטרעבן.
אין שײַן פֿון שטערן
אַ זינגען הערן.
מיט זון, מיט שטראַלן
דאָס ליד פֿאַרוועבן,
צו קענען געבן
דאָס גרויסע, שיינע,
אין טעג אין קליינע
פֿון אונדזער לעבן...

## דאָס האַרץ

דאָס האַרץ דאָרשט נאָך ניגון
מיט ווערטער פֿון תּפֿילה,
מיט תּפֿילה פֿון שולן,
פֿון הונדערטער יאָרן,
מיט תּפֿילות וואָס זײַנען
אין גלויבן געבאָרן.
זינגט שומר ישׂראל,
אין איצטער, דעם טריבן,
שמור שארית ישׂראל —
וואָס זײַנען געבליבן.
צי גאָר על נהרות,
בײַ בבֿלס די טײַכן,
ווו ס׳ווײנט אונדזער צאָרן,
וואָס האָט נישט קיין גלײַכן.
און טענה זיך אויס
מיט ווערטער און ניגון,
עס זאָל אין געזאַנג כאָטש
ניט ווערן פֿאַרשוויגן...

## ניט שרעק!

ניט שרעק מיט אונטערגאַנג! —
דו וועסט אונדז ניט דערשרעקן,
עס וועט אין אונדז געזאַנג
און האָפֿענונג דערוועקן.

און דײַן נבֿואה — שוואַרץ
אויף אונדזער ליד און לשון

האָט נאָך אין זינגערס האַרץ
קיין איינציק קלאַנג פֿאַרשלאָסן...

דאָס פֿאָלק, וואָס האָט אין צוואַנג
גלײַך מיט זײַן שפּראַך געליטן,
וועט זי פֿון אונטערגאַנג
אין פֿרײַער צײַט פֿאַרהיטן...

און ווו ס׳איז דאָ געפֿאַר,
ווו וואָלקנס נאָר זיך קלײַבן,
וועט אונדזער ליד פֿון צער
און פֿרייד — זיי באַלד פֿאַרטרײַבן...

ביט צייל מיט שפּאָט און האַס:
די מחנות ווערן קלענער!
גיי הער אין הויז, אין גאַס
פֿון אונדזער ליד די טענער!

בײַ אַרבעט, ווען ס׳מאַכט מיד,
בײַ קאַמפֿן און בײַ זיגן,
דאָס נײַע יידיש ליד,
ווערט קיין מאָל ניט אַנטשוויגן...

ביט זאָג: דער יונגער דור
איז שוין אַוועקגעגאַנגען,
הער ווי עס הילכט דער כאָר
פֿון אונדזערע געזאַנגען.

דאָס יידיש ליד זיך וועבט
אין וועלט, אין אַלע עקן,
עס רופֿט, עס זינגט, עס לעבט! —
דו וועסט אונדז ניט דערשרעקן...

## דאָס בילד פון גלויבן

איך גיב זיך נאָך ניט אונטער —
גאָטס גייסט אויף מיר נאָך רוט:
די וועלט וועט זײַן נאָך מונטער,
דער מענטש וועט ווערן גוט.

איך לאָז זיך ניט פֿאַרפֿירן
פֿון דעם וואָס שרעקט און פּרעסט,
איך זע נאָך אָפֿן טירן,
דעם יום־טובֿ און די געסט...

וואָס איז דער רשע אויסן?
דערשרעקן מיט זײַן גרים.
דער הימל הענגט נאָך דרויסן,
איז גאָט נאָך דאָ אין אים...

ביז וואַן דאָס וואָרט פֿון אמת
אין אונדזער האַרץ נאָך גליט —
איך ווייס דער זיג איז וועמעס,
דער רשע זיגט דאָך ניט.

ביז וואַן דאָס וואָרט — אַ וועקער
צו פֿרײַהייט און צו פֿליכט,
וועט ער, דער האַר פֿון שקר,
פֿאַרגיין בײַם מאָרגנליכט...

## שאָטן

אין דער היים דאָרט, בײַ מײַן זיידן
איז אַ לעמפּעלע געווען;
אין די אָוונטן פֿלעגט עס ברענען,
שוואַך און טונקל, קוים צו זען...

בלויז דעם זיידן בײַ דעם ספֿר
לײַכט דאָס לעמפּעלע ניט פֿיל;
מיר, דאָס קליינוואַרג, אין דער פֿינצטער
אײַנגעטוליעט זיצן שטיל...

נאָר די שאָטנס, הויך און ריזיק,
טאַנצן, שפּרינגען אויף די ווענט;
גרעסער איז דעם זיידנס שאָטן —
כ׳האָב אים לויט דער באָרד דערקענט...

קליין דאָס לעמפּל, קורץ דאָס קנייטל,
דאַכט זיך, באַלד אָט לעשט זיך אויס...
דאָך די שאָטנס, ווי זיי זײַנען
אַזוי אָנזיכטיק און גרויס...

אַך, פֿון וואַנען — טראַכט זיך דעמאָלט —
ווערן שאָטנס ווי פֿון שפּרוך?
צי פֿון זיידנס צויבער־לעמפּל?
צי פֿון זיידנס אַלטן בוך?

לאַנג געשטאָרבן איז דער זיידע,
און דאָס לעמפּל ברענט ניט מער;
ביידנס קנויטן אויסגעלאָשן —
און דער ספֿר אויך ניט דער!

אַלץ באַנײַט און אַלץ געענדערט,
און פֿאַרלאָשן און פֿאַרווישט —
דאָך די שאָטנס, יענע שאָטנס
שפּרינגען אַלץ נאָך, שטאַרבן נישט.

## דער אויוון

שטייט אין שטוב אַ גרויסער אויוון
ווי ער וואָלט זיך וועלן רייצן...
און די אָרעמע באַלעבאָסטע
האַלט אים שטענדיק אין איין הייצן...

ס׳איז אַן אַלטער, בייזער אויוון,
קוקט אַזוי מיט צער און רוגז;
ס׳וויל אויך נאַפּט אין אים ניט ברענען,
תמיד שטייט ער קאַלט און ברוגז.

צענדלינג שוועבעלעך אויסגעריבן,
אָנגעלייגט די בעסטע קאָרע [1] —
ער פֿאַרלעשט אַלץ מיט זײַן אָטעם,
ווי געשאַדט וואָלט אים עין־הרע...

און עס העלפֿן אים קיין סגולות:
ס׳שפּאַרט דער רויך אַלץ אומגעהײַער...
און די אָרעמע פֿרוי — זי שטיקט זיך,
און עס זעט זיך קיין פֿונק פֿײַער...

הייבט זי אָן דעם מוליער שילטן —
(יענער איז שוין לאַנג געשטאָרבן)
טראָגט זיך אָן דער מאַן פֿון דאַוונען,
פֿאַלט ער גלײַך איר פֿאַר אַ קרבן...

לויפֿט ער ווידער אין בית־מדרש,
דאָרט איז רויִק, דאָרט איז וואַרעם —
כאַפּן־צו זײַן טייל די קינדער,
און זי וויים ניט פֿון דערבאַרעם...

---

[1] ווײַסע „הויט”, ווי שאָלעכץ, אויפֿן בוים.

און דאָס האָלץ ווייל אַלץ ניט ברענען,
ביי דער אָר׳מער, קראַנקער מאַמען,
דאָך אין האַרצן ברענט אַ גיהנום,
אַזש די דאַרע באַקן פֿלאַמען...

## דאָס אייביקע ליד

וואָס שאַף איך, וואָס זינג איך?
מיין חבֿר, דו פֿרעגסט?
כ׳מאַך נייע ניגונים
צום אייביקן טעקסט.

„בזעת אַפּיך" —
איך פֿיל עס און וויים —
„דיין ברויט זאָלסטו עסן
מיט בלוטיקן שווייס".

„זאָלסט שטענדיק זיך מיִען
אין גאַס און אין שטוב,
„עד שובֿך" — ביז וואַנען
וועסט קומען אין גרוב".

די תּורה, מיין חבֿר,
הייבט־אָן זיך דערמיט,
און ס׳נעמט גאָר קיין ענדע
ס׳פֿאַרשאָלטענע ליד...

## אויפֿן באַרג

איך בין אויפֿן באַרג,
מיין האַרץ איז אין טאָל;
דאָרט האָב איך געהאַט
אַ ברודער אַמאָל...

איך בין אויפֿן באַרג
פֿון אַלעמען ווייט —
מיין ברודער פֿון טאָל
גייט־נאָך ביי מיין זייט.

איך בין אויפֿן באַרג,
דאָ איז אַזוי שיין —
מיר דאַכט, אַז איך הער
פֿון טאָל אַ געוויין.

אַזוי ווי אַ קרוין
די זון אויף מיין קאָפּ,
עס ווינקט מיר אַ האַנט:
— צום טאָל קום־אַראָפּ!

איך בין אויפֿן באַרג...
קיין שאָרך און קיין ריר...
כ׳הער עמעצער שרייט:
— דערמאָן זיך אין מיר...

## די נייע פאַן

הער, מײַן קינד, דעם גרויסן װוּנדער
װאָס אַ פאָן באַטײַט;
אין אַ טיפער הייל באַזונדער
זיצט די מוטער צײַט.

זיצט זי דאָרטן שטיל און אַרטיק,
װעבשטול איז איר טראָן,
און זי װעבט און מאַכט דאָרט פאַרטיק
גאָר אַ נײַע פאָן!

ליבסטע פאַרבן, שענסטע קװײטן
װעבט זי דאָרטן אײַן,
פאַר דעם נײַעם טאָג זי גרייטן,
װאָס עס דאַרף נאָך זײַן...

אַלע האָפ׳נונגען, באַגערן
װעבט זי אויס, די צײַט;
װי די פאָן װעט פאַרטיק װערן
װערט די װעלט באַפרײַט.

## טראָמפּייטן שאַלן

היי, איך הער טראָמפּייטן שאַלן
פון דער װײַט;
און פון טויערן דאָס פאַלן —
װאָס באַטײַט?
װערט װוּ װײַט אַ פאָלק געבוירן?
גייט װוּ װײַט אַ פאָלק פאַרלוירן?
היי, װער רײַט?

קומט אַן אַנזאָגער פון לעבן
אונ באַפרייט פון נויט?
וואָס זשע שרעקן זײַנע אויגן
און זײַן מאַנטל — רויט?
ווי עס ברומט!
היי, ווער קומט?

גייט וואָס ווערן אָדער ענדן?
קומט ער בויען, צי פאַרלענדן?
קומט ער טרייסטן אָדער שטראָפן?
קומט ער וועקן די וואָס שלאָפן
שוין אַ צײַט?

ווי עס ברומט!
היי, ווער קומט
פון דער ווײַט?...

## אָ, גיכער, משיח!

אָ, גיכער, משיח, אָ, גיכער שוין קום!
עס רינגלט די גאַנצענע וועלט שוין אַרום,
ווי גיפטיקע שלאַנגען, דער הונגער און נויט,
און הפקר און פחד, און אַנגסטן, און טויט.
עס וויל שוין נישט אַלעמען שפּײַזן די ערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפן ווײַסינקן פערד.

אָ, קום שוין, משיח! עס דריקט אומעטום
די קייטן פון קנעכטשאַפט אַרום און אַרום:
עס האָט שוין קיין אָרט דאָס אומשולדיקע בלוט,
וואָס שפריצט און וואָס גיסט זיך פון אונטער דער רוט.
עס ראָסטעט פון מענטשלעכע בלוט שוין די שווערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפן ווײַסינקן פערד!...

# דאָס געבעט

עס הערט זיך דער דונער פון ווייטן,
עס בלענדט אין די אויגן דער בליץ.
— אָ, גאָט, האָב רחמנות, די אָרעמע
פון אַ בייזן געוויטער באַשיץ!

מוזיק — מיכל געלבאַרט

*Undante patetico*

Es hert zich der du-ner fun vai — tn es
blent in di oi — gn der blitz o
got o got hob rach-mo — nes di
or — me fun bei-zn ge — vi-ter ba-shitz di
or — me fun bei — zn ge — vi — ter ba — shitz Fine Vos
ar-be-tn itzt in di fel — der ge-
fi — nen zich vait fun der heim un
ho — bn kain ort zich tzu shi — tzn kain
shai-er kain de-cht kain boim vos

וואָס אַרבעטן שווער אויף די פעלדער,
געפינען זיך ווייט פון דער היים

און האָבן קיין אָרט ווו זיך שיצן,
קיין שײַער, קיין דעכל, קיין בוים!

וואָס זײַנען אַוועק אונטערוועגנס,
די פֿורן מיט משׂא פֿאַרלייגט,
און ווײַט איז פֿאַר זיי נאָך אַ קרעטשמע,
און ווערן פֿון רעגן צעווייקט.

וואָס שטייען אין מאַרק מיט די קוישן,
מיט עפּל, מיט גרינס און מיט ברויט,
און אַלע וואָס זײַנען איצט דרויסן,
וואָס ס'טרײַבט זיי דער הונגער און נויט.

און אַלע וואָס זײַנען פֿאַרוואָגלט,
וואָס האָבן קיין ווינקעלע ניט —
די אַלע פֿון בייזן געוויטער
באַשירעם זיי, גאָט, און באַהיט!

## דער ניגון

איך האָב איר זאָגן פֿיל געוואָלט
און האָב געשוויגן:
דאָס וואָרט וואָלט קאַלט און קאַרג געווען,
עס ברויך אַ ניגון...
דער ניגון האָט אין האַרץ גערוט,
און טיף פֿאַרשלאָסן;
כ'האָב שפּעטער ערשט פֿאַר שטיין און בוים
אים אויסגעגאָסן.

# די קירכן-גלאָקן

אַך, וואָס קלינגט איר, קירכן-גלאָקן!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקן
האָבן אייַערע ווילדע טענער
אונדזער אָרעמע וועלט!

פאָלקסמאָטיוו

*Moderato*

אַך וואָס קלינגט איר קיר - כן - גלא - קן
הערט שוין אויף גע - נוג גע - שרא - קן
הא - בן איַ - רע ווי - לדע טע - נער
אונ - דזער אָ - רע - מע וועלט איַ - רע טע - נער
דאַכט זיך רו - פן צו פאַר - ברע - נען
מענ - טשן - גו - פן אויף די הוי - כע
ע - שאַ - פּאַ - טן וואָס איר האָט גע - שטעלט

אייַערע טענער, דאַכט זיך, רופן
צו פאַרברענען מענטשן-גופן
אויף די הויכע עשאַפאָטן [1]
וואָס איר האָט געשטעלט.

[1] פאָדיום, טריבונע, וווּ מ׳פלעגט דורכפירן די טויט-אורטיילן.

אײַערע טענער רופֿן הענקערס
צו מאַרטירן יעדן דענקערס
יענעם קאָפּ אַראָפּצוהאַקן,
וועלכער בייגט זיך ניט...

אָ, איר ווילט די וועלט פֿאַרוויגן
מיט אַ שוואַרצן טויטן ניגון
און פֿאַרדעקן מיט אַ מאַנטל
פֿון אַ יעזויִט!

כ׳האָב אַ נײַעם גלאָק באַשאַפֿן,
צו דערוואַכן מידע שקלאַפֿן —
ניט אין קירכן — אין דער לופֿטן
הענג איך אים אַרויף;

ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן
גאָר די וועלט אין אַלע עקן,
קלינגט ער מוטיק, רופֿט ער פֿריילעך:
שטייט צום לעבן אויף!

1904

## אַ געזאַנג צו קעמפּערינס

וועלכע פֿאָנען פֿלאַטערן
ווי אַ ים אַ ברויזנדער?
וועלכע טריט עס הערן זיך
פֿון די צענדליק טויזנטער?

עפּעס הער איך זינגענדיק
לידער קיין געוויינלעכע,
און ווי קומט באַגײַסטערונג
אין די טעג די קליינלעכע?

היי, דער מאַרש, דער אײדעלער,
איז אַזוי באַדײַטנדיק,
פּונקט בת־מלכות ווען פּאָרויס
פּאָרט די מלכּה רײַטנדיק!

וועלכע אויגן שטראַלן עס
אַזוי לוסטיק בליקנדיק?
וועלכע שטימען שאַלן עס
אַזוי העל אַנטציקנדיק?

קענט איר אונדז׳רע שוועסטערס נישט?
די אין שעפּער טרויערן?
איצט אין קאַמף מאַרשירן זיי
צו די פרײַהייטס־טויערן.

נעמט מיך פרײַנדינס, מיט מיט אײַך,
כ׳בין אַ ברודער אײַערער,
אונטער פרײַהייטס־פאָן זײַט איר
שענער נאָך און טײַערער!

## די שבועה

איך בין ניט קיין אַלטינקער מלך,
דאָך וואָלט איך, ווי דוד המלך,
געוואָלט אויך אַ תהילימל שרײַבן
פאַר שפּעטערע דורות זאָל בלײַבן...

און פילע באַטריבטע געמיטער
מיט הייליקע אַנגסטן און ציטער —
זיי זאָלן עס זינגען, די האַרציקע טענער
און ווערן געלײַטערט און שענער...

איך האָב מיר אַ שבֿועה געגעבן
ניט וועלן קיין גליק און קיין פֿרייד,
נאָר שענקען און ווידמען מײַן לעבן
דעם מענטשלעכן עלנט און לייד.

כ׳בין שפּעטער אויף שׂמחות געגאַנגען,
מיט פֿריילעכע לײַט זיך געמישט
געזונגען מיט זיי גלײַך צוזאַמען —
די שבֿועה געבראָכן דאָך נישט.

## אָפּט מאָל ...

אָפּט מאָל וויל איך האָפֿן, גלייבן,
אַז נישט אַלץ איז נאָך צערונען.
שײַנען וועט די זון נאָך אויבן
און אויך אונטן וועט דאָ גרינען.

אָפּט מאָל דאַכט מיר, אַז מײַן גוטע
וועט נאָך ווען אין טיר מיר קלאַפּן,
און אַ רגע אַ באַרוטע
וועל איך נאָך פֿון לעבן כאַפּן.

אָפּט מאָל חלומט מיר אַ חלום,
אַז נישט אַלץ איז נאָך פֿאַרפֿלויגן:
קומען וועט אויף דר׳ערד דער שלום
מיט די מילדע, גוטע אויגן.

אָפּט מאָל טרוים איך, אַז געקומען,
איז משיח שטיל צו רײַטן
און די ערד איז דורך אין בלומען,
און ער זינגט אין אַלע זײַטן...

## דער צייכן

עס זיצט נאָך ווי פֿאַרבאָרגן,
אין שטילקייט פֿון דער נאַכט,
נאָר צווישן הײַנט און מאָרגן
די בשׂורה ווערט געבראַכט.

עס איז שוין דאָ דער צייכן,
דער וועג איז שוין באַוווּסט;
מיר וועלן באַלד דערגרייכן
וווּ ס׳האָט שוין לאַנג געגלוסט.

עס זײַנען שוין פֿאַראַנען
די העלדן דאָ און דאָרט,
וואָס שפּירן און וואָס אַנען
דעם צויבער פֿון דעם וואָרט.

זיי זײַנען אָנגעקומען,
די ברידער זײַנען דאָ,
וואָס האָבן שוין באַנומען
די וווּנדער פֿון דער שעה.

די מידע און די מאַטע
זיי טראָגן שוין די פֿאָן,
זיי הערן שוין איר פֿלאַטער
און פֿרײַען הימענס טאָן.

## צו מיין דור

איך האָב אים ליב, מײַן דור,
מײַן דור פֿון אידעאַלן
און ביז מײַן לעצטן יאָר
זײַן ליכט וועט אויף מיר פֿאַלן.

איך האָב זיי ליב, די פֿרײַנד,
וואָס האָבן הינטער גראַטן
געפֿינצטערט זייער הײַנט —
דעם מאָרגן נישט פֿאַרראַטן.

איך הער די שטאָלצע רייד,
כ׳זע פֿלאַמען אין די אויגן,
און בײַ דער טיפֿסטער לייד
האָט איר זיך נישט געבויגן!

איך האָב אים ליב, מײַן דור,
וואָס האָט געגלויבט, געליטן,
און ביז מײַן לעצטן יאָר
וועל איך זײַן גלויבן היטן.

און ביז די לעצטע טעג
מיט אײַך זײַן, פֿרײַנד און ברידער,
און גיין אין אײַער וועג
און זינגען אײַערע לידער.

1920

# דער מאַראַן

מוזיק — ש. בוגאַטש

ANDATE ANIMATO
ZOG MA-RAN DU BRU-DER MAI-NER VU IS GREIT DER
SEI-DER DAI-NER IN TI-FER HEIL IN A-CHEI-DER
DORT HOB ICH GEG-REIT MAIN SEI-DER ZOG MA-RAN MIR
VU BA VE-MEN VES-TU VAI-SE MA-TZES NE-MEN
IN DER HEIL OIF GOT'S BA-RO-TN HOT MAIN VAIB DEM TEIG GEH
NO-TN REPEAT 2 TIMES THEN CODA
CODA VEN DER SOI-NE VET MICH FAN-GEN VEL ICH SHTAR-BN MIT GE-ZAN-GEN

— היי, מאַראַן, מאַראַן,
אומגליקלעכער דו!
אין דײַן האַרץ איז האַס,
אין דײַן אויג איז רו.

אין דײַן האַרץ איז האַס,
קענסט דאָך גאָר נישט טאָן,
ווען עס רופֿט דער גלאָק
צו דער פּראָצעסיאָן!

ווען עס קלינגט דער גלאָק
צלמסטו זיך דאַן,
ציטערט דיר די האַנט,
אָרעמער מאַראַן!

הערסט דעם גלאָקנקלאַנג —
עמעץ ווערט פֿאַרברענט...

— ס'איז דײַן ברודער דאָרט
האָסט זײַן קול דערקענט?

וויינען ווילט זיך דיר,
נאָר דו האַלטסט זיך אײַן;
העפּלעך אין געשפּרעך
לאָזסטו זיך אַרײַן.

גריסט דיר אַ מאָנאַך,
שמייכלסטו אים צו,
היי, מאַראַן, מאַראַן,
אומגליקלעכער דו!...

ווי וואָלסטו געוואָלט,
בײַ דעם אַש און רויך
— זאָגן וואָס דו טראַכסט
און פֿאַרברענט זײַן אויך!

1918

## די צויבערין

איך הער, ווי אַן אָפּקלאַנג פֿון פֿינצטערע ווײַטן,
עס וועבט זיך אַ מעשׂה פֿון טונקעלע צײַטן,
אַ מעשׂה אַן אַלטע, פֿון כמיעלניצקיס טעג —
עס רוישט פֿון קאָזאַקן דאָס ווילדע געיעג...

צי האָב איך די מעשׂה ווען קינד כ׳בין געווען,
פֿון זיידן געהערט, צי אין ביכער געלעזן?
עס איז אַזוי נאָענט, עס איז אַזוי ווײַט —
זי גלייבט זיך און פּאַסט זיך אין הײַנטיקער צײַט...

*

עס פֿליט אַ קאָזאַק אויף זײַן פֿערד,
עס טרייסלט אונטער אים די ערד:
און נישט אַליין דער קאָזאַק רײַט —
אַ מיידל האַלט ער בײַ דער זײַט.

די האָר צעפֿלאָסענע אין ווינט —
זעט ווי אַ מלאך אויס דאָס קינד...
דער טײַוול האַלט זי דאָך אין האַנט
און פֿליִען איז זי נישט אין שטאַנד.

דער קאָזאַק איז צו איר דאָך גוט,
און ווילד און ווילדער קאָכט זײַן בלוט...
ער פֿליט מיט איר אַהיים צו זיך,
און זײַנע ווערן דאַרף זי גיך...

און אָט איז זי אין קאָזאַקס צעלט —
אַ שטיבעלע אין מיטן פֿעלד,
און פֿרעמדע בילדער אויף די ווענט,
און פֿרעמדע ליכט אין ווינקל ברענט...

דער קאָזאַק נעמט זי פֿאַר אַ האַנט;
זי איז זיך ווערן נישט אין שטאַנד,
זי בעט זיך שטיל: — לאָז אָפּ, לאָז אָפּ!
און זינקט איר שיינעם, שטאָלצן קאָפּ.

דער קאָזאַק נעמט זי פֿעסטער אָן
און לאַכט: — וואָס קענסטו איצטער טאָן?
דײַן היים פֿאַרוויסט מיט פֿײַער, שווערד,
האָסט קיינעם אויסער מיך אויף דר'ערד...

— בלויז דיך אַליין? מער קיינעם איצט?...
אין אירע אויגן פֿײַער בליצט...
איר שטאָלצער קאָפּ האָט וואָס פֿאַרטראַכט,
און רויִק ווערט זי און זי לאַכט...

— מײַן ליבער הער, ווי באַלד אַזוי,
בין וויליק איך צו זײַן דײַן פֿרוי,
דאָך מוז איך זאָגן, ווער איך בין:
זײַ וויסן: — כ'בין אַ צויבערין!...

דער קאָזאַק הערט זי אויס און שטוינט:
צי האָט די זאַך אים גאָר געלוינט?...
אַ צויבערין גאָר בײַ זיך אין שטוב...
דאָך האָט ער זי שוין צו פֿיל ליב...

דאַן נעמט זי אָן אים פֿאַר אַ האַנט
און זאָגט: — דו ווייסט, איך בין אין שטאַנד
פֿאַרצויבערן דיך אויף אַלע מאָל,
עס זאָל ניט שאַדן דיר קיין קויל...

דער קאָזאַק שטעלט די אויגן אויס
און צווייפֿל קוקט פֿון זיי אַרויס;

ער גלעט דעם שטערן און ער לאַכט:
—זאָג, ווי אַזוי וואָלטסטו עס געמאַכט?

דאַן שמייכלט זי צו אים פֿאַרשייט:
— איך האָב צו טאָן מיט יענע לײַט,
איך האָב אַליין פֿאַרכישופֿט זיך
און ס׳קאָן קיין קויל נישט טויטן מיך.

גוטמוטיק לאַכט דער קאָזאַק: ניין...
דאַן ענטפֿערט זי: — פּרוביר אַליין...
אָט שטייט דײַן ביקס, לאָד־אָן און שיס,
און שאָדן וועט מיר נישט געוויס...

דער קאָזאַק טראַכט: — דאָס איז כּדאַי...
ער לאָדט די ביקס און צילט זיך פֿרײַ.
דאָס מיידל שטייט פּונקט ווי פֿאַרשטאַרט,
דאָך שמייכלט זי צו אים און וואַרט...

אַ קנאַק פֿון ביקס... געטראָפֿן גלײַך...
דאָס מיידל ליגט אין בלוט אַ טײַך...
דער קאָזאַק פֿאַלט צום קערפּער צו
און קריצט די ציין: — ווי פֿאַלש ביסטו...

## די וואַנט

די אויגן — פֿול צאָרן, פֿאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגן מיט קראַפֿט און מיט מוט.
מיר שטייען בײַ אַ הויכער, געמויערטער וואַנט
מיט העק און מיט האַמערס און אײַזנס אין האַנט —
מיר ברעכן די וואַנט!

די וואַנט איז געמויערט גאָר פֿעסט און גאָר דיק,
פֿאַרצוימט אונדז די וועגן צום לעבן, צום גליק,

פֿאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פֿון פֿרייִלעכן טאָג אונדז אַ פֿינצטערע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט!

און פֿאַלט פֿון דער שטיינערנער וואַנט ווער אַראָפּ,
אַ שטיין צי אַ ציגל טרעפֿט וועמען אין קאָפּ —
די איבעריקע בלײַבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק
און אַרבעטן ווײַטער, מע לויפֿט נישט אַוועק —
מיר ברעכן די וואַנט!

פֿאָלקסמאָטיוו




די אַרבעט דאַרף דויערן, די אַרבעט איז שווער —
פֿאַרזאַמלט אײַך, ברידער, קומט אַלע אַהער!
זאָל יעדערער צולייגן פֿעסטער זײַן האַנט —
מיר וועלן די הויכע, די פֿינצטערע וואַנט
צעברעכן, צעברעכן די וואַנט!

## דער פאַרלאַנג

מיר קאָנען נישט דערוואַרטן זיך
אויף אונדזערס אַ פאַרלאַנג,
זײַן וועג איז שווער און דויערדיק,
ער ענדערט זיך אין גאַנג.

און קומט ער אָן — דערקענען אים
איז שווער — ער איז פאַרבלייכט;
אַזוי דערגרייכט מען קיין מאָל נישט
אויף דאָס, וואָס איז דערגרייכט...

## אייביקער זוכער

„איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, און געגאַנגען!״ —
דערציילט די באָבעס האָבן אונדז גאָר לאַנג;
די מעשׂהלעך זײַנען לאַנג, שוין לאַנג פאַרגעסן,
דאָך זעען מיר נאָך יענעם אַלץ אין גאַנג...

„איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, און געגאַנגען!״ —
(באַהאַלטן ליגט דערין אַ טיפער זין!);
ער האָט געזוכט, געזוכט דעם וועג און נישט געפונען,
און איז געגאַנגען ווײַטער, ווײַטער, אַלץ אַהין!

און יעדער העלד פון יענע מעשׂהלעך די אַלטע,
— געווען איז ער אַ בעטלער, צי אַ האַר —
איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, און געגאַנגען!
(ווי קלינגט דאָ טיף און שיין דעם זוכערס צער!)

„איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, און געגאַנגען!״
מיר גייען אַלע מיט מיט יענעם אַלטן העלד.
ווער ס'זוכט און זוכט אַ פּאַלאַץ ערגעץ אונטער היילן,
און ווער אַ קליין שטיבעלע אין פעלד...

## אויפֿן ניל

שווימט דאָס קעסטל אויפֿן טײַך,
אויפֿן גרויסן ניל;
שווימט דאָס קעסטל רויִק, גלײַך,
שווימט דאָס קעסטל שטיל.

אָ, די כוואַליעס זײַנען דאָך
נישט ווי פּרעה שלעכט,
נישט דערטרינקען וועלן זיי
משיחן פֿון קנעכט.

און די כוואַליעס רוישן נישט,
גייען צאַרט און לינד.
ווי זיי וואָלטן היטן זיך
טאָן אַ לייד דעם קינד.

מוזיק — מיכל געלבאַרט

*andantino*

## פסח

גאַנצער ווינטער אין מײַן האַרצן
איז געווען — גליטשיק, חושך.
ס׳האָט דער פֿרילינג זיך באַוויזן
און אין האַרצן איז איצט פּסח...

אויסגערוימט פֿון דאָרט דער חמץ,
אַלץ וואָס ס׳איז געווען זויער;
אויסגערוימט די שימל־זאָרגן
און דעם אַלטן, קאַלטן טרויער.

כ׳פֿיל אַ סדר אין מײַן האַרצן,
רייַן און ליכטיק גאָר אַ וווּנדער;
קום, דו, פֿרײַהייט, אין מײַן האַרצן —
זײַ די מלכּה דאָרט אַצינדער!...

## שפוך חמתך

שפֿוך חמתך על הגויים —
די וואָס האָבן ניט פֿאַרשטאַנען
יענע גאולה פֿון מצרים,
די באַפֿרײַונג פֿון טיראַנען!

וואָס זיי האָבן דיך געצווונגען
אין די קעלערן און היילן
זיך באַהאַלטן, און פֿון פֿרײַהייט
דײַנע קינדער צו דערציילן.

שפֿוך חמתך על הגויים —
וואָס פֿאַרשטייען ניט גאָטס נאָמען

און דער פּסח, און דער פרילינג
דינט אַ צייכן פֿאַר פּאָגראָמען...

ווײַל זיי האָבן אין די כּוסות
דיר געגאָסן שרעק און סם,
און פֿאַרפֿלעקט דײַן ריינסטן יום־טובֿ
מיט אַ בייז׳ עלילת־דם...

## אין אונדזער לאַנד

אין אונדזער רוישיק לאַנד,
אויף וועגן אומבאַשרענקטע,
מיר גייען שטיל אַרום
פֿאַרטראַכטע און פֿאַרבענקטע.
און ווער ס׳פֿאַרשווײַגט זײַן וויי —
מען וועט זײַן וויי דערשפּירן,
ס׳האָט יעדער אין זײַן האַרץ
זײַן היים געבראַכט צו פֿירן.
און אין געיעג און רויש,
אין טומל, אין געווימל —
זעט יעדער אין דער הייך
זײַן אייגן שטיקל הימל.
און יעדעס וואָלקנדל,
וואָס איז דאָ ערשט געבאָרן,
דערמאָנט אים אין דער היים
פֿאַר ווײַטע מײַל און יאָרן...
און יעדער שיפֿסיינגל,
באַגלייט מיט בייזן ברומען,
דערמאָנט אים יענע שיף
און יענעם טאָג פֿון קומען.

# דאָס נייע ליד

פאָלקסמאָטיוו

*allegretto*

און זאָל ווי וויַיט נאָך זיַין די ציַיט פון
לי - בע און פון ש - לום דאָך
די שפּעט צי פרי צי וועט מען - קו
מען עס איז ציַיט קיין ח - לום דאָך
די שפּעט צי פרי צי וועט מען - קו
מען עס איז ציַיט קיין ח - לום
D.C.

און זאָל ווי וויַיט
נאָך זיַין די ציַיט
פֿון ליבע און
פֿון שלום —
דאָך קומען וועט,
צי פֿרי, צי שפּעט,
די ציַיט — עס איז
קיין חלום.

און יעדער טאָן
פֿון ליד זאָגט־אָן:
די זון איז אויפֿגעגאַנגען.

איך הער דאָס ליד
פֿון ליבע, פֿריד,
די מעכטיקע געזאַנגען;

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט,
פֿול האָפֿענונג, לוסט און
שטרעבן;

איך הער אין לופֿט,
אַ שטימע רופֿט
צו גליק און פֿרייד און לעבן.

1900

## אויפֿן וואַסער

אויפֿן וואַסער גייען שיפֿן
גייען שיפֿן הין, צוריק —
איך האָב אַלץ נאָך נישט באַגריפֿן,
וואָס איז פֿרייד און וואָס איז גליק.

אין די וועלדער קאָן מען הערן
ביימער רוישן אין די נעכט —
איך קאָן אַלץ נאָך נישט באַקלערן,
וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט.

אין די טאָלן ווינטן יאָגן,
יאָגן־אום און ווערן שטיל —
איך קאָן אַלץ נאָך קיינעם זאָגן,
וואָס איך זוך, וווּהין איך ציל...

## אין די ווייטסטע לענדער

אין די ווײַטסטע לענדער
זײַנען מיר צעשפּרייט —
יעדער טייל אַ רינגל
אין דער לאַנגער קייט.

בײַ די אַלע טײַכן,
ניט פֿון בבֿל בלויז,
זײַנען מיר געזעסן
זוכנדיק אַ הויז.

איצטער איז אונדז טײַער
גאָר די גאַנצע וועלט.

מוזיק — מיכל געלבאַרט

Allegretto

ס׳שטייט בײַ ווײַטסטע ברעגן
אונדזערס אַ געצעלט [1]...
וואָסער ליד מיר הערן —
איז באַקאַנט דער טאָן,
ווו אַ טײַך עס ריזלט —
ווייט אַ בענקשאַפֿט אָן.
וואָסער [2] פּאָן עס פּלאַטערט —
גריסט זי אונדז באַקאַנט,
וואָסער שיף עס זעגלט —
צו אַ ברודערס לאַנד.

1916

[1] ביידל, פּראָוויזאָריש שטיבל (אין פעלד). — [2] וואָס פאַר אַ, וועלכער ס׳איז.

## צוויי וועגן

— 1 —

וו׳היך גייט איר, יונגע קינדער,
אַזוי פֿאַמעלעך, שטיל?
אַך, גייט דאָך, גייט געשווינדער —
צו גיין האָט איר נאָך פֿיל.

עס ענטפֿערן די קינדער:
— דער וועג איז אונדז באַקאַנט,
די זיידעס און די באָבעס
זיי האָבן דאָ געשפּאַנט...

מיר גייען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם,
ווײַל דאָרט, איר זעט, פֿון ווײַט,
דאָרט שטייט שוין דער בית־עולם...
מיר האָבן צײַט נאָך, צײַט...

— 2 —

— ווו גייט איר, יונגע קינדער,
וואָס זינגט איר אַזוי שטאַרק?
איר זײַט דאָך שוין פֿאַרמאַטערט
צווישן טאָל און באַרג.

עס ענטפֿערן די קינדער:
— דער וועג איז אַזוי נײַ...
מיר יאָגן, יאָגן שנעלער
און זינגען־צו דערבײַ...

דער וועג — אַן אומבאַקאַנטער,
און ס׳איז אַזוי צו מוט...
בלויז טאָלן, בערג און פֿעלדזן —
ס׳מוז ערגעץ ווו זײַן גוט!...

## אָפּשייד

און אַז דו וועסט, מײַן טײַער לעבן, אַוועקפֿאָרן,
וועל איך גיין צו דער באַן דיך באַגלייטן;
און אַז דו זאָלסט מיך באַלד נישט פֿאַרגעסן,
וועל איך שענקען דיר אַ קרענצעלע קווייטן.

און אַז עס וועלן אָנהייבן די קווייטן צו וועלקן,
ווי דו וועסט נאָר איין סטאַנציע אָפּפֿאָרן —
זאָלסט באַלד וויסן, אַזוי בין איך אויך
אָן דיר גלײַך פֿאַרוויאַנעט געוואָרן...

## עס דאַכט מיר...

עס דאַכט מיר, איך האָב וואָס פֿאַרלוירן אין וועג,
איך ווייס דאָך נישט וואָס...
זאָל איך צוריקגיין? עס איז אַזוי ווײַט —
עס איז אַ פֿאַרדראָס!
איך האָב וואָס פֿאַרלוירן און ווייס דאָך נישט וואָס...
צי האָט עס אַ ווערט?
לאָז איך עס איבער — דער טאָג איז שוין קורץ,
און גרויס נאָך די ערד...
עס פֿאַלן שוין שאָטנס פֿוןביימער און בערג —
מײַן שאָטן איז לאַנג...
דאָס האַרץ איז נישט רויִק, עס שרײַט: קער זיך אום,
דער שאָדן טוט באַנג!

דאָ בלײַב איך נאָר שטיין אין מיטן דעם וועג,
אין חושך געהילט...
איך האָב וואָס פֿאַרלוירן, איך ווייס דאָך נישט וואָס —
איך האָב וואָס פֿאַרשפּילט...

## ס׳איז טייער...

ס׳איז טײַער די ערד, ווו מיר האָבן געוווינט
און ליב איז די היים, ווו געלעבט און געליטן;
מיר וועלן געדענקען, מיר די וואָס געבליבן,
מיט טרערן, וואָס לײַכטן, ווערט יעדער באַקרוינט.
דער שארית ישׂראל — ווי קען ער דאָרט בלײַבן
און ווי קען ער לאָזן פֿון ליבסטע דאָס אַש?
אויך איצט נאָך אַ שכן אַ בייזער טוט טרײַבן,
אין שׂנאה גערייצטער, אין אָפּקלאַנג פֿון האַס...

מעג גלוסטן דאָס האַרץ צו דעם לאַנד פֿון די אָבֿות,
דאָך הייליק איז אויך דאָך דער היים־בית־הקבֿרות,
ווו ס׳רוען די ליבסטע אונטער בערגעלעך ערד...
און דאָפּעלער ווייַ איז נאָך יענעם וואָס פֿילט
דעם צובונד צום אָרט, ווו געלעבט האָבן דורות,
ווו קינדווײַז ער האָט זיך מיט קינדער געשפּילט,
און דאָרט איז זײַן שטאַם און זײַן שורש —
און זיי אויך די בענקשאַפֿט געהערט!

## אין מיינע אָדערן

אין מײַנע אָדערן
האָט דאָס בלוט אַמאָל
שטורעמדיק געפּליסט,
ווי די וואַל אין ים;

און געטריבן מיך
צו דעם לעבנסקאַמף,
צו דעם גרויסן פֿעלד,
ווו עס בליצט די שווערד.

און איך האָב געקעמפֿט,
און געשלאָגן זיך,
און געלאָזט מײַן בלוט
אויף דעם ברייטן פֿעלד.

כ׳האָב זיך אומגעקערט,
פֿון דעם פֿעלד צוריק,
אַ דערשלאָגענער,
אַ פֿאַרמאַטערטער...

## צום לעבן

אָ, לעבן, פֿיר מיך אום
אויף דײַנע בונטע וועגן;
איך פֿרעג נישט: גלײַך, צי קרום'
און וויל קיין ציל נישט פֿרעגן.

פֿאַראיר [1] מיך און פֿאַרוויר,
מעג וואָס עס וויל זיך טרעפֿן,
נאָר פֿיר מיך ווײַטער, פֿיר
און נײַע וועגן עפֿן.

פֿאַרפֿיר מיך און פֿאַרדריי
אין ווינקלען אין געהיימע;
איך קוק זיי אָן און גיי
אָן פּחד און אָן אימה...

פֿאַרשטעלט אַ באַרג אַ מאָל —
איך שטײַג־אַרויף מיט לידער;
און קומט דערנאָך אַ טאָל —
איך זינג דיר אין דער נידער.

## אַ תפילה

קליינע בלאַסע קינדער
אין די גרויסע היצן
זאָלסטו, גאָט, פֿון קראַנקייט
און פֿון בייז באַשיצן!

קליינע בלאַסע קינדער
מיט די ליבע אויגן,
זאָל זיי וויל באַקומען
מוטערס מילך וואָס זויגן!

אויב די מוטער אַרבעט
ערגעץ ווו פֿאַרטרויערט,
זאָל דאָס מילך אין פֿלעשל
ווערן נישט פֿאַרזויערט.

און פֿאַר אַלע קינדער,
וואָס אין דרויסן שפּילן,
פֿון די פֿעלדער שיקן
זאָלסט אַ ווינט אַ קילן.

קילקייט פֿון די טײַכן,
ווינטעלעך פֿון טאָלן,
אַז די קליינע קינדער
זיך דערקוויקן זאָלן.

פֿון די ווײַטסטע פֿעלדער
זאָל די היילונג קומען;
גאָט, באַשיץ די קינדער,
פֿון דער וועלט די בלומען!

---

[1] נאַר מיך אָפּ.

## פון דער היים

עס איז אַזוי ווייניק געוועזן —
פֿאַר וואָס איז אַזוי פֿיל געבליבן?
וואָס נערט נאָך ביז איצטער דײַן וועזן
צו בענקען, געדענקען און ליבן?

איין שטוב אויף אַ בערגל געשטאַנען,
אַ צווייטע — דערבײַ אָנגעבויגן;
ווו האָט זיך גענומען, פֿון וואַנען
די שיינקייט וואָס שוועבט פֿאַר די אויגן?

פֿאַרגעסן פּאַלאַצן, די שענסטע,
וואָס דו האָסט געזען אויף דײַן וואַנדער,
און הײַזער פֿון דאָרטן, די קלענסטע —
דו שיידסט זיך מיט זיי נישט פֿונאַנדער...

אויף שיפֿן די ימען געשניטן,
פֿאַרגעסן שוין שטורעמס, געוויטער;
דאָס טײַכל פֿון שטעטל אין מיטן
דערמאָנסטו מיט הייליקן ציטער...

פֿילביימער געזען בײַ די וועגן,
פֿיל האָבן שוין ווינטן צעבראָכן —
פֿאַר דיר שטייט נאָך איצטער אַנטקעגן
דער בוים בײַ דעם גויִישן שכן.

פֿיל לידער געהערט האָסטו זינגען,
עס זײַנען שוין אַנדערע אַנטשוויגן —
פֿאַר וואָס הערט נישט אויף קיין מאָל קלינגען
און רוישן דער היימישער ניגון?...

# נייע קוואַלן

די וואָס גראָבן קוואַלן
אויף אַ נײַער ערד —
זייער ליד טוט שאַלן,
זיי איז פֿרייד באַשערט.

רידל, האַק און אײַזן
זינגען אַ געזאַנג,

מוזיק — מיכל געלבאַרט

Moderato Marcato

Fine

D. C. ad lib.

וואַסער וועט זי ווײַזן —
מעג געווערן [1] לאַנג.

טרעפֿט אַ שטיין זיך אונטן —
גרעסער איז דער רייץ;
פֿון די טיפֿסטע גרונטן
וואַסער — טו אַ פֿלייץ!

וואַסער — נישט געזען נאָך,
מורמלען — נישט געהערט,
וועט עס אויסזען שענער
פֿון דער טיף פֿון ערד.

ביז מע וועט זיך לאָבן [2]
מיט די קוואַלן פֿריש;
איז אַליין דאָס גראָבן
ליב דערווײַל און זיס...

1925

## ווי שיפֿן...

אַזוי ווי שיפֿן, וואָס גייען־אָפּ פֿון ברעג
און ווילן מער ניט ווײַזן זיך צוריק,
אַזוי באַגלייט איך מיט מײַן בענקענדיקן בליק
די שיינהייטן וואָס גייען מיר פֿאַרבײַ אין וועג.

לעבט וויל, איר שיפֿן, שווימט אײַך שטאָלץ און פֿרײַ,
און ווען איר באַגעגנט, בעט איך, האַרצלעך גריסט:
לעבט וויל, איר שיינהייטן, וואָס גייען מיר פֿאַרבײַ —
די שיפֿן גייען־אָפּ, דער ברעג בלײַבט פּוסט און וויסט...

---

[1] (ליטוויציזם) דויערן. — [2] קוויקן, בענטשן.

## דאָך איך גלייב ...

...דאָך איך גלייב, עס וועט זיך טרעפֿן,
ס׳וועט די טיר זיך טאָן אַן עפֿן,
ווען פֿאַר נאַכט,
שטיל און זאַכט,

אין מײַן איינזאַם שטילן חדר,
שאָרכנד, אין די זײַדן־קליידער,
אָנגעטאָן,
קומט זי אָן!

ווי אַ צנועה, טיף געבויגן,
לאָזט־אַראָפּ זי אירע אויגן —
אויגן בלוי,
בליקן — טוי.

— אָ, ווער ביסטו? — וועל איך פֿרעגן —
און דורך וועלכע לענדער, וועגן
קומסט אַהער?
ברענגט דיך ווער?...

## דער ענטפער

און אַז איך וועל קומען צוריק צו מײַן היים
אַהיים צו מײַן ליבער...
עס וועלן מיך פֿרעגן און פֿאָרשן די פֿרײַנד:
— ווי ביסטו אַריבער?

ווי זײַנען געגאַנגען די טעג אין דער פֿרעמד
זינגט דו ביסט פֿון דאַנען —

צי האָבן די פֿרעמדע געליבט דיך, געהאַסט,
דײַן לשון פֿאַרשטאַנען?...

דאַן וועל איך, אַ מידער, זיי ענטפֿערן שטיל,
נאָך זייער באַגריסן:
— דערמאָנט ניט די טעג מײַנע, דאָרטן בײַ זיי,
איך וויל גאָר ניט וויסן...

צי גוטע, צי שלעכטע — איך האָב דאָרט געלעבט
און איבערגעטראָגן...
און וועלן זיי אָנהייבן פֿרעגן נאָך מער,
וועל איך מער ניט זאָגן.

און ס׳וועלן פֿאַרטראַכטן זיך דאַן, מײַנע פֿרײַנד,
אין ווינקל אין שטילן...
און אַלץ, וואָס איך האָב אין דער פֿרעמד דורכגעלעבט,
וועט יעדער דערפֿילן...

## איך האָב ליב ...

איך האָב ליב אַ שיף
נאָך פֿון קינדווײַז אויף:
אירע קוימענס הויך
קוקן שטאָלצע אַרויף.
הודזשען נאָך אַנאַנד,
שיסן מיט אַ רויך.

גייט די שיף אַליין
אַזוי פֿרײַ און שיין
איבער ימים טיף...
איך האָב ליב אַ שיף!

איך האָב ליב אַ ווינט,
שטורעם אויפֿן ים;
כוואַליעס יאָגן זיך,
בילדן־אויס אַ צאַם.
כוואַליעס הייבן זיך
און צעשלאָגן זיך.

וואַרפֿט די שיף זיך אום
אויף די זײַטן קרום
הער און הין געשווינד...
איך האָב ליב אַ ווינט!

## מיר דאַכט זיך

מיר דאַכט זיך, די ערד איז צעשטויסענער גלאָז,
און איך גיי!
די פּיס זײַנען נאַקעט, און שפּיציק דער גלאָז —
עס טוט וויי!
פֿון ווײַטן דאָרט ווינקט מיר אַ טײַך און אַ פֿעלד;
אָ, איך אײַל!
דאָס בלוט אָפּצוּוואַשן און רוען אין פֿעלד
כאָטש אַ ווײַל!
נאָר ס׳רוקט זיך דער טײַך און דאָס פֿעלד אַלץ אַוועק;
אָ, פֿאַר וואָס?
איך ווייס ניט, ווער רייצט זיך מיט מיר, און איך פֿאַל
אויפֿן גלאָז!...

## פאַרגעבונג

כ׳טראָג אַ האַרץ פֿול מיט ליבע
כ׳בין מיט ליבע רײַך:
גוטע מענטשן, שלעכטע —
אַלע זײַנען גלײַך.

זינג מיר ניט פֿון טוגנט,
רייד מיר ניט פֿון זינד;
יעדער מענטש בלויז שפּילט זיך,
שפּילט זיך ווי אַ קינד.

קוק מיט פֿאָטער־אויגן
אויפֿן קורצן שפּיל...
גיב זיך אָפּט אַ בייזער,
אָבער ניט צו פֿיל!

מוזיק — סאַלאָמאָן גאָלוב

Andante

דען די קינדער שפּילן
ביז ס׳פאַרגייט די זון
און זיי גייען שלאָפן —
ס׳איז קיין בייז דערפון!

## שטיל און אומעטיק

שטיל און אומעטיק, און שפעט —
האַרץ מײַנס, וואָס האָסט זיך צערעדט?...
אַלע מענטשן שלאָפֿן לאַנג —
וואָס זשע וואַכסטו מיד און באַנג?
שאַ, דו האָסט זיך ווי דערפֿרייט —
האָסט געמיינט, אַז עמעץ גייט?
קיינער גייט נישט, נאַריש האַרץ,
קוק אין פֿענצטער — שטיל און שוואַרץ...
שטיל און אומעטיק, און שפעט —
האַרץ מײַנס, וואָס האָסט זיך צערעדט?
ווענען וואַרטסטו — זאָג מיר, זאָג! —
אויף דעם קומענדיקן טאָג?
ער וועט קומען — נו, איז וואָס?
ברענגען וועט ער נאָך פֿאַרדראָס...
וואָס זשע וואַרטסטו נאָך אומזיסט? —
האַרץ מײַנס, ווי פֿאַרנאַרט דו ביסט!...

## דיינע אויגן ...

דײַנע אויגן לײַכטן, פֿינקלען,
ווען דו רעדסט פֿון נײַע צײַטן:
אַלע מענטשן זאַט און גליקלעך,
ווען די אָרדענונג וועט זיך בײַטן.

און איך גלייב אין דײַן נבֿיאות,
דאָך אין אויג מײַנס שטייען טרערן:
בײַ דער בעסטער אָרדענונג, ליבסטע,
וועסטו אַלץ נישט מיר געהערן.

# אומעטיק

אומעטיק, מיידל, צו לעבן אַליין —
קאָנסט אפשר קומען צו מיר:
מײַן צימער איז אָרעם, מײַן צימער איז קליין,
האָט אַ באַזונדערע טיר,
נאָר קיינער, אוי, קלאַפּט נישט אין איר.

מוזיק — מיכל געלבאַרט

Andante
u - me-tik Kind mains tzu le-bn a-lein
kenst ef-sher ku-men tzu mir main
tzi-mer iz tzich-tik main tzi-mer iz klein
hot a ba-zun-de-re tir
hot a ba-zun-de-re tir nor
kei-ner oi klapt nit in ir

אומעטיק, מיידל, אַך, אומעטיק שווער,
און ווי נאָר דער אָוונט ער קומט,
זוך איך — די אויגן צו טיר — און איך הער:
דער ווינט אַזוי טרויעריק ברומט,
און ס׳דאַכט מיר, אַז עמעצער קומט...

## איך ווייס

איך ווייס, אַז איך שפּיל זיך מיט פֿײַער,
דער סוף וועט זײַן שלעכט.
נאָר וואָס זאָל איך טאָן אין דער פֿינצטער
אין איינזאַמע נעכט?

דאָס פֿײַער — עס וועט מיך פֿאַרברענען,
דאָס ווייס איך אַליין.
דאָך ליב איז דאָס פֿײַער און טײַער,
און לאָקט אַזוי שיין...

און וואָס איז געבליבן דען בעסער
צו טאָן אויף דער וועלט?
און אויב ניט דורך פֿײַער מײַן טרײַער,
בלײַבט אויסגיין פֿון קעלט...

## דו ביסט געווען ...

דו ביסט געווען אַ זיסער קלאַנג
אין מײַנע טעג;
אַ קלאַנג פֿאַרווייט,
דאָס גליק פֿאַרגייט —
דו ביסט אַוועק,
נישטאָ דיך לאַנג...
אָ זיסער קלאַנג, ווו קלינגסטו צינד,
אין וועמענס ליד?
איך הער מיך צו:
עס קלינגט ווײַט ווו...
עס ציט, עס ציט...
ווו ביסטו, קינד?...

## דאָס נייע ליבעליד

— וואָס וועלן מיר טאָן אין די שפּעטערע טעג,
וואָס וועלן מיר טרינקען און עסן!
— אָ, ליבסטע, נישט פּלאָג מיט דײַן פֿראַגע מיך איצט,
איך בעט דיך, דו זאָלסט זי פֿאַרגעסן.

עס האָט מיר געזונגען מײַן באָבע אַ ליד,
דאָרט ווײנט אַ געליבטע און בעט:
„אוי, לאָמיר, מײַן ליבסטער, אַנטלויפֿן פֿון דאַן,
כ׳וועל אַרבעטן, וואַשן כאָטש גרעט!

אוי, לאָמיר, מײַן ליבסטער, אַנטלויפֿן פֿון דאַן,
גרינג וועל איך פֿאַרטראָגן מײַן פּײַן:
כ׳וועל אַרבעטן שווער און וועל שלאָפֿן אויף שטרוי —
צוזאַמען מיט דיר נאָר צו זײַן!" —

עס שמייכלט מײַן ליבסטע: — דײַן לידל איז אַלט,
די באָבע זי איז שוין לאַנג טויט,
און איך בין נאָך יונג, און איך לעב און איך זינג
אַ ליד פֿון דער ליבע אָן נויט!...

## מיין געליבטע

מײַן געליבטע איז אַ קלוגע
און זי זאָגט: עס איז אומגלייביק,
אַז דו זאָלסט, געליבטער מײַנער,
ליבן שטענדיק, ליבן אייביק.
מײַן געליבטע איז אַ קלוגע
קליגער קאָן פֿון איר נישט געבן:
זי פֿאַרזאָרגט זיך איצט מיט קושן
אויף דעם גאַנצן קאַלטן לעבן.

## ווער עס האָט ...

ווער עס האָט אַ טעמפּל,
ווער עס האָט אַ קלייזל,
ווער ס'באַזוכט אַ שענקל,
ווער — אַ פריילעך הײַזל.

עפּעס מוז מען האָבן,
איינעם מוז מען גלויבן:
צי אַ טײַוול אונטן
צי אַ גאָט דאָרט אויבן...

האָסטו אָבער קיינעם,
ווילסט גאָר אַלץ פאַרהאַסן,
ווערסטו נאָר ווי קין,
בלאָנדזשען אין די גאַסן.

און עס וועט דיר ווײַכן
יעדערער פון עולם,
און די וועלט די גאַנצע
איז דיר אַ בית־עולם...

## עלנט

און שטיל איז אין צימער,
די נאַכט איז שוין שפּעט,
און שרעקנדיק קוקט ער
אין ווינקל צום בעט.

און שרעקנדיק קוקט ער,
דאָס האַרץ אַזוי ציט,
און שרעקנדיק דאַכט ער:
— זיך לייגן צי ניט?

עס קוקט דורך די שויבן
די נאַכט שוואַרץ אַרײַן,
און וויקלט אין עלנט
אין טרויער אים אײַן...

די נאַכט קוקט אין פענצטער,
אַזוי ווי זי היט...
און בענקענדיק קלערט ער:
— זיך לייגן צי ניט?

## זיי זיינען נישט ווערט ...

זיי זײַנען ניט ווערט, וואָס איך האָב זיי געליבט —
איך האָב זיי געליבט אַזוי שיין;
זיי האָבן גענאַרט מיך און האָבן באַטריבט
און נאָך דעם געלאָזט מיך אַליין.

נו, בין איך איצטער קליגער — איך יאָג ניט נאָך זיי,
איך קען, ווען איך וויל נאָר, זײַן האַרט;
וואָס שרײַסטו, מײַן האַרץ, וואָס טוט ווידער דיר וויי?
דו ווילסט דען צוריק זײַן גענאַרט?...

## דורות פון דער צוקונפט

דורות פֿון דער צוקונפֿט,
קומענדיקע ברידער,
איר זאָלט נישט דערוועגן
אויסלאַכן די לידער —
לידער פֿון די שוואַכע,
לידער פֿון די מידע,
אין אַ דור אַן אָרעמען,
אין דער וועלטס ירידה.

מיט דער ווײַטער פֿרײַהייט
אַלע דורכגעדרונגען
האָבן מיר די לידער
שטילערהייט געזונגען;
און אין נאַכט, אין חושך,
ווײַט פֿון אייגענע גליקן,
האָבן מיר בשתיקה
אויפֿגעשטעלט די בריקן.

זיך געהיט פֿון שונא,
וואָס האָט וואַך געלויערט,
און דערפֿאַר די לידער
קלינגען־אָפּ פֿאַרטרויערט,
און די גרויע בענקשאַפֿט,
און געהיימער צאָרן,
וואָס איז אין די לידער
אײַנגעוועבט געוואָרן...

## פון הי צי פון ווייט...

ציײטהימען

פֿון וואַנען: פֿון הי,
צי גאָר פֿון דער ווײַטן,
צי שפּעטער, צי פֿרי —
ס׳וועט קומען דער לוין!
אין אונדזערע צײַטן,
פֿאַר אונדזער געוויין,
דער לוין וועט נאָך קומען:
פֿאַר שטיינער — די בלומען!

די פֿרייד, פֿאַר די טרער,
בײַם פֿלאַנצן דעם באָדן.
און זײַן וועט נאָך מער
דער לוין פֿאַר דעם שאָדן:
דער רום פֿאַר דעם שפּאָט
און ליבע פֿאַר האַסן,
און פֿאָנען אויף שטאָט,
און יום־טובֿ אין גאַסן...

1952

## אין יענע צייטן

א. גלאַנץ־לייעלעס

אין יענע צײַטן וואָס זײַנען פֿאַרגאַנגען
זײַנען אויףביימער ניגונים געהאַנגען;
אַ בליק — און דערפֿרישט ווערט דער וואַנד׳רער, דער מידער:
עס רוישן די צווײַגן און וועקן די לידער...
און אין די רוימען, די הימלישע ספֿערן,
זײַנען געהאַנגען ניט נאָר די שטערן;
ניט נאָר לבֿנה און זון אין בײַטאָגן,
און ניט נאָר די וואָלקנס וואָס פֿלעגן זיך יאָגן...
ניין, איטלעכער שטערן, וואָס פֿלעגט זיך הויך וויגן,
געווען איז אַ ליד און געווען איז אַ ניגון.
און די לבֿנה, די גאָלדענע, ריינע,
פֿון ליבע דער ניגון געווען איז זי איינע...
און זון אין דעם הימל, די שטראַלן, די פֿילע,
געוועקט אין די הערצער די לידער, די שטילע,
און זילבערנע וואָלקנס, ווי קינדערשע טרוימען —
זיי האָבן געזונגען צו אונדז פֿון די רוימען...

## צום רעגנדל

רויש, רעגנדל, רויש אין די שויבן,
פֿאַרוויג מיך מיט טרערן פֿון הימל;
כ׳וויל רויק אַ ביסעלע בלײַבן
און אַלצדינג פֿאַרגעסן אין דרימל.

רויש, רעגנדל, כ׳פֿיל מיך געגעזן,
ס׳איז ליב מיר דײַן ניגון צו הערן;
דאָס ליד פֿון מײַן מאַמען געוועזן
איז אויך נאָר אָן ווערטער, בלויז טרערן...

## טעותן — לידער

די טעותן מײַנע —
פֿון זיי אָפֿט איך דאַכט;
איך האָב זיי אין לעבן
ניט ווייניק געמאַכט.

גאַנץ אָפֿט אין די גאַנגען
די טריט ניט געהיט;
געשאַדט זיך אַליין דאָך
קיין אַנדערן — ניט!

איצט זינגען זיי אַלע
אין גראַמען נאָך רײַך!
פֿון טעותן מײַנע —
די לידער פֿאַר אײַך.

## ווילן

אין דער שטילקייט — ווילן
זאַמלט־אָן זיך פֿיל,
ווערסטו זיך צעשפּילן —
טראַכסטו אין דער שטיל.

בויען צי צעשטערן,
האָסט נאָך ניט פֿאַרטרויט;
אַנדערש זאָל נאָר ווערן —
דאָס הייסט אויך געבויט.

## מיין ליד

וואַריאַנט

און וואָס איך באַזיץ
און וואָס איך פֿאַרמעג:
דעם שײַן און דעם בליץ
פֿון ליכטיקע טעג;

פֿון טונקעלע נעכט
דעם וואָלקן, די טרער —
דאָס נעם איך און פֿלעכט
אין לידער אַהער.

עס איז אַ געמיש
פֿון שאָטן און שטראַל,
פֿון איר — אָט אַ קיש,
אַ וואָרט אויך ווי גאַל.

אַ ביסל די פֿרייד
פֿון גליקלעכן נאַר,
אַ ביסל די לייד,
פֿון חכם — דער צער.

איין פֿערז איז פֿאַרזיסט,
אַ צווייטער — ווי סם;
עס איז ניט אומזיסט
דאָס לידל אין גראַם...

# עס פלעכט זיך

עס פֿלעכט זיך אַ יאָר אין אַ יאָר;
אין היינט — אויף דעם נעכטנס געוועבן;
עס מישט זיך אַ דור אין אַ דור,
ווי שכנים קומט־אויס זיי צו לעבן.

אַ מאָל קומט־אַרויס ביי זיי קריג,
אַ מאָל רופֿט־אַרויס איינער ווּנדער;
דער ייִנגערער פֿייערט זיין זיג,
דאָך גייט ער זיין וועג נישט באַזונדער.

אין הייכן אויף פֿליגלען פֿון שטאָל,
דער עראָפּלאַן שוועבט אין די ווינטן;
אַ פֿור אויף דער ערד, ווי אַמאָל,
פֿאָרט לאַנגזאַם, ווייל אַלץ נישט פֿאַרשווינדן...

ביים הויז, אין פֿיל שטאָקן געבויט,
מיט פֿענצטערס, ווי דאָרשטיקע אויגן,
שטייט אָרעם אַ צווייטע, פֿאַרטרויט,
און ווייל פֿאַר דער צייט זיך נישט בויגן.

ביים רוישיקן שפּיל פֿון דער צייט,
ווען דזשעזבענד די פֿידלען באַזיגן,
דו הערסט נאָך, ווי ווער ביי דיין זייט —
ער שפּילט אַ פֿאַרגעסענעם ניגון...

## נעמען

עס זײַנען דאָ נעמען,
וואָס אין זייער קלאַנג
קענסטו הערן, פֿאַרנעמען
פֿון צײַטן דעם גאַנג.

עס רוישן ווי קוואַלן
פֿאַרגעסענע רייד;
עס לײַכטן ווי שטראַלן
געזיכטער פֿון פֿרייד.

און וואָס ס'איז געוועזן
פֿאַרשפּאָט און פֿאַרלאַכט —
דרינגט־דורך דורך דײַן וועזן
מיט שיינקייט און פּראַכט.

און וואָס ס'איז פֿאַרגאַנגען,
און קען ניט זײַן מער,
האָט ווידער געפֿאַנגען
דײַן האַרץ פֿול באַגער...

## דערפֿאַר ...

פֿון די ווײַטסטע דורות
קלאַנגען אין דײַן וועזן,
צו דערפֿילן באַנגען,
שקלאַפֿן צו דערלייזן.

עכאָס פֿון די ליידן,
עכאָס פֿון די פֿריידן,
הימנען פֿון אָז ישיר,
שיר פֿון שאולס ליידן.

ווײ פֿון פּראָמעטעוס
פֿאַר זײַן פֿײַער שטײַלן [1]
ירמיהוס בענקשאַפֿט
מדבר־רו צו ווײַלן...

פסוקים פֿון ישעיהו:
פֿון באַחרית הימים,
הײַנעס קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט,
ווײַטסטער טרוים פֿאַר שלום...

פֿרייד פֿון שלמהס פּאַלאַץ,
זיפֿץ פֿון העלד, פֿון מלך;
און דערפֿאַר דײַן זינגען
טרויעריק, אי פֿריילעך...

---

[1] (די) גנבענען („שטאָהלען").

# די יונגע לערערין

(פון די ניו־יאָרקער מאַטיוון)

די לערערין — פּאָרויס,
די קינדערלעך נאָך איר,
פון שול אין גאַס אַרויס,
צו מאַכן אַ שפּאַציר.

זי הייסט זיי גיין צו צוויי
און אויסציילן די טריט,
נאָר פליִען ווילט זיך זיי —
ווי קאָן מען זײַן געהיט?

צעיאָגן זיי זיך פרײַ,
ווי פייגעלעך אין פעלד,
די לערערין דערבײַ
רופט שטיל זיי צו און קוועלט.

זי איז אַליין נאָך יונג,
פאַרגעסט זי אויך איר לאַסט,
אַ שפּרונג טאָן און אַ זונג
וואָלט איר אַליין געפּאַסט...

דערצו דער טאָג אַליין —
די זון מיט גאָר איר גאָלד,
אין שול צוריק צו גיין
וואָלט זי שוין נישט געוואָלט.

נאָר קינדער — טאָרן נישט
דערוויסן זיך דעם סוד;
זי פירט זיי טריט בײַ טריט
מיט שטרענגקייט און מיט גנאָד...

# צום מזל

— 1 —

בעט איך רעגן — שײַנט די זון,
בעט איך זונשײַן — פּלייצט אַ רעגן;
מזל, וואָס וועט זײַן דערפֿון,
וואָס דו גייסט מיר אַלץ אַקעגן?

וואָס איך בעט און וואָס איך וויל,
ווילסטו קיין מאָל נישט דערפּילן; —
מזל, אויב דאָס איז אַ שפּיל,
דאַן געפֿעלט מיר — לאָמיר שפּילן!...

— 2 —

אַ לייד — אַ ליד; אַ לייד — אַ ליד;
וואָס קאָנסטו, מזל, מאַכן?
דו וועסט גיכער ווערן מיד,
איך וועל לײַדנד לאַכן.

מזל! מער נאָך ליידן גיב,
כ'שטעל מיך נישט דערווידער,
איך האָב דײַנע ליידן ליב —
ליידן זײַנען לידער...

## דאָס נאָנטע

דאָס נאָנטע איז מיר פֿרעמד
דאָס פֿרעמדע איז מיר נאָנט,
וואָס איך האָב ניט געקענט,
דאָס רופֿט און רעדט און מאָנט...

און ווו איך בין שוין לאַנג,
איז ווייט אַזוי און באַנג,
און ווו איך בין נאָך ניט,
דאָרט לעב איך שוין פֿון לאַנג...

## די פֿרילינגזון

די פֿרילינגזון קוקט אין מײַן פֿענצטער
אַרײַן און זי לאַכט:
— וואָס ביסטו, אָ, נאַרישער מענטש,
פֿאַרטרויערט, פֿאַרטראַכט?

איך האָב אויך געליטן ווי דו!
עס האָבן פֿאַרשטעלט
די וואָלקנס די גרויע פֿון ווינטער
מײַן ליכט פֿאַר דער וועלט.

דאָך זײַנען זיי מער נישט ווי וואָלקנס —
זיי שווינדן ווי רויך
און איך בין געבליבן אַ זון
און לײַכט פֿון דער הויך!

## די אַלטע קשיא

פֿרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא:
— וואָס איז פֿאָרט דער זין פֿון לעבן?
קומט אין יעדן דור אַ חכם
אונדז אַ קלוגן תּירוץ געבן.
הערט מען אויס דעם קלוגן תּירוץ
און מען זינגט דעם חכם לידער,
שטאַרבט דער חכם גאָר אין גיכן,
בלײַבט די אַלטע קשיא ווידער.
אַזוי דרייט זיך עס און דרייט זיך,
ביז די קשיא ווערט פֿאַרגעסן,
און דער עולם לעבט און פֿרייט זיך,
האָט גרויס אַפּעטיט צום עסן.
הייבן־אָן די ביינער ווי טאָן
און אין קאָפּ הייבט־אָן זיך וועבן —
פֿרעגט די וועלט צוריק די קשיא:
— וואָס זשע איז דער זין פֿון לעבן?

## מײַן שפּילן

כ׳האָב דאָס לעבן אויף דער פֿידל
פֿאַר דער נויט געשפּילט קאָנצערט,
און די נויט האָט אַפּלאָדירט מיך
און מיט גרויס געפֿיל געהערט.

און זי האָט מיך רײַך באַשאָנקען,
ווי ס׳דערלויבט נאָר איר פֿאַרמעג;
האָט מיט דערנער אויסגעשאָטן,
אויסגעשפּרייט מײַן לעבנסוועג...

# שטימען

כ׳בין אַן עלנטער געבליבן,
כ׳האָב נישט ווו אַרײַנצוקומען,
אַלע מײַנע פֿרײַנד, די בעסטע,
אַלע האָט מען צוגענומען...

און איך פֿיל מיך פֿרעמד און עלנט,
און איך בלאָנקע אין די גאַסן,
צווישן מענטשן, וועלכע טראָגן
זייער שווערן יאָך געלאַסן.

און איך בלאָנקע צווישן שפּיאָנען,
כ׳זע — עס פֿינקלען זייערע אייגלעך,
ווי בײַ יעגערהינט אין וואַלד דאָרט,
ווען זיי זוכן פֿרײַע פֿייגלעך...

און מיר דאַכט זיך, אַז דער שׂכל,
אמת, פֿרײַהייט און די ערע —
ליגן אַלע אין די טורמעס
און געשמידט אין קייטן שווערע.

און פֿאַרצווייפֿלט און פֿאַראומערט
לויף איך, ווי פֿון ווינט געטריבן,
ביז צום הויכן טורמע־מויער,
דאָרטן בין איך שטיין געבליבן.

און אַ וווּנדער איז געשען,
פֿון מײַן טרויער בלײַבט קיין סימן:
דורך די ענגע אײַזן־גראַטעס
הער איך רופֿן שטאַרקע שטימען.

זיי צעגיסן אין דער לופט זיך
און זיי רופן, און זיי וועקן:
— זײַ נישט עלנט, ליבער חבֿר,
זאָל דײַן האַרץ אומזיסט ניט שרעקן!

אונדז נאָר האָט מען אויף אַ ווײַלע
אין די טורמעס דאָ פֿאַרטריבן,
דאָך דער אמת און די פֿרײַהייט
זײַנען דאָרטן פֿרײַ געבליבן.

דו ניט זוך זיי אין די גאַסן,
דאָרטן וועט עס דיר נישט גליקן —
זוך זיי אין די ענגע קעלערס,
זוך זיי אין די פֿיל פֿאַבריקן.

דאָרטן ליגן די אַרמייען,
וואָס די פֿרײַהייט האָט דערוואָרבן;
צו באַפֿרײַען זי, די פֿרײַהייט,
איז ניט שווער פֿאַר זיי קיין קרבן.

זײַ געדולדיק! נאָך אַ ווײַלע —
גייען די אַרמייען שטרײַטן
און אַ נײַער, פֿרײַער הימל
וועט זיך אויף דער וועלט פֿאַרשפּרייטן!

## דאָס בוך פֿון לעבן

ווי נעמט מען דעם לערער,
וואָס זאָל אונדז באַווײַזן
אין בוך פֿונעם לעבן
צו שרײַבן אָן גרײַזן?

עס גייט ווי אַ שוידער
די זעל אונדז אַריבער,
דאָס בוך פֿונעם לעבן,
ווען מ׳קוקט עס בלויז איבער:

פֿאַרשריבן אין אײַלעניש,
אָן וואָג און אָן מאָס,
פֿיל ווערטער — פֿור [1] ליגן,
און קרום יעדער אות...

איין בלאַט אַ פֿאַרפֿלעקטער
(אָ, דאַכט מיר, אין בלוט!)
אַ צווייטער — חשבונות,
וואָס שטימען נישט גוט...

און קומט צו דער ענדע —
דאָס בוך איז פֿאַרמאַכט,
קאָנסט גאָר נישט פֿאַרריכטן:
עס פֿאַלט־צו די נאַכט!...

## אַלץ וואָס דו זאָלסט וועלן

אַלץ וואָס דו זאָלסט וועלן,
איז דיר שווער צו גרייכן;
אַלץ וואָס קען געפֿעלן,
פֿליט־אום אין די הויכן...

פֿריידן ווי די בליצן,
אָט געזען — פֿאַרגאַנגען;
קורץ איז דאָס באַזיצן,
הויך איז דאָס פֿאַרלאַנגען...

אין די פֿאַנטאַזיִען
לײַכטן זיבן זונען;
ווו דו זאָלסט נאָר פֿליִען,
וואָלטסטו גליק געפֿונען.

ווו דו וואָלטסט געקומען,
וואָלטסטו פֿרײַנד געטראָפֿן —
דופֿטן דײַנע בלומען
אין דער צײַט פֿון האָפֿן...

---

[1] ריין, לויטער.

## פרצעס הויז

געווידמעט די ייִדישע העלדן,
געפֿאַלענע אין ווידערשטאַנד,
פֿון וואַרשעווער געטאָ

פּרצעס הויז און דור פֿון פּרץ:
ייִדיש, וועלט און דרך־ארץ!
היינט און נעכטן גייט צוזאַמען,
רייד און פֿרייד פֿאַר צוקונפֿט־שטאַמען...

איך געדענק — אין לעבן גרויען —
יענע הייליק גרויע שעהען,
ווען מען איז צו אים געגאַנגען
און אין האַרצן פֿול געזאַנגען...

ס׳פֿלעגן קומען די געטרײַע
און געבויט אַ וועלט אַ נײַע,
לויט זײַן וואָרט און לויט זײַן אמת,
וועלט פֿון שיינקייט און פֿון אמת.

כּולו אמת, כּולו שיינקייט,
אַז פֿאַרשווינדן זאָל געמיינקייט...
וועלט איז יום־טובֿ, לויטער ניגון,
וועלט איז גילגול פֿון אַ ניגון...

•

היינט די מעשׂה פֿון אַ רבין,
וואָס ער פֿלעגט אין הימל שוועבן
אין דער נאַכט פֿון ערשטע סליחות,
ערשט נאָך העכער איז זײַן יחוס...

פֿאַר אַ פֿויער גאָר פֿאַרשטעלט זיך
און געקומען צו אַ וועלדל,
ניט געטראַכט גאָר פֿון סכּנה —
האָלץ געבראַכט פֿאַר אַן אַלמנה...

קלאַפּט ער אָן אין אָר׳מען שטיבל,
קרעכצט די אָר׳מע מיט פֿאַראיבל:
— כ׳האָב קיין געלט ניט, קומסט נאָר רייצן...
אויך קיין כּוח ניט צו הייצן...

ענטפֿערט ער: איך וועל דיר גלייבן...
און ער הייצט אַליין דעם אויוון.

איינגעהייצט, דעם רויך געבלאָזן,
נאָך דעם פֿליִען זיך געלאָזן,
אין זײַן דמיון, הויך און העכער,
ביז די הימלען — „אויב ניט העכער"...

האָט די מעשׂה, שיין און טײַער,
און מיט מענטשן־ליבעס פֿײַער,
אונדזער רבי אונדז געלעזן,
און איך בין דערבײַ געוועזן...

ס׳איז געוועזן — שטוינט פֿאַרוווּנדערט —
אין דעם אָנהייב פֿון יאָרהונדערט,
פֿון דעם צוואַנציקסטן — אין שטראַלן,
און געקרוינט מיט אידעאַלן...

## טרויער און פרייד

האָסטו אַ טרויער אין האַרץ —
האַלט אים בסוד פֿון דער וועלט,
ווערסט זיך באַפֿרייַען פֿון אים —
גרעסער וועט ווערן די קעלט...
האָסט אַ פֿרייד ווען אַ מאָל —
קלייַב זיך צונויף און דערצייל,
אַלע זיי בענקען נאָך איר —
קלייַב זיי צונויף און פֿאַרטייל...

## צו אַ דיכטער

און אויב ס׳איז דיר אַליין געווען ניט באַשערט
צו אַקערן, ווי זיי, אין שווערער מי די ערד,
צו זייען פֿעלד נאָך פֿעלד, צו בינדן גאַרב נאָך גאַרב,
וואָס אָפֿט מאָל איז עס ליב און עפֿטער — שווער און האַרב;

אויב קיין מאָל דו אַליין האָסט נישט געוווּסט דערפֿון,
וואָס הייסט צו שטיין אין פֿעלד אין גליִענדיקער זון —
פֿאַר דיר די מי פֿון מענטש און פֿון דער ערד — דאָס גוטס,
און האָסט ווען געפֿרעגט: — צו וועמען טראָג איך נוץ?

און אויב דאָס אַלץ, וואָס דו באַזיצסט אַליין, פֿאַרמאָגסט,
די וווינונג ווו די וווינסט, די קליידער וואָס דו טראָגסט,
און אַלץ וואָס דיר איז גרייט — דאָס גיבן דיר בלויז די
וואָס אַרבעטן מיט פֿלייַס און אין דער שווערער מי;

זאָל דאַן געהערן זיי אַ מאָל דייַן ליד דערפֿאַר,
און זינגען וועגן זיי, פֿון זייער פֿרייד און צער,
און זייער האָפֿענונג אויף טעג וואָס קומען־אָן
מיט פֿרייד און שפּיל און רו — און אונטער זייער פֿאָן.

## היינט

הײַנט איז אַ נשׂיא געפֿאַלן
נעבן דעם הייליקן לאַנד:
הײַנט האָט אַ ציטער געגעבן
יענע פֿאַרבליבענע וואַנט.
האָף איך און וויין איך צוזאַמען,
איז מיר דאָ שלעכט און דאָ גוט:
ווידער מײַן פֿאָלק ווערט געבוירן,
טרינקט זיך אַ וועלט אין איר בלוט.
אייביק, מיר דאַכט, וועל איך טרויערן
אויף אַלע ברידערס פֿאַרגיין:
דאָך בײַ די הייליקע טויערן
וועקט עס און קלינגט אַזוי שיין.
עפּעס קומט־פֿאָר... עס באַגעג׳נען זיך
דורות מיט דורות אין גאַנג.
פֿלאַמען און נעפּלען און דונערן —
און אין דער הויך אַ געזאַנג.
הײַנט איז אַ נשׂיא געפֿאַלן
און מיט אים טויזנטער פֿיל — — —
בעט איך און וויין איך צוזאַמען,
קען ניט מײַן האַרץ ווערן שטיל...

## פֿאַרגענגערס

כ׳בין מיט ווערטער ניט קיין שטיפֿער, ניט קיין שפּילער:
איך בין אַ תּלמיד נאָך פֿון פּושקין און פֿון הײַנע און פֿון שילער;

און נאָך פֿון עלטערע — די נבֿיאים,
און נאָך פֿון די פֿריִערדיקע — די לוויִים.

אין מײַן ווענן בלאָנדזשען־אום די אַלע זיי׳רע קלאַנגען,
צו דערלייזן, צו באַלערן אַלע צײַטן, אַלע דראַנגען.

זייער פֿרייד און זייער לייד אין מיר נאָך ווינען,
זייער צער און זייער שׂכר און אַלע זייערע לוינען.

און ווי פּראָמעטעוס וואָלט איך פֿונקען־פֿײַער טיילן
און ווי ירמיהו — פֿאַר מײַן רו דעם מדבר ווײַלן.

ווי ישעיהו פֿון דער צײַט פֿון באַחרית הימים זינגען,
און ווי געטע אַלע צײַטן, אַלע ווײַטן דורכצודרינגען.

די באַגריפֿן צו פֿאַרטיפֿן און אין זינגען — זאָגן,
און אין פֿרייד דערמאָנען און אין שטראָף — פֿאַרגעבן,

און אין שטילן גאַנג פֿון לעבן — מיט די ווערטער שוועבן,
און דאָס בייז פֿאַרטרײַבן און צו גוטס זיך יאָגן...

## טרויעריק קוק איך

טרוי׳ריק קוק איך אויף דעם איינעם,
וואָס אים רירט נישט קיינע טרערן;
וואָס זײַן האַרץ איז ווי פֿאַרשטיינערט,
וויל פֿון צווייטנס צער ניט הערן.

וואָס אים רירט נישט קיינעמס טרויער,
און ער שווערט זיך און פֿאַרטיידיקט;
טרוי׳ריק קוק איך און באַדויער:
אַך, ווי גאָט האָט אים באַלײדיקט!...

## פון דאַנען...

פֿון דאַנען און פֿון ווײַט —
ס'וועט גרייכן און ס'וועט קומען
איך גיכן אונדזער צײַט!
פֿאַר דערנער — שענסטע בלומען.

און פֿרייד אַנשטאָט דער טרער
אויף דעם באַפֿרײַטן באָדן;
און גרויס וועט זײַן נאָך מער
דער לוין פֿאַר אונדזער שאָדן...

מוזיק — לאַזאַר ווײַנער

Energico

און רום אַנשטאָט דעם שפּאָט,
און ליבע — שטאָט דעם האַסן;
און פּאָנעץ איבער שטאָט,
און יום־טובֿ אין די גאַסן!

## פון דער ווייטער היים

קומט אַ מענטש אַצונדער,
קומט פֿון יענע לענדער,
איז ער לויטער וווּנדער,
איז ער לויטער ענדער.

הייבן מיר אָן פֿרעגן,
ווי ס'איז אים געגאַנגען,
ווען אויף פֿילע וועגן
האָט מען מענטש געפֿאַנגען.

שווײַגט ער און באַטראַכט אונדז,
שמייכלט־צו, אַ קאַלטער,
און דערציילט ער, דאַכט אונדז,
אַז נאָך מער באַהאַלט ער.

דאַכט זיך, אַז ער ווייסט נאָך
סודות זייער הויכע;
אָבער אונדז צו טרייסטן —
דאַרפֿן מיר זײַן זוכה.

## אין ארץ-ישראל

אין ארץ־ישׂראל איז ליכטיק,
אין ארץ־ישׂראל איז ריין;
און טאָמער פֿעלט־אויס דאָרטן ברונעמס
איז טרינקט מען דעם רעגן אַליין.
אין ארץ־ישׂראל הערשט יושר,
גאָטס שטימע פֿון אומעטום רופֿט;
און טאָמער פֿעלט־אויס דאָרטן שולן,
מאַכט קלוג דאָרט דעם מענטשן די לופֿט.
אין ארץ־ישׂראל הערשט חדווה
און ס'פֿילט זיך דאָרט גליקלעך דער ייִד;
און טאָמער פֿעלט־אויס דאָרטן פֿידלען,
רוישט שטענדיק דער ירדן זײַן ליד.
אין ארץ־ישׂראל די הײַזקעס —
איינשטאָקיק, מיט בלומען אין הויף;
און טאָמער פֿאַרווילט זיך דיר העכער,
דאַן שטײַג צום באַרג תּבֿור אַרויף.

1919

## ניט פֿאַרגעסט!

ניט פֿאַרגעסט די ברידער דאָרטן,
ניט פֿאַרגעסט זיי אין דער ווײַט;
ס'איז דער עלנטער ניט קיין פֿרעמדער,
ער שטייט נאָענט בײַ דײַן זײַט...

ווו אַ ברודער נאָר געפֿינט זיך,
צי אין ווײַט, צי נאָענט דאָ,
אין איין קייט דאָך יעדער בינדט זיך,
יעדער אומעטום איז דאָ!

1952

## געבורט

און אַלץ, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן
מיט אונדז, אין די צײַטן פֿון ווייען —
צו ליכטיקע ווײַטן וועט פֿירן
דער איצטיקער וועג, וואָס מיר גייען.

מיר זײַנען ניט ערשטע אין קייטן
און אויך ניט די לעצטע צו קומען;
מיר האָבן דעם רוף פֿון טראָמפּייטן
פֿון לענדער פֿון ווײַטע פֿאַרנומען.

מען האָט אונדז די פֿאָן שוין געוויזן,
וואָס דאָ איז זי הײַנט נאָך פֿאַרבאָרגן...
מיר האָבן געהערט שוין פֿון ריזן
דעם אָנזאָג אויף ליכטיקן מאָרגן.

מיר האָבן דאָס ליכט שוין באַגריפֿן,
וואָס וועבט זיך אויף טונקעלע ראַנדן,
געהערט די סיגנאַלן פֿון שיפֿן,
וואָס קומען מיט פֿרײַהייט צו לאַנדן...

מיר וועלן די שטערערס באַזיגן
און וועלן די צילן דערגרייכן.
דערווײַל זאָל זיך איבער אונדז וויגן
און זינגען פֿון מאָרגן דער צייכן...

## דער נייער מענטש

איך לערן איַך און וואָרן:
עס קומט אַ מענטש אַ נײַער;
אין רויש פֿון נײַע יאָרן,
אַ שטרענגער — אַ באַפֿרײַער.

ער קומט דורך נײַע וועגן
און מײַדט־אויס יעדע סיבה;
ניט שטעלט זיך אים אַנטקעגן —
זײַן גרויזאַמקייט איז ליבע.

זײַן בליק קוקט ווײַט אַריבער —
ס'איז קיינער קיין געוויילטער;
די ווערטן שאַצט ער איבער
און גליק פֿאַר אַלע טיילט ער.

ער שטאַמט אַליין פֿון צפֿון
און שפּרייט צו וועלט זײַן אָרעם;
און אויף זײַן קומען האָפֿן
שוין מזרח, מערבֿ, דרום...

מען קוקט שוין אויס פֿון טורעם
דעם גנאָדן־אָנגעגורטן;
זײַן וואָרט און רוף — אַ שטורעם
פֿון נײַע פֿרייד־געבורטן...

## מען בויט...

אַז מען בויט אַ נײַע וועלט,
פֿלעג איך ייִנגלוויַיז נאָך הערן;
יאָרן זײַנען שוין אַוועק —
ווען וועט זי שוין פֿאַרטיק ווערן?...

נאָר מען בויט די נײַע וועלט —
פֿון די פֿריסטע קינדער־יאָרן...
ביז מען האָט די טיר געשטעלט,
זײַנען אַלט די ווענט געוואָרן.

ביז מען נעמט זיך צו דעם דאַך,
ווערן דורכגעפֿוילט די זײַלן
און דער פֿונדאַמענט ווערט שוואַך,
הייבט מען ווידער אָן זיך אײַלן...

רופֿט מען בויען אויף דאָס נײַ —
צו דער אַרבעט טרײַ צוזאַמען!
וואַרפֿט אַ יונג אַ פֿונק דערבײַ,
צינדט זיך אָן די וועלט אין פֿלאַמען...

## די נייע פראַגע

איז דאָס ניט אַ מאָדנע פֿראַגע,
וואָס מיט ייִדן קאָן פּאַסירן?
ווי אַזוי אין נײַער לאַגע
זאָל דער ייִד זיך דאַרפֿן פֿירן?

נאָכן חורבן פּוילן, ליטע,
און אין רײַסן און אייראָפּע,
ווו געהאַט האָט פֿרײַהייט שליטה,
לויט דער הייליקער אוטאָפּיע —

אַלע אונדזערע ישובֿים,
ווו דער פֿײַנד האָט נאָר געטראָטן
מיט דעם צוררס בייזע שותּפֿים —
אויסגערויבט און אויסגעראָטן.

אַזאַ חורבן — ווער קען גלײַכן
צו דעם ערשטן, ליבע מענטשן?
און דערנאָך „בײַ בבֿלס טײַכן"
זינגען שטיל נאָך מאָלצײַטס בענטשן?

דאָך, אַז ס׳פֿלעגט די וואָך פֿאַרפֿליִען,
פֿלעגט דער ייִד שוין זינגען הײַטער:
„בשובֿ ד׳ את שיבֿת ציון" —
און ער גלייבט און האָפֿט שוין ווײַטער...

## דער טאַנץ

ס׳האָט פֿון אָנהייב זיך דערשראָקן
אונדזער גרויער גרײַז;
און אין האַרצן שטיל געבעטן:
— גאָט, דײַן נס באַווײַז.

זאָל דער צוג צעשמעטערט ווערן —
שיק אויף אים דײַן בראַנד.
איידער טאַנצן פֿאַר רשעים,
איידער אַזאַ שאַנד...

ווײַל ווי זאָל ער זיך דערוועגן
זינגען נאָך דערבײַ,
ווען אין האַרצן ברענט דער צאָרן,
ווי צעגליטער בלײַ...

פּלוצלינג האָט אים פֿאַר די אויגן
העל געטאָן אַ גלאַנץ —
און געלאָזט האָט זיך דער זקן
האַסטיק אין דעם טאַנץ...

זײַנע מידע אויגן האָט ער
האַלבערהייט פֿאַרמאַכט.
אַז ער טאַנצט עס פֿאַרן בורא,
האָט ער פֿרום געטראַכט...

אַז ער טאַנצט עס פֿאַרן בורא
מיט אַזאַ געפֿיל,
ווײַל ער האָט די וועלט באַשאַפֿן:
מענטש און חיות פֿיל...

און די מענטשן — דאַן אין פֿעלקער
האָט ער אײַנגעטיילט;
און פֿון זיי — דאָס פֿאָלק ישׂראל
האָט ער אויסגעוויילט...

און די פֿרעמדע, די רשעים,
האָבן נישט געוווּסט,
ווו דער זקן נעמט זײַן כּוח
און צום טאַנץ זײַן לוסט...

און דער זקן וואַקסט אַלץ העכער,
אַך, ווי הויך, ווי הויך!
און ער טראָגט זיך אום באַגײַסטערט,
און ער זינגט נאָך אויך...

ביז פֿאַרשווּנדן זייער שמייכל,
זייער בייזער שפּאָט,
ווײַל דער טאַנץ האָט זיך פֿאַרוואַנדלט
אין אַ טאַנץ פֿאַר גאָט...

1948

# אין יענע טעג

איך זע אויף מײַן טישל אַ צײַטונג פֿון ערשט;
איך בליק און איך גלײַך פֿון אַ בענקשאַפֿט באַהערשט;
די נײַס, די אַרטיקלען געהערט זיי ניט לאַנג,
נאָר ווען ס'האָט פּאַסירט — ניט באַנעמט דער געדאַנק.

אַ בילד פֿון אַ מאָלער — ווער ווייסט ווו ער איז.
און לייען איך ווײַטער: „גענומען פּאַריז...“
און ווו זײַנען פֿרײַנד איצט, און אַנדערע ווו?
און דיכטערס, פּאָעטן, און ברודער מײַן — דו?

און אָט נאָך אַ בילד פֿון דער הײַנטיקער צײַט,
און אפֿשר מיט הונדערטער דורות שוין ווײַט.
איך זע בײַ מײַן בוכשראַנק, עס צייכנט אַ שריפֿט:
דער „יוון מצולה“ — איך בלײַב ווי פֿאַרבליפֿט...

אַך, ווען האָט פּאַסירט עס? — מיט קראַפֿט ווער געגורט,
ניט אַנדערש אין צײַטן פֿון קריסטוס' געבורט.
און אָט איז דער חורבן, דעם טעמפּל פֿאַרברענט,
ווי קומען די רוימערס נאָך איצט בײַ די ווענט?

די דאַטעס — זיי מישן זיך אַלע מיר אויס;
איין דאַטע אַרײַן און די צווייטע אַרויס.
עס בײַטן זיך יאָרן און לענדער — ווער ווייסט?
און שווער צו באַשטימען ווען קומט שוין די טרייסט...

1952

## באַנייטע היים

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט בײַ טירן
און בײַ אַ גאַניק פֿון אַמאָל;
געוואָלט עס זאָל אַ נס פּאַסירן —
דערהערן אַ באַקאַנטן קול...

און בײַ דעם הויף, ווו כ׳פֿלעג זיך שפּילן,
צי שפּעטער זיצן בײַ אַ בוך
און חלומען פֿון ווײַטע צילן,
און זען דאָס גליק ווי דורך אַ שפּרוך;

געזוכט דעם בוים פֿון קעגנאיבער,
וואָס האָט די גאַס באַשײַנט, באַגרינט,
און ווי אַ נאָענטער, אַ ליבער,
געשיצט אויך אונדזער הויזגעזינד;

געשטאַנען לאַנג בײַ אונדזער שטיבל —
אַ טויער איצט דעם הויף פֿאַרשטעלט —
און שטיל געקוקט און אָן פֿאַראיבל
דערזעענדיק אַן אַנדער וועלט...

## אַלס ייִנגל...

אַלס ייִנגל שוין לידער געשריבן,
אַ וואָרט צו אַ צווייטן, און ס׳קלינגט!
אַזוי האָב איך שטיל זיי געקליבן,
ביז וואַנען אַן אַנדער ליד זינגט...

און דאָ — ווי עס וואָלט שוין פּאַסירן
דעם ייִנגל־פּאָעט שוין אַ נס,
עס עפֿענען־אויף זיך די טירן
אַ דאַנק אויף אַ „בלאַט" — אַן אַדרעס.

דער מאַן — צו ווענען צו שיקן,
די לידער — דאָס האָט ער אַליין;
דעם ייִנגל געטאָן שוין באַגליקן —
דער נאָמען פֿון מאַן קלינגט אויך שיין...

דערצו נאָך זײַן בילד, ווי געמאָלן;
אַליין ער — אַ גרויסער פּאָעט;
דעם ייִנגל הייבט זיך צו מאָלן
די שיינקייט פֿון מאַן פֿון פּאָרטרעט...

איז שיקט ער אַוועק אַ פּאָר לידער
און לייגט נאָך אַ מעשׂהלע צו,
און שאַפֿט שוין מיט מערער, מיט ווידער,
און וואַרט אויף אַן ענטפֿער אָן רו...

געקומען דער ענטפֿער אין גיכן,
פֿאַרשריבן אויף זײַטעלעך פֿיר;
אַזוי ווי דערוואַרט קוים משיחן,
צום גליק אים געעפֿנט די טיר.

דאָס ייִנגל־פּאָעט איז שוין עלטער,
אין לידער נאָך אַלץ ניט אַנטוישט;
די לידער פֿון רבין, פֿון מערסטע
ווערט ער נאָך עד־היום באַרוישט.

1953

## דער אורח ביים סדר

דער שענסטער כּוס פֿון אַלע איז געווען אליהוס —
דער טאַטע פֿלעגט דעם כּוס אַליין צום סדר גרייטן,
עס איז געווען אַ כּוס געמאָלט אין שיינע קווייטן —
מען האָט אים ניט פֿאַרביטן, ניט געמאַכט קיין טעות.

דער טאַטע פֿלעגט אים אָנגיסן הויך צו די ברעגן!
און פֿאַרזיכטיק און מילד אַזוי פֿלעגט ער אים גיסן,
דעם פֿײַנעם ווײַן, פֿון ראָזשינקעס דעם זיסן,
פֿאַר אליהון אַלץ, פֿאַר זײַנעט וועגן...

די קינדער פֿלעגן אין געדאַנקען ווײַט פֿאַרזינקען,
די שפּיל איז זיי געווען אַזוי געפֿעלן,
נישט מער — זיי וואָלטן זען בלויז איין מאָל וועלן,
ווי אליהו קומט פֿון כּוס אַ ביסל טרינקען...

און איין מאָל האָט מיטגעבראַכט פֿון שול דער טאַטע
אַן אורח, וואָס מען האָט געגעבן אים צום סדר,
ער איז געווען געקליידט אין אַנדערשדיקע קליידער —
די באָרד אַ לאַנגע, גרויע און די אויגן מאַטע.

מען האָט אַ כּוס געשטעלט פֿאַר אים, ווי ס׳פּאַסט פֿאַר לײַטן
ניט ווײַט פֿון אליהוס כּוס, בײַם טיש אין מיטן,
מען האָט צו יעדן מאָל געדאַרפֿט אים היטן,
ער זאָל, חלילה, ניט זײַן כּוס פֿאַרבײַטן...

און נאָכן סדר איז דער אורח שטיל פֿאַרשוווּנדן,
באַטראַכט האָט יעדערער די כּוסות אין דער שיסל,
מען זעט, עס פֿעלט פֿון אליהוס כּוס אַ ביסל —
און דעם אורחס אָבער פֿול און רויט געצונדן...

דער טאַטע האָט געשמייכלט מיט הנאה,
די מוטער איז פֿאַרחלומט אומגעגאַנגען,
און מיר, די קינדער, האָבן ווי געהערט געזאַנגען,
און שוועבן ווי געזען דעם אורח — אליהו!

## די אַלטע הגדה

מיט אַ גרויען טישטעך
איז דער טיש געדעקט;
ליגט אַ שטיקל מצה
אָרעם, אָפּגעדעקט...

אַלע כּוסות ליידיק,
און דער לערער כּוס
אליהו הנבֿיאס
קוקט־אָן מיט פֿאַרדראָס...

מורמלט שטיל דער זיידע:
— מ׳נעמט די מצות דרײַ...
אָך, אַפֿילו איינע
גיט מען אויך ניט פֿרײַ...

קוקט אין דער הגדה
און ער שמייכלט־צו:
— נעם דאָס איי און כּרפּס...
ווו זשע נעמט מען... ווו?...

אויפֿן פֿאָדערבלעטל
קוקט דער אַלטער, קוקט...
— ווען איז די הגדה
פֿאָרט געווען געדרוקט?...

עפּעס הייסט זי עסן
פֿון דער פֿולער האַנט:
— ווען האָט זי געדרוקט זיך
און אין וועלכן לאַנד?...

## ירושלימער יידן

וואַריאַנט

ייִדן, שיינע, פֿרומע,
און ס׳איז ניט קיין חידוש,
אַז ווי פֿון איין אומה
ריידן אַלע ייִדיש.

און אַז ס׳קומט צום זינגען —
זינגט מען הויך, קיין עין־הרע,
און אַז ס׳קומט צום טאַנצן,
טאַנצט מען ניט קיין „האָרע״...

טאַנצט מען אַ קאַראַהאָד דאָך,
ווי עס שטייט געשריבן,
הענט אויף חבֿרס פּלייצע,
מיט אַ בליק אַ ליבן.

און אַזוי ביז שטערן
זיך אין הימל ווײַזן,
טאַנצן סײַ די יונגע,
טאַנצן סײַ די גרײַזן...

ביז דער מלווה־מלכּה,
ביז דער שענסטער סעודה,
ווי אין לאַנד ישׂראל,
ווי אין לאַנד יהודה.

1952

## נאָך גרינס

נאָך צווײַגעלעך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך גיין,
און פֿריילעך מיט לידער כּסדר,
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט נישט געווען —
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווײַגעלעך קינדער, נאָך צווײַגעלעך גייט
און פּוצט־אויס די אָרעמע שטיבלעך;
דער וואַלד איז נישט ווײַט, הינטערן שטעטל ער שטייט,
און קוקט אַזוי ווייך, אַזוי ליבלעך.

פֿאַרוווּנדערט וועט ווערן דער אַלטער, דער וואַלד —
וואָס טוען דאָ ייִדישע קינדער?
דערציילט אים: ס'איז שבֿועות, דערציילט עס אים באַלד,
און זאָל אים ניט זײַן צו קיין ווונדער...

און זוימט זיך וואָס לענגער און רײַסט וואָס מער אָן,
נישט האָט פֿאַר די טאַטעס קיין מורא:
הײַנט מעגט איר אין וואַלד זײַן, מ'וועט גאָר נישט אײַך טאָן,
עס איז דאָך לכּבֿוד דער תּורה!

## חנוכה

„ברוך אַתּה!" — זינגט דער טאַטע
און ער צינדט די ליכט.
און די שטראַלן, מילדע, פֿאַלן
אויף זײַן בלאַס געזיכט.

און אַ פֿײַער — הייליק, טײַער —
אין די אויגן לײַכט.
און דער מידער מיט די גלידער
האָט זיך אויסגעגלײַכט.

מוזיק — סאלאמאן גאלוב

*Moderato Fiero*

סע - סא דער זינגט תה - א רוך - ב
לן - שפרא די און ליכט די צינדט ער און
זיכט - גע בלאס זיין אויף לן - פא דע - מיל
און א פיי - ער היי - ליק סיי - ער אין די אוי-בן
דער - גלי די מים דער - מי דער און לייכט
זיך דאכט עס און גלייכט-גע-אוים זיך האט
דא עס פעס - ע נאך ס'איז זיך טראכט עס און
די איז ליק—היי בן - לי צו וואס בן - בלי-גע ס'איז
גען - גאנ - פאר לאנג בען-קלאנג טע - אל שעה
סע - סא מיר זינג צינד—א נאך ס'קלינגט ניגן
קינד דיין בלייב איך און תה - א רוך ב

און עס דאַכט זיך, און עס טראַכט זיך:
ס'איז נאָך עפּעס דאָ;
ס'איז געבליבן וואָס צו ליבן —
הייליק איז די שעה!

אַלטע קלאַנגען, לאַנג פֿאַרגאַנגען,
ניין, עס קלינגט נאָך צינד.
— זינג מיר, טאַטע, „ברוך אַתּה!“
און איך בלײַב דײַן קינד.

## לעבן ווילט זיך...

לעבן ווילט זיך, אַך, דאָס לעבן
האָט אין זיך אַזוי פֿיל חן,
נאָר איך קען גאָר נישט דערגרייכן
דאָס וואָס ליב איז, דאָס וואָס שיין.

לעבן ווילט זיך, נאָר איך קען נישט,
כּוחות דאַרף מען האָבן מער!
שטאַרבן און פֿאַרלאָזן אַלעס,
אַך, דאָס איז מיר אויך צו שווער.

און מײַן לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפֿט:
ווערן ווערט עס נישט פֿאַרלאָשן,
ברענען האָט עס נישט קיין קראַפֿט!

## אַ טאָג

אַ טאָג איז אויס,
עס ווייט מיט רו;
אַ שטיל געררויש
פֿון ערגעץ ווו.

אַ ווײַטן שײַן
די זון נאָך שענקט,
ווי זי וואָלט זײַן
נאָך אים פֿאַרבענקט.

אַ ווײַטע פֿרייד,
אַ ווײַטע ליד;
אַ טאָג פֿאַרגייט
מיט שטילע טריט...

## אַהיים צו מיר

אַהיים צו מיר וואָלטסטו געגאַנגען
מײַן ליבסטע, מײַן אויג אין מײַן קאָפּ.
דײַן מאַמע, זי האַלט דיך געפֿאַנגען,
זי היט דיך, זי לאָזט דיך ניט אָפּ.

פֿאָלקסמאָטיוו

ווער האָט איר דערצו רעכט געגעבן?
איך בין דאָס פֿאַרשטיין ניט אין שטאַנד.
איך ליב דיך פֿיל מערער, מײַן לעבן,
ווי טויזנטער מאַמעס בײַנאַנד.

## ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט ...

פֿאַרלאָשן זײַנען מײַנע שטערן
און פֿינצטער איז די לאַנגע נאַכט,
דאָך הייבט מיר ליכטיק אָן צו ווערן,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

מײַן מאַכט און שטאָלץ איז לאַנג אַריבער,
דער ווילדער שונא שפּאָט און לאַכט;
עס לעבט דאָך אויף דער אַלטער גיבור,
ווען כ'צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

מוזיק — מ. ליפּשיץ

Moderato

עס שטומען אַלע מײַנע לידער
פֿון גבֿורה, העלדנטאַט און מאַכט;
דאָך קלינגען זיי אין האַרץ מיר ווידער,
ווען כ'צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

אָן אַלטע טרער מײַן אויג פֿאַרטונקלט
און האָט עס שיִער נישט בלינד געמאַכט;
דאָך זעט, ווי העל צוריק עס פֿינקלט,
ווען כ'צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

## אַמאָליקע טעג

צעשטעלט זיך אין רייען, אַמאָליקע טעג,
פֿאַרשווונדענע טעג פֿון מײַן לעבן!
איך וועל אײַך אַדורכגיין פֿון אָנהייב ביז ברעג
און יעדערן שלום אָפּגעבן.

איך וועל מיך פֿאַר יעדערן געבן אַ נייג
און שטרעקן מיט ליבשאַפֿט די האַנט אײַך;
עס וועט זיך באַווײַזן אַ טרער אין מײַן אויג,
אַן אַלטע — זי איז דאָך באַקאַנט אײַך...

אַך, קלײַבט זיך צוזאַמען פֿאַרגאַנגענע טעג,
פֿאַרגעסט וואָס איך האָב אײַך געשאָלטן!
עס איז נאָר געווען פֿאַר צרות אָן ברעג,
עס האָט מיך מיט אײַך נישט געגאָלטן.

איר זײַט אַזוי חושכדיק פֿינצטער געווען
און שווער ווי די ריזיקע בערגער,
געהאָפֿט האָב איך בעסערע טעג פֿאַר מיר זען,
אומזיסט אָבער — די זײַנען ערגער!...

## דער פרייער ים

שטעל דעם לעבן נישט קיין כּללים,
נישט פֿאַרצאַם!
זאָל עס פֿרײַ און האַסטיק פֿליסן,
ווי דער ים!

דו וועסט זאָגן: „ס'איז געפֿערלעך" —
כ'ווייס אַליין;
אָבער זע דאָס בילד: ווי הערלעך
און ווי שיין!

# זינג, נשמה, זינג

זינג, נשמה, זינג,
פֿריילעך אָדער באַנג,
לעבן איז אַ ליד,
לעבן איז געזאַנג.

מוזיק — א. וו. בינדער

Meno

A Tempo

זינג, נשמה, זינג,
זינג אין לעבנסגאַנג,
בלומען אָדער שטויב,
לעבן הייסט געזאַנג.

זינג, נשמה, זינג,
קורץ דער וועג צי לאַנג,
ס׳ענדיקט סײַ ווי סײַ,
ווי אַ ווײַט געזאַנג.

זינג, נשמה, זינג,
לעבן הייסט געזאַנג,
און דער טויט וועט זײַן
ווי אַווידערקלאַנג.

## אין מיט

אין סאַמע מיט פֿון וועלט,
ווו האַס און צאָרן שטומען,
האָט ער זײַן הויז געשטעלט,
אַז יעדערער זאָל קומען

און דאָרט בײַ זײַן געצעלט,
די קוואַלן רוישן, פֿליסן;
אין סאַמע מיט פֿון וועלט —
דעם וועג זאָל יעדער וויסן...

# יי ד י ש

יידיש, שפּראַך און לשון מײַן,
וווּנדער פֿון מײַן בלײַבן זײַן!
צווישן פֿרעמדע, דאָ צי דאָרט,
בויסט מײַן היים אין יעדן אָרט...

ווּ איך קום, אָפּט מאַט[1] און מיד,
קלינגט מיר אויף דײַן היימיש ליד;
דורך מײַן פֿענצטער, ווּ ס'זאָל זײַן,
דרינגט דײַן ליד אַרויס, אַרײַן...

און ניט ליד אַליין — דײַן וואָרט
מאַכט מיר נאָענט ווײַטסטן אָרט,
ווערט מיר ליב; אַוווּ איך קום —
רינגלען ברידער מיך אַרום...

און ניט וואָרט — דײַן בוך אַליין,
יידיש בוך, ווי ליכטיק, שיין!
פּרץ, מענדעלע, רײַ נאָך אַנאַנד —
שוועב איך מיט אין יידישלאַנד.

ניט קיין פֿרעמדע ערגעץ ניט
מיט מײַן יידיש בוך און ליד;
מיט מײַן יידיש צײַטונגבלאַט,
פֿלי איך דורך די וועלט כּמעט...

---

[1] פֿאַרמאַטערט.

# עס שאָקלט זיך

בײַ נחמן, אַן אָרעמער באַלעבאָס אין שטעטל, לעבט מען שטענ־דיק אין שרעק. און בײַ יעדער אַרבעט, בײַ יעדער באַוועגונג, שרײַט מען דאָרט אין שטיבל איינער צום אַנדערן:

— פּאַמעלעך!

בײַ נחמנען עסט מען קיין מאָל רויִק ניט אָפּ קיין ביסל גע־קעכטס. ווײַל ווי מען שטעלט־אַוועק די שיסל אויפֿן טיש, הייבט זיך דער טיש אָן צו שאָקלען. דאָס בעסטע ביסל — די אייבערשטע — גיסט זיך אויס און נאָך דעם מוז מען פֿאָרזיכטיק עסן, סטאַרען זיך ניט אַ צו שטאַרקן ריר צו טאָן דעם טיש, כּדי ניט אויסצוגיסן דאָס רעשט ביסל געקעכטס.

אַז מען עסט־אָפּ רויִק אָן אַ סיבה דעם וואַרעמעס, פֿילט יעדערער פֿון הויזגעזינד אַ דערגרייגערונג און דאַנקט אין דער שטיל גאָט פֿאַרן חסד, וואָס דער טיש האָט דאָס מאָל ניט געקאַפּריזעט.

ערגער איז אָבער מיט דער וועטשערע! וועטשערע עסט מען שוין בײַם לאָמפּ און די שרעק ווערט אין צווייען, ווײַל די גלאָז פֿון לאָמפּ, וועלכע מען האָט געקויפֿט אויף באָרג, איז מיט אַ נומער גרעסער און זי שאָקלט זיך אויף דער מאַשינקע. די פֿאָרזיכטיקייט ווערט גרעסער און, ווען איינער שרײַט: „פּאַמעלעך — דער טיש!“, מוז אַ צווייטער קומען צו הילף און שרײַען: „פּאַמעלעך — די גלאָז!“. און אַ מאָל, אַז עס האַלט שמאָל, סײַ דער טיש און סײַ די גלאָז הייבן זיך אָן צו שאָקלען, שרײַט מען צוזאַמען, נאָר פֿאַרקירצט: „די גלאָז, דער טיש“. און מען הערט־אויף צו עסן ביז מען באַרויִקט ניט בײדע אומנאָרמאַלע שטובזאַכן.

נחמן און זײַן הויזגעזינד האָבן שוין צום טיש און צום לאָמפּ

איבערגעטראָגן פּיל סגולות. אונטער דעם הינקענדיקן פּיסל האָט מען אַ ציגל אונטערגעלייגט; עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן, ווײַל די פּאָדלאָגע איז ניט קיין גלײַכע. די מאַשינקע פֿון לאָמפּ האָט מען מיט אַ פּאַפּיר אַרומגעדרייט; האָט עס געהאַלטן איין אָוונט און עס איז ווידער ברייט געוואָרן און זיך גענומען שאָקלען, ביז מען האָט זיך מיאש געווען און עס איז געבליבן אַזוי.

און נאָך וועטשערע, אַז מען ווערט שוין ווידער רויִקער, הייבט זיך אָן אַ סדרה מיט די צוויי בעטן. אויך זיי האָבן זיך קענטיק אָנ־געשטעקט פֿון טיש און שאָקלען זיך שוין עטלעכע יאָר. און אַז מען לייגט זיך אין זיי אַרײַן, דאַכט זיך, אַז אָט־אָט פֿאַלט מען פֿון זיי אַרויס און נאָר מיט ניסים שלאָפֿט מען איבער די נאַכט.

און אַ מאָל, אַז דער ווינט איז דרויסן בלאָזט, שאָקלען זיך בײַ נחמנען די שויבן פֿון די פֿענצטערס, די שינדלעך פֿון דעם דאַך און דאָס גאַנצע שטיבל. דעמאָלט דאַכט זיך נחמנען, אַז אָט־אָט פֿאַלט אַלץ אין גאַנצן אײַן און ער וועט גאָר נישט האָבן: ניט קיין צעבראָכן טישל, ניט קיין גלאָז מיט אַ נומער גרעסער, ניט קיין בעטן וואָס שאָקלען זיך און ניט קיין אַלט שטיבל. אַזוי לעבט נחמן אָפּ זײַן גאַנץ לעבן אין שרעק און זײַן גאַנץ לעבן שאָקלט זיך.

# די לבנה

איין מאָל גייט חײַקל דער קירזשנער אַרויס איינס אַ זייגער בײַ נאַכט אויפֿן הויף און ער ווערט מאָדנע פֿאַרוווּנדערט. עפּעס איז דרויסן איז ליכטיק, פּונקט ווי עס וואָלט שוין געווען טאָג, און פֿאַר די הײַזער ליגן אויסגעצויגן גרויסע, ברייטע שאָטנס אַזוי רויִק און שטיל, אָבער מיט עפּעס אַ גאווה; און זײַן שאָטן אַליין איז אויך אַזאַ מאָדנע גרויסער, אַ לאַנגער און אַ דיקער, פּונקט ווי ער וואָלט אין דער אמתן טאָקע אַ מענטש געווען... עס זאָל שוין זײַן „גרויסער טאָג״ — קאָן ניט זײַן: אויף דער גאַס איז אַזוי מאָדנע שטיל אַז ער הערט זײַן אייגענעם אָטעם. די לאָדנס פֿון די הײַזער זײַנען אומעטום פֿאַרמאַכט. און אָט הערט ער אַפֿילו די קאָלאָקאָטקע[1] פֿון נאַכט־וועכטער. וואָס זשע באַטײַט דאָס אַזאַ מין ליכטיקייט?

ער וואַרפֿט די אויגן אויף אַלע זײַטן, ווי ער וואָלט געזוכט יענעם לאָמפּ, וואָס האָט אַזוי ליכטיק געמאַכט די נאַכט. ענדלעך הייבט ער אויף די אויגן צום ריינעם הימל, וואָס איז נאָך ווו־ניט־ווו באַשפּרענקלט מיט קליינע, ווײַסע וואָלקנדלעך, און ער דערזעט אין דער מיט אַ קײַלעכדיק ליכטיק רעדעלע, אַזוי קײַלעכדיק און אָפּגעטאָקט, פּונקט ווי אַ שטיקל סחורה אויף אַ דעקע צו אַ היטל... דאָס דאָזיקע שטיקל קײַלעכדיקס איז אים מאָדנע באַקאַנט. ער האָט עס אַ מאָל ערגעץ געזען... „מאָדנע באַקאַנט... וואַרט, לאָמיך זיך אָקערשט דערמאָנען״...

אַלערליי דערצײַנערונגען פֿון זײַן יוגנט הייבן־אָן ווי פֿון אַ נעפּל אַרויסצוגיין פֿון אים, טאַנצן און שפּרינגען פֿאַר אים. און פּלוצלינג דערמאָנט ער זיך אין דעם חדר, דאָס גיין בײַ נאַכט אַהיים, די לידלעך „אַדוני מלך״, „היי, היי, העמערל״... דערנאָכדעם דערמאָנט ער זיך דעם בית־מדרש, ייִדן דאַוונען מעריב, נאָך מעריב גייען ייִדן,

---

[1] קלאַפּער (אַנשטאָט אַ גלעקל).

אַ סך ייִדן אַרויס פֿון די בתּי־מדרשים... נאָר נישט אַהיים גייט מען: מען שטעלט זיך אויס אין אַ רעדל אויפֿן שולהויף און מען הייבט־אָן ווידער דאַוונען.

— אוי, דאָס איז דאָך די לבֿנה! — גיט זיך חײַקל אַ כאַפּ, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין אַן אַלטער, שיינער מעשׂה, וואָס ער האָט אין חדר אַ מאָל בין מנחה למעריבֿ געהערט... און זײַן האַרץ שפּרינגט שיִער אַרויס פֿאַר שׂמחה.

— די לבֿנה, ווי איך בין אַ ייִד, די לבֿנה! — שרײַט ער אויס אויפֿן קול.

— אוי, אוי, אוי! ווי לאַנג איך האָב זי ניט געזען, זינט איך אַרבעט... קוים, קוים זי דערקענט... אַז בײַ טאָג אַרבעט מען און בײַ נאַכט שלאָפֿט מען, ברוך־השם... — פֿאַרענטפֿערט ער זיך.

און ער הייבט־אָן צו באַטראַכטן די אַלטע באַקאַנטע, אויף וועלכער ער פֿלעגט קינדווײַז אַזוי ליב האָבן צו קוקן, דער הויפּט אויף דער נאָז, אויף די צוויי אויגן... ער הייבט־אָן איצט צו זוכן די נאָז מיט די אויגן... אָבער — ניטאָ.

ער ווערט מאָדנע איבערגעראַשט. ער קאָן שווערן, אַז אַמאָל האָט די לבֿנה געהאַט אַ נאָז מיט צוויי אויגן... ער געדענקט דען נישט, וואָס?... ווו זשע איז עס אַהינגעקומען?...

ער שטרענגט־אָן די בליקן און זוכט. די לבֿנה, אַ קײַלעכדיקע און אַ ריינע, שווימט זיך רויִק, דאַכט זיך מיט אַ שמייכעלע, אָבער קיין נאָז און קיין אויגן — ניטאָ...

חײַקל דאַרף גיין שלאָפֿן צוריק. אַ גאַנצן טאָג האָט ער שווער געאַרבעט און הײַנט דאַרף מען טאַקע פֿרי אויפֿשטיין, נאָר עס פֿאַרדריסט אים, פֿאַר וואָס זאָל ער דאָס גלאָט ניט געפֿינען די נאָז מיט די אויגן... כאָטש די נאָז אַליין... און אפֿשר איז דאָס גאָר נישט די לבֿנה?

פֿאַר דעם געדאַנק דערשרעקט ער זיך צוליב צוויי זאַכן: ערשטנס, אויב דאָס איז ניט די לבֿנה, טאָ וואָס זשע איז דאָס? און

צווייטנס, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל ניט וויסן, וואָס יאָ לבֿנה און וואָס ניט... אַז אין מאַסטערקאַיאַ[2] זאָל מען זיך דער־וויסן, וואָלט מען דאָך אים געמאַכט פֿאַר אַ משוגענעם.

ער קוקט אויפֿמערקזאַם אַרויף אין דער הויך און זוכט... נאָר אויסער דער איין לבֿנה און עטלעכע ווײַסינקע וואָלקנדלעך איז גאָר נישטאָ.

אויב אַזוי, איז דאָס טאַקע די לבֿנה! אייגנטלעך איז זי די זעלביקע ווי אַלע מאָל. ער וואָלט זי דערקענט אַפֿילו, ווי מען זאָגט, אַן אָפּגעשוונדענע...

נאַרישקייטן! ער ווייסט דען ניט וואָס אַ לבֿנה איז?... ווער ווייסט דען ניט?

ער ווערט שוין זיכער, אַז דאָס איז די לבֿנה. און דערפֿילנדיק, ווי די אויגן קלעפּן זיך אים, וויל ער שוין גיין צוריק שלאָפֿן. נאָר פּלוצלינג גיט אים ווידער אַ קלאַפּ אין קאָפּ: וווּ איז אָבער פֿאַרט דער לבֿנהס נאָז מיט די צוויי אויגן?...

ער הייבט זיך אָן אויף אַן אמת צו באַאומרויִקן. עס אַרט אים ניט אַזוי, וואָס די לבֿנה האָט פֿאַרלוירן די נאָז מיט די אויגן, ווי עס אַרט אים דאָס, וואָס ער ווייסט ניט ווי אַזוי איז דאָס אַהינגעקומען...

קען דאָס זײַן, אַז פֿאַר דער לאַנגער צײַט, וואָס ער האָט זי ניט געזען, האָט זי זיך געביטן?...

ער מוז דאָס דערגיין. פֿרעגן וועט ער ניט. מע וועט געוויס לאַכן. אָבער ער קען דאָס דערגיין אין דעם ביכל „אַ וועלט מיט וועלטעלעך"... דאָרטן שטייט פֿון דער זון און פֿון דער לבֿנה און פֿון אַלץ... אַ שאָד, וואָס שבת לייענט ער אַלץ די פּאָליטישע ביכלעך און פֿון אַנדערע זאַכן הייבט ער ניט אָן צו וויסן... אין „אַ וועלט מיט וועלטעלעך", געדענקט ער, רעדט זיך דערפֿון. ער האָט דאָס אַמאָל געלייענט — נאָר ער האָט אין גאַנצן פֿאַרגעסן...

---

[2] וואַרשטאַט, אַרבעטפּלאַץ (פֿון פּוטערוואַרג אָדער שנײַדערײַ).

# די דערציִונג

די סדרה איז געווען אַן אומעטיקע, איבער הויפּט די הפטורה. חנה האָט זיך ביַים טיַטש־חומש גוט אויסגעוויינט. אַז זי האָט גע־ענדיקט די סדרה, איז געווען דריַ אַ זייגער. חיים איז שוין אַוועק אין שול הערן דעם מגיד, די עלטערע קינדער אויפֿן שפּאַציר, נאָר די זיבעצן־יעריקע טאָכטערביילקע איז געזעסן ביַי אַ פֿענצטערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום הויף, און געלייענט אַ מעשׂה־ביכל, פֿאַר וועלכן זי האָט באַצאָלט פּראָקאַטגעלט[1] צוויי קאָפּיקעס. דער פֿינפֿטהאַלבן־יעריקער כאַצקעלע, וועמען מ'האָט שוין אויף ווינטער גערעכנט אָפּצוגעבן אין חדר, איז געזעסן אויף דר'ערד און האָט זיך געשפּילט מיט אַ בלוי שטיקל פּאַפּיר.

— ביילקע, גיב אַכטונג אויף דער שטוב! איך וועל אַ ווײַלע אַריַנגיין צו דאָבע־ריווען.

און איידער ביילקע האָט באַוויזן צו ענטפֿערן, האָט זיך דער קליינער כאַצקעלע, ווי אַ שפּאַרבערל, אַ הייב געטאָן, אַוועקגעשטעלט זיך אויף די צוויי דינע פֿיסלעך און מיט אַ געוויין אויסגעברומט:

— איך אויך גיין...

— ניין, דו בליַיב דאָ! — האָט חנה אָנגעשריִען — נישטאָ וווהין צו גיין.

כאַצקעלע האָט זיך אָבער איַנגעוויקלט אין דער מאַמעס קלייד, ווי ער וואָלט זיך וועלן צוקלעפּן, און געשריִען:

— איך אויך גיין...

— נעם אים אויך! — האָט ביילקע פֿאָרגעשלאָגן.

---

[1] אָפּצאָל פֿאַר לייען (קליידער, ביכער וכ׳).

— נעם אים אויך! — האָט חנה איבערגעקרימט — מײַנע שׂונאים זאָלן אַזוי לעבן, ווי מען קאָן מיט אים אין אַ שטוב אַרײַן! ווי נאָר מען גייט מיט אים ערגעץ אַרײַן, גלײַך — מאַמע, עסן! דאָס פּנים פּלאַמט מיר.

— נישט בעטן, מײַנע נאמנות! — האָט כאַצקעלע פאַרזיכערט.

— געדענק זשע! — האָט חנה געסטראַשעט מיטן פינגער — טאָמער בעטסטו דאָרט עסן, וועל איך דיך דערהרגענען...

— נישט בעטן, מײַנע נאמנות! — האָט כאַצקעלע פאַרזיכערט.

נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף כאַצקעלעס שבֿועה, האָט חנה אָפּגעשניטן אַ קליינע המוציא פון דעם איבערגעבליבענעם שטיקל חלה פון שבתדיקן וואַרמעס און האָט אים דערלאַנגט:

— עס אַ שטיקל חלה, וועסטו ניט זײַן הונגעריק. עס אויף גיך, איך וועל וואַרטן.

אַ פריילעכער, וואָס ער גייט צו דאָבע־ריוועשן, ווו עס זײַנען דאָ אַ סך קינדערלעך, לויט ער געדענקט נאָך פון אַ מאָל, ווען ער איז דאָרט געווען, און טאַקע פון דער המוציא־חלה, וואָס נישט אַזוי אָפט באַקומט ער עס, איז כאַצקעלע אַזש אונטערגעשפּרונגען.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער המוציא — האָט אים די מאַמע אָפּגעווישט די ברעקלעך פון מויל, אויסגעשנײַצט דאָס נעזל, פאַרזאָגט און ווידער פאַרזאָגט אים, ער זאָל נישט בעטן עסן, און אַפילו אַז מען וועט אים דאָרטן עפּעס געבן, זאָל ער אויך נישט נעמען.

— נישט נעמען! — האָט כאַצקעלע פאַרזיכערט.

און זיי זײַנען אַרויס.

*

דאָבע־ריוועשע, אַ יוסטע באַלעבאָסטע אין אַ געדיכטן פאַרוק אויפן קאָפּ, אונטער וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גרויסע, שוואַרצע ייִדישע אויגן, מיט אַ פול פּנים, איז געזעסן אויף איבערן טײַטש־חומש, און נישט האָבנדיק קיין צעבראָכן האַרץ, ווי חנה, האָט זי

נישט געווײנט, נאָר אויס פֿרומקייט געזונגען מיט אַ געמאַכטן טרויעריקן ניגון.

איבערגעריסן האָט איר חנהס ברייטער גוט־שבת.

— גוט־שבת, גוט־שבת! — האָט דאָבע־ריווע זיך גלײַך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט און איז געגאַנגען חנהן אַנטקעגן — אַקוראַט ענדיק איך די הפֿטורה... נו, אַ ביסל אַ הפֿטורה הײַנט! אַ שטיין קאָן צעגײן! — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ מינע פֿון אַ רביצין, ווײַסנדיק אַז חנה איז אַ גרויסע געלערנטע.

— הײַנטיקע גאַנצע סדרה איז ווערט גאָלד! — האָט חנה אַרויסגעזאָגט אירע מבֿינות מיט אַן אויטאָריטעטן טאָן. נאָר באַלד האָט זי זיך פֿאַרכאַפּט:

— דווקא הײַנטיקע? און פֿאַראַכטאָגיקע און פֿאַרצווײַוואָכעדיקע?...

— אַבי די מאַנצבילן לאַכן פֿון אונדזער טײַטש־חומש — האָט דאָבע־ריווע גוטהאַרציק געשמייכלט.

— הײַנט לאַכן שוין ברוך־השם נישט נאָר די מאַנצבילן, די מיידלעך לאַכן שוין אויך... האָט חנה זיך ערנסט געקלאָגט. מײַןביילקע זאָל געזונט זײַן, וועט קיין מאָל נישט נעמען דעם טײַטש־חומש אין האַנט אַרײַן. אַלץ די מעשׂה־ביכלעך און די מעשׂה־ביכלעך!

— איך ווייס טאָקע נישט, וואָס פֿאַר אַ מין כישוף שטעקט אין די מעשׂה־ביכלעך! — האָט דאָבע־ריווע געדריקט מיט די פּלייצעס — מײַן גאָלדע איז אויך אַזוי. אַלע פֿרײַטיק מוז זי נעמען אַ ביכל אויף שבת און ווײנט איבער אים פּונקט ווי אויף אַ תּחינה... מײַנער וואָלט זי אויפֿגעגעסן דערפֿאַר. מיר אַרט דאָס שוין נישט אַזוי... מילא, זאָל זי לייענען...

— יאָ, — האָט חנה מודה געווען — קיין אומגליק איז דאָס נישט. הײַנטיקע צײַטן מוז מען דאָס אויך...

נאָך דעם ווי דער פֿאָדעם פֿון דעם דאָזיקן שמועס האָט זיך צעריסן, האָט דאָבע־ריווע שבתדיק אַ גענעץ געטאָן, ווי איר שטייגער

איז געווען, און אַ קוק טוענדיק אויף כאַצקעלען האָט זי געגעצנדיק צוגעגעבן:

— דאָס איז, דאַכט זיך, דײַן כאַצקעלע... שוין אַ בחור!

כאַצקעלע האָט זיך פֿאַרשעמט, האָט אַראָפּגעלאָזט די אייגעלעך און זיך געטוליעט צו דער מאַמען...

— אַ צעלאָזענער! — האָט חנה פֿאַרמסרט.

— אַ קינד! — האָט דאָבע־ריווע פֿאַרטיידיקט.

— ווילסט אפֿשר, כאַצקעלע, עסן? — האָט דאָבע־ריווע פֿרײַנד־לעך זיך געווענדט צו כאַצקעלען.

כאַצקעלע האָט אויפֿגעהויבן די אייגעלעך אויף דער מאַמען, ווי פֿאַרגעסנדיק זײַן וואָרט. די מאַמע האָט אים בגנבֿה אַ קניפּ געטאָן און אָנשטאָט אים געענטפֿערט:

— זאָל ער אַזוי זײַן הונגעריק דאָס גאַנצע לעבן! פֿאַרן אַוועק־גאַנג האָט ער אָפּגעגעסן אַ שטיק חלה מיט אַן איי...

כאַצקעלע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן ביז: אַ ליגן! אָן אַן איי! די מאַמע האָט אים אָבער מיט איין האַנט אַזוי שטאַרק געקניפּט, אַז ער האָט פֿאַרשטאַנען, מען טאָר דאָס איי נישט אָפּלייקענען. אַז אַ מאַמע זאָגט — איז געזאָגט. און ער האָט נעבעך געשוויגן, אין האַרצן בייז טראַכטנדיק: די מאַמע איז אַ ליגנערין...

דאָבע־ריווע האָט זיך אָבער געהאַלטן בײַ איר שיטה, אַז אַ קינד גייט זיך דורך אַ ביסל, וויל עס באַלד עסן. און נישט וואַרטנ־דיק אויף חנהס מיינונג וועגן דעם, איז זי צוגעגאַנגען צום שפּײַז־אַלמערל.

חנה האָט זיך אָנגעצונדן:

— אָסור זאָל אײַך זײַן, דאָבע־ריווע, אויב איר וועט אים עפּעס געבן!

און גלײַך האָט זי זיך אומגעקערט צו כאַצקעלען, שיפּענדיק:

— זאָלסט נישט נעמען! איך וועל דיך ממיתן.

כאַצקעלע האָט געשוויגן. עס האָט געהייסן, אַז ער וועט זיך נאָך מישבֿ זײַן...

דערווײַל האָט דאָבע־ריווע אָנגעשמירט אַ שטיק חלה מיט אַזאַ מין סאָק, וואָס צײַט כאַצקעלע לעבט האָט ער אַזוינס נישט געזען... ער האָט אויסגעשטעלט זײַנע גרויסע אייגעלעך, בעטנדיק, צו דער מאַמען, ווי געזאָגט:

— הייס נעמען!...

נאָר דאָבע־ריווע האָט אַנשטאָט אים זיך אַליין צו חנהן געווענדט און פֿרײַנדלעך געזאָגט:

— הייס אים, חנה, נעמען...

חנה איז געוואָרן רויט ווי צונטער. אירע ווינקלען בײַ די ליפּן האָבן געציטערט:

— אויב ער וויל...

— ווילסט, כאַצקעלע? — האָט דאָבע־ריווע אויסשטרעקנדיק די המוציא אָנגעשמירט מיט דעם סאָק, געפֿרעגט.

— וויל... — האָט כאַצקעלע אַרויסגעשטאַמלט און געקוקט אויף דער מאַמען, צונעמענדיק די המוציא...

— זעסט! — האָט דאָבע־ריווע ווי אַ זיגערין געזאָגט — אַ קינד, אַז עס גייט זיך דורך, וויל עס באַלד עסן...

— זאָג כאָטש אַ דאַנק! — האָט חנה זיך ווײַטער געוואָרפֿן צו כאַצקעלען.

נאָר כאַצקעלעס מויל איז צו פֿאַרנומען געווען, און אַפֿילו קיין דאַנק האָט ער אויך נישט געזאָגט.

און חנה איז געזעסן בײַ דאָבע־ריווען ווי אַ באַגראָבענע, טראַכטנדיק:

— ער פֿאַרשוואַרצט מיר די אויגן, דער בעטלער!...

1909

# דריי שונאים

דרײַ ייִדן האָב איך ייִנגלווײַז פֿײַנט געהאַט, געווען זיי אַ דם שׂונא. איינער פֿון זיי איז געווען חיים־מרדכי דער שוחט, אַ ייִד מיט אַ לאַנגער געדיכטער באָרד, ווילד פֿאַרפּלאָנטערט און פֿאַרפּלאָכטן, און מיט צוויי גרויסע מוראדיקע אויגן, וועלכע האָבן געהאַט דעם זעלביקן גלאַנץ פֿון זײַן אָנגעשאַרפֿטן חלף... און אַז ער פֿלעגט קומען צו אונדז אַ מאָל קוילן דאָס קעלבעלע, וואָס אונדזער בהמה פֿלעגט געבערן, און קאַלטבלוטיק געשאַרפֿט דעם חלף, דערציילנ־דיק אַגבֿ־אורחא אַ מעשׂה, אַז טרוקענע פֿעלכלעך זײַנען געפֿאַלן (ער האָט געהאַנדלט מיט טרוקענע פֿעלכלעך), פֿלעגט זיך מיר וועלן בשעת־מעשׂה אַרויסרײַסן פֿון זײַן גראָבער האַנט דעם חלף און אַרײַנלאָזן אים אין האַרצן. אויף אונדזער קעלבעלע האָב איך מער רחמנות געהאַט ווי אָט אויף דעם גזלן, וואָס מער ווי טרוקענע פֿעלכלעך קויפֿן און קעלבער קוילען ווייסט ער נישט...

דער צווייטער, וועמען איך בין אַ שׂונא געווען, איז געווען גרונם דער בושל, אַ גמרא־מלמד, אַ ייִד מיט זייער אַ לאַנגן האַלדז, פֿאַר וואָס חדר־ייִנגלעך האָבן אים בושל גערופֿן. איך האָב אַפֿילו בײַ אים קיין מאָל נישט געלערנט, נאָר די חבֿרים מײַנע פֿלעגן זיך פֿון אים אָנדערציילן אַזעלכע רציחות, וואָס ער באַגייט זיך מיט זײַנע תּלמידים, אַז מײַן יונג בלוט פֿלעגט אויפֿגעקאָכט ווערן. און אַז איך פֿלעג אים אַ מאָל זען אין בית־מדרש בין מנחה למעריבֿ, ווי ער שטייט נעבן כּיור און וואַשט די הענט, גלאָצט זײַנע קליינע פֿײַכטע אייגעלעך און מורמלט אומדײַטלעכע ווערטער, פֿלעגט זיך מיר וועלן נוקם זײַן אין אים פֿאַר מײַנע חבֿרים...

נאָר די שׂנאה צו די בײדע איז געווען זייער קליין קעגן דער שׂנאה, וואָס איך האָב געטראָגן טיף אין מײַן יונג האַרצן צו אַהרן־

חיים דעם וווּכערניק. דאָס איז געווען, דאַכט זיך, אויפֿן קוק, אַן אָרעמער ייִד, אַן אײַנגעהויקערטער, אין אַן אַלט־צעריסענעם בגד, נאָר עס איז מיר געווען געננג צו הערן אים אַ מאָל טענהנדיק מיט מײַן טאַטן:

— איך זאָג אײַך, ר׳ שלום — אַזוי האָט מײַן טאַטע געהייסן — אַז אַנדערש וועט עס נישט גיין, אַנדערש קאָן עס ניט זײַן...

דאָס איז מיר געווען גענוג, איך זאָל פֿילן צו אים אַ טיפֿע שׂנאה. אין זײַן קול האָט געקלונגען אַזוי פֿיל בייזקייט, אַזוי פֿיל קאַלטקייט, אַזוי פֿיל אַכזריות, אַז עס איז מיר פֿאַרבליבן ווי ראָסט אויפֿן האַרצן. און אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון אונדז, האָב איך זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן און זיך געווענדט צום טאַטן:

— טאַטע, וואָס האָסטו מורא פֿאַר אים, וואָס רעדסטו מיט אים?...

— ער וויל אונדזער שטיבעלע אָפּנעמען!... — האָט דער טאַטע האַלב לאַכנדיק, האַלב ערנסט געזאָגט.

— אַ מכּה וועט ער אָפּנעמען! — האָב איך מיט בלוט־פֿאַר־לאָפֿענע אייגעלעך אויסגעשריִען, דריקנדיק די פֿויסטן. — איך וועל אים זען אין גאַס, וועל איך אים מיט אַ שטיין פּלעטן דעם מוח...

— אין סיביר האָסטו פֿאַרגעסן? — האָט דער טאַטע מיך גע־סטראַשעט... און אין דער מינוט בין איך אויף „סיביר“ געווען מער אין כּעס ווי אויפֿן מיאוסן וווּכערניק.

**
*

און שטעלט זיך פֿאָר מײַן ווייטיק, אַז אין מײַנע ערשטע צוויי שׂונאים האָב איך ווי עס איז דערלעבט אַ נקמה. דער שוחט האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט טרוקענע פֿעלכלעך, איז געוואָרן אַ נגיד. דערווײַל האָט דעם חזנס בחור זיך עקזאַמינירט אויף שוחט און האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען... און אַזוי ווי דער פֿאָטער זײַנער, דער חזן, האָט געהאַט אַ גרויסן צד, ווײַל ער איז שוין עטלעכע יאָר הייזעריק געווען און מען האָט אויף אים שטאַרק

רחמנות געהאַט, האָט זיך דאָס שטעטל געלייגט, אַז מען זאָל, אַנשטאָט חיים־מרדכין, וואָס האָט אָנגעקליבן אַ מטמון גאָלד פֿון די „טרוקענע פֿעלכלעך", מאַכן פֿאַר אַ שוחט דעם חזנס בחור. אי וואָס? אַ בחור טאָר נישט קוילען? טאָ זאָל מען אים חתונה מאַכן... עס איז אַפֿילו אַ שווערע זאַך געווען, קריגן אַזוי גיך אַ שידוך הגון[1] פֿאַרן חזנס בחור, נאָר אַז שטאָט וויל, איז נישטאָ קיין שווער. מען האָט דעם בחור חתונה געמאַכט, געגעבן אים אַ ווײַב, אַ חלף און געזאָגט אים:

— קוילע!...

אָט אַזוי האָב איך דערלעבט אַ נקמה אין אַלטן שוחט. אמת, דער נייער איז אויך נישט געווען בעסער. ער האָט אויך געקוילעט. נאָר מיר האָט ער מײַן כּעס נישט אַזוי אויפֿגעבראַכט. ער פֿלעגט דאָך נישט אַזוי קאַלטבלוטיק שאַרפֿן דעם חלף ווי דער אַלטער. ער פֿלעגט דעמאָלט זײַן בלייך ווי לײַוונט. די הענט פֿלעגן אים ציטערן. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין האָט אויך רחמנות אויפֿן קעלבעלע. נאָר וואָס זאָל ער טאָן, אַז מען האָט אים פֿאָרט פֿאַר אַ שוחט געמאַכט?...

אַ נקמה האָב איך אויך דעמאָלט דערלעבט אין גרונם דעם בושל. עפּעס איין מאָל נאָך פּסח האָט זיך אין שטעטל צעטראָגן אַ נײַס, אַז גרונם דער מלמד האָט פֿאַרלוירן זײַן חדר. צו וועלכן באַלעבאָס ער קומט בעטן דאָס ייִנגל, זאָגט מען אים אָפּ. מען איז מוחל די גמרא, די האַרבע אויסריידעניש אין „מרובה" מיט די קלעפּ און שמיץ:

— נישט מאַך פֿאַר אַ קאַליקע און נישט מאַך פֿאַר אַ רבֿ...

און אַז איך פֿלעג זיך אַ מאָל, זומער, ארײַנכאַפּן אין בית־מדרש און פֿלעג אים זען זיצנדיק בײַ אַ ספֿר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אונטערברומענדיק אַ ווילד אומעטיק ניגונדל, פֿלעג איך טראַכטן:

— גוט אַזוי! ווײַטער הרגע נישט קיין ייִנגלעך...

---

[1] סאָליד, אָנשטענדיק (אַזאַ וואָס זאָל אָנשטיין).

טיף אין האַרצן אָבער האָב איך שוין אויף אים רחמנות גע־קראָגן. מיר האָט זיך אַפּילו געוואָלט אונטערגיין צו אים און טרייסטן אים:

— נישקשה, ר׳ גרונם, גאָט לעבט! — נאָר איך האָב זיך גע־שעמט און אָפּגעקערט מײַן פּנים פֿון אים.

קיין קויל האָט בלויז נישט גענומען דעם וווכערניק. פֿאַרקערט, דער טאַטע פֿלעגט אַלץ קומען מיט נײַס, אַז ער האָט שוין נאָך אַ ייִד „אָפּגעשריבן“, נאָך אַ שטיבל צוגענומען, אַז מיט דער צײַט וועט דאָס גאַנצע שטעטל זײַנס ווערן... מײַן כּעס פֿלעגט ברענען. מײַן יונג האַרץ האָט רוען נישט געקאָנט. און איך פֿלעג אין דער שטיל גאָט בעטן, אַז ער זאָל אויך דעם וווכערניק נישט פֿאַרגעסן, עפּעס אָנשיקן אויף אים אַ מפּלה...

***

דאָס שטעטל האָט זיך געוויגט. עס איז עפּעס געקומען צו פֿאָרן אַ מגיד, וואָס קלינגט מיט זײַנע דרשות אין דער גאַנצער וועלט. עס זײַנען געווען צעקלעפּט מודעות אין אַלע בתי־מדרשים און ייִדן האָבן אָפּגעשטופּט איינער דעם אַנדערן און געקראָכן צו דער טיר איבערלייענען וואָרט און וואָרט, וואָס עס שטייט געשריבן וועגן מגיד. מנחה־צײַט איז דער בית־מדרש געווען געפּאַקט. ממש דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען. דער בית־מדרש איז אַפּילו געווען גרויס געווען. און ווען יעדער וואָלט זיך נישט געשטופּט צום אָרון־קודש, וואָלט געווען גענוג אָרט פֿאַר יעדן. האָט זיך אָבער יעדן געגלוסט כאַפּן אַ קוק אויפֿן מגיד. און איינער האָט געשטויסן דעם צווייטן, און מיט די עלנבויגנס דורכגעשניטן אַ וועג, נענטער צום מגיד.

און אָט זע איך, ווי דער מגיד רוקט זיך פֿון ווינקל מזרח... ווו ער איז געזעסן די גאַנצע צײַט בײַ מנחה נעבן רבֿ. ער גייט־אַרויף, גיט אַ קוש דעם פּרוכת, גיט אַ גלעט די לאַנגע שוואַרצע באָרד, וואַרפֿט זײַנע צוויי שוואַרצע טיפֿע אויגן אויפֿן עולם און הייבט־אָן...

פֿון אָנפֿאַנג נעמט ער אַ פּסוק פֿון תּנך, פֿון ישעיהו. דער פּסוק איז מיר באַקאַנט און מיר איז אַ ווונדער, וואָס ער טײַטשט־אָפּ יעדעס וואָרט. ווער ווייסט עס נישט דעם טײַטש?... שפּעטער אַ ווײַלע נעמט ער אַ שטיקל גמרא פֿון „בבֿא קמא“. נאָך שפּעטער — אַ פּסוק פֿון חומש...

און פּלוצעם הער איך עפּעס ווי ער באַרירט אַ באַקאַנטע פֿראַגע, אַן ענין, וואָס אינטערעסירט מיך אַזוי, וואָס לאָזט מיך נישט רוען, וואָס צעקאָכט מײַן יונג בלוט. ער דרשנט וועגן פּראָצענט...

— אם כסף תּלווה את עמי את העני! — דונערט־אויס דער מגיד.

דער בית־מדרש, דאַכט זיך מיר, ציטערט און פֿאַלט באַלד אײַן.

„אויב דו וועסט לייען געלט דעם אָרעמאַן,
זאָלסטו אים נישט דריקן,
נישט דריקן זאָלסטו אים!“...

ווו איז ער, ווו איז ער, דער וווכערניק? זאָל ער הערן, זאָל ער הערן! — פֿרייט זיך מײַן האַרץ און איך הייב־אָן אים זוכן מיט די אויגן.

און אָט זע איך, ווי ער שטייט בײַ דער צווייטער זײַט פֿון מזרח, הערט יעדעס וואָרט און שאָקלט־צו מיט קאָפּ...

— אַהאַ! — טראַכט איך מיר — מען האָט דיך געפּאַקט! וואַרט, וואַרט, דער מגיד וועט דיר געבן, ווועסטו ווײַטער וויסן!...

— און אויב ער וועט דיר דעם בגד פֿאַר אַ משכּון געבן — בייזערט זיך העכער דער מגיד און זײַן שטימע קײַקלט זיך איבערן גאַנצן בית־מדרש — זאָלסטו אים, דעם אָרעמאַן, ווי נאָר די זון פֿאַרגייט, דעם בגד צוריק אומקערן... און אַז ער וועט נישט האָבן בײַ נאַכט מיט וואָס זיך צוצודעקן, וועט ער וויינען צו מיר און איך וועל הערן, ווײַל איך בין אַ דערבאַרעמדיקער גאָט!

— און דו וואַרפֿסט־אַרויס ייִדן פֿון שטיבער און גיסט זיי נישט אַוועק צוריק — ווילט זיך מיר אויסשרײַען צום וווכערניק. נאָר דער מגיד שמידט מיך צו צום אָרט און איך קאָן זיך נישט באַוועגן. ער

רעדט הויך און באַגײַסטערט וועגן דער מיאוסער מידה פֿון פּראָצענט נעמען, וועגן שטראָף אויף יענער וועלט; ער מאָלט־אויס דעם גיהנום פֿאַר די פּראָצענטניקעס, שטעלט־פֿאָר אַלערליי ענויים קשים — און איך קוק, קוק אויפֿן וווּכערניק, נעם נישט אַראָפּ די אויגן פֿון מײַן אַהרן־חיימען. איך היט זײַן יעדע באַוועגונג. און אַ ווונדער איז מיר עפּעס, וואָס ער הערט גלײַך מיט אַלע ייִדן: די זעלביקע אָנגע־שטרענגטקייט, דאָס זעלביקע זיפֿצעלע, אָבער נישט מער... ווו איז זײַן שרעק?

און אָט האָט דער מגיד געענדיקט. דער עולם רודערט. יעדער וויל אַרויסגעבן זײַנע התפּעלות פֿון אים. נאָר מיר גייט עס נישט אָן. איך לאָז זיך צו מײַן וווּכערניק, אַ קוק טאָן, וואָס מאַכט ער, צי לעבט ער נאָך...

און אָט שטייט ער נעבן אַ רעדל ייִדן, וואָס זאָגן מבֿינות אויף דער דרשה. איך קוק אים אַרײַן אין די אויגן און וויל דאָרטן געפֿינען עפּעס אַ פֿאַרענדערונג, אַ חרטה, אַ טרויער — נאָר איך באַמערק עס נישט... מײַן האַרץ פֿאַרגיסט זיך מיט בלוט...

— סטײַטש, סטײַטש! — ווילט זיך מיר אויסשרײַען — וואָס איז דאָס? וואָס באַטײַט עס? נאָך אַזאַ דרשה, נאָך אַזאַ מוסר זאָל ער אַזוי רויִק בלײַבן?...

איך קאָן עס נישט פֿאַרשטיין. מײַן קליין מוחל באַנעמט עס נישט. איך רוק זיך צו נאָענט צו אים און דערהער, ווי ער ווענדט זיך צו בערע פּעשעס (אַן אַלטער באַלעבאָס) און זאָגט מיט אַ שמייכעלע:

— וואָס זאָגט איר, וואָס פֿאַר אַ געפּערלט מויל! הפֿלא ופֿלא! איך האָב געהאַט אַן אמתן תּענוג צו הערן אים!...

הייסט עס, אַז דער מגיד האָט נישט אים געמוסרט. ער, דער וווּכערניק, מאַכט זיך נישט וויסנדיק. און מײַן צאָרן האָט געברענט. און איך האָב לאַנג געזוכט אַ נקמה אין אים, און נישט געפֿונען...

1901

# פאַרלוירן דאָס קול

אין קלעמענקער גרויסן בית־המדרש איז שוין געווען צו ענדע דאָס וואָכעדיקע דאַווענען. דער שטעטלשער חזן, וואָס זינגט יעדע תּפילה, אַפילו ביחידות און בלייבט דעריבער שפּעטער, האָט שוין צוזאַמענגעלייגט דעם טלית און האָט אונטערגעברומט מיט אַ ניגון דעם „יום". די עטלעכע לעצטע ווערטער פון „יום" האָט ער אויס־געלאָזט חזניש הויך: „הוא ינהגנו על מות" [1]...

אין דעם לעצטן וואָרט „מות" האָט ער, ווי זײַן שטייגער איז, געוואָלט מאַכן אַ קונץ: אַרויפכאַפּן זיך גאָר אויף דער הויכער אָקטאַווע, נאָך דעם אַראָפּלאָזן זיך נידעריק און טאַקע באַלד ווידער צוריק אין דער הויך. עס האָט זיך אים אָבער נישט אײַנגעגעבן: אַ טאָן האָט זיך פאַרטשעפּעט אין האַלדז און עס איז אַרויס נישט „דאָס".

ער האָט זיך דערשראָקן און דערשראָקענערהייט האָט ער זיך אומגעקוקט, צי שטייט נישט ווער נאָענט נעבן אים. אַז ער האָט נעבן זיך דערזען דעם אַלטן הענעך, איז זײַן שרעק קלענער געוואָרן: ער האָט געוווּסט, אַז הענעך איז טויב.

גייענדיק אַהיים מיטן טלית און תּפילין אונטערן אָרעם, האָט אים דער נישט געראָטענער „מות" אין די אויערן געקלונגען און עס האָט אים געמאַכט טרויעריק.

— צו אַל די שוואַרץ־יאָר! — האָט ער געמורמלט — דאָס האָט נאָך ביז אַהער בײַ מיר קיין מאָל נישט געטראָפן.

ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז פאַר צוויי וואָכן, שבת־מברכים [2], בעת ער האָט מיט די משוררים אין בית־מדרש פאַרן עמוד

---

[1] (תהילים מח, ט"ו) ער וועט אונדז פירן ביז אייביקייט (יהואש). —
[2] ווען מ'בענטשט ראש־חודש.

געדאַוונט, האָט אים כּמעט דאָס אייגענע געטראָפֿן ביים „שמע ישׂראל“ אין דער קדושה, ווען ער האָט אַליין זיך צעזונגען „הוא אלהינו“. צום גליק האָט דאָס קיינער נישט באַמערקט. אַלנפֿאַלס האָט מיט אים דער באַס [3] דערפֿון נישט גערעדט.

און די דעראינערונג אין פֿאַר צוויי וואָכנדיקן נישט געראָטענעם „שמע ישׂראל“ און דעם היינטיקן „על מות“ ביחידות האָבן זיך צוזאַמענגעמישט און האָבן זיך אַוועקגעלייגט ווי אַ שווערער שטיין אויפֿן האַרץ.

אים האָט זיך געוואָלט גייענדיק פּרוּוון נעמען נאָך אַ מאָל דעם טאָן, נאָר גראָד איז די גאַס פֿול געווען מיט מענטשן, און ער האָט זיך געשטאַרקט איינצוהאַלטן זיך ביז ער וועט אַהיימקומען. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן, נישט נאָך זיין געוווינהייט, גיכע טריט און עס האָט אויסגעזען ווי ער אַנטלויפֿט פֿאַר עמעצן.

אַז ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער שטיל, אָן אַ גוט־מאָרגן, אַוועקגעלייגט דעם טלית און, אָפּרוענדיק זיך אַ ביסל פֿון גיכן גאַנג, האָט ער זיך גענומען צום זינגען.

— הוא ינהגנו על מות!

— שוין, האָסט קיין צייט נישט?! דער טאָג איז דיר קליין! — האָט די חזנטע זיך צעבייזערט — עס גרילצט אַזוי אויך אין די אויערן.

— ווי הייסט, עס גרילצט? — האָט דער חזן דערשראָקן אויפֿגעשטעלט די אויגן — איך נעם אַ טאָן און דו זאָגסט „עס גרילצט“. וואָס הייסט „עס גרילצט“?...

ער האָט אויף איר געקוקט מיט תּחנונים. זיינע בליקן האָבן שטום גערעדט: האָב רחמנות! זאָג נישט, אַז עס גרילצט. וואָרעם אויב עס גרילצט, בין איך אומגליקלעך, עקט זיך מיין לעבן!... נאָר די חזנטע איז געווען צו פֿיל פֿאַרטאָן און צעטראָגן וועגן אָנבייסן,

[3] דער משורר מיט דער באַסאָווער שטימע.

אַז זי זאָל קאָנען מיטפּילן און פֿאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט איר חזן, און זי האָט זיך נאָך מער צעשריִען:

— אַוודאי גרילצט! וואָס דען? איך ווער פֿאַרטויבט; מילא, אַז דו זינגסט נאָך צוזאַמען מיט די זינגערס, מוז איך אויסשטיין... אָבער איצטער? אַליין... וואָס?...

דער חזן איז געוואָרן בלאַס ווי קרײַד. ער האָט קוים אויסגע־רעדט:

— גרונע, וואָס ביסטו משוגע? וואָס רעדסטו?

— וואָס טוט זיך הײַנט מיט אים? — איז שוין גרונע פֿון געדולד אַרויס — געבוג דיר שוין צו מאַכן זיך נאַריש! גיי, וואַש זיך עסן.

עסן האָט זיך דעם חזן נישט געוואָלט, נאָר ער האָט זיך באַ־טראַכט, אַז צוליב אַ רפֿואה מוז ער עסן; נישט עסן, וועט נאָך ערגער זײַן, און ער האָט זיך געוואַשן.

די המוציא האָט ער געמאַכט הויך און חזניש אויסגעזונגען, און געקוקט אויף דעם ווײַב, צי באַמערקט זי ווידער עפּעס נישט, נאָר דערויף האָט שוין דאָס ווײַב גאָר נישט געזאָגט, און דאָס האָט דעם חזן באַרויִקט.

— מיר דאַכט זיך נאָר, מיר דאַכט זיך נאָר... — האָט ער זיך געטרייסט, ס'איז ווערט אַ שפּײַ! נישט אַזוי גיך פֿאַרלירט מען דאָס קול!

ער האָט זיך אָבער דערמאַנט, אַז ער איז שוין אַלט פֿערציק יאָר, און בײַם חזן מאיר לידער האָט עס געטראָפֿן פּונקט אין דער זעלביקער עלטער...

דאָס איז געווען געבוג, ער זאָל זיך ווידער אָנהייבן צו שרעקן.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און טיף זיך פֿאַרטראַכט, און באַלד האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און אַ שטאַרקן געשריי געגעבן:

— גרונע!

— שאַ, וואָס איז? וואָס שרײַסטו ווי נישט מיט דײַן קול? —

— אוי, לאָז מיך לעבן! — האָט זיך דער חזן געבעטן — וואָס

רעדסטו „נישט מיט מײַן קול" — מיט וועמענס קול רייד איך דען?... האַ... וואָסווילסטו פֿון מיר?... —

אין זײַן קול האָבן זיך ווי טרערן געהערט.

— דו ביסט הײַנט טאַקע משוגע... טשעפּעסט זיך צו... נו, וואָס ווילסטו? — האָט גרונע זיך געבייזערט.

— קאָך מיר אָפּ אַ פּאָר שיטערע אייער... — האָט דער חזן שטיל געבעטן.

— נאַ דיר אַ נײַעם יום־טובֿ! — האָט זי זיך ווידער צעשריִען — אין מיטן מיטוואָך... אייער! דאַרפֿסט דען שבת דאַווענען? עס איז איצטער אַזאַ יקרות: אַ פֿינפֿער אַן איי.

— גרונע! — האָט דער חזן געפֿאָדערט — עס מעג זײַן אַ רובל אַן איי, צוויי רובל, פֿינף רובל, הונדערט רובל, הערסט! קאָך מיר אָפּ צוויי שיטערע אייער און רייד נישט!

— ביסט דאָך טאַקע אַ גרויסער פֿאַרדינער! — האָט זיך גרונע געקרימט.

— דו מיינסט שוין טאַקע, אַז אויס?... — האָט דער חזן זיך געשטאַרקט — ניין, גרונע!...

ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז ער ווייס נאָך נישט אויף זיכער; אַ גליד שלאָגט נאָך; עס קאָן זײַן, אַז אים דאַכט זיך נאָר; עס איז אפֿשר נאָר אַן אײַנבילדעניש, אָבער ער האָט דאָס מורא געהאַט אַרויסצוריידן און גרונע האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס ער שטאַמלט. זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— מײַנע שׂונאים!...

זי איז אַוועקגעגאַנגען אָפּקאָכן אייער. דער חזן האָט דערווײַל זיך צעזונגען. ער האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו יעדן טאָן, ווי ער וואָלט זיך אַליין עקזאַמינירט. ווען ער איז נישט געווען אין שטאַנד צו באַקומען די הויכע אָקטאַווע, האָט ער זיך פֿאַרצווייפֿלט צעשריִען:

— גרונע, דערלאַנג גיכער די אייער!...

אין די אייער האָט דער חזן איצטער געזען זײַן איינציקע רעטונג...

די חזנטע האָט אים מיט אַ ברוגז־פּנים צוגעטראָגן די צוויי אייער און האָט בייז אויסגעברומט:

— נאַ, אייערלעך ווילט זיך אים... מען דאַרט און מען קוואַרט...

דער חזן האָט פֿאַר איר געוואָלט אויסגיסן זײַן האַרץ, זי זאָל נישט מיינען, אַז ער מיינט טאַקע די אייער. ער האָט איר געוואָלט זאָגן: גרונע, איך בין, דאַכט זיך, פֿאַרבײַ... ער האָט זיך אָבער גע־שטאַרקט און זיך אײַנגעהאַלטן. „טאָמער דאַכט זיך מיר נאָר"... — האָט ער געטראַכט. און ער האָט זיך אָן ווערטער גענומען טרינקען די אייער, ווי אַ רפֿואה.

אויסטרינקענדיק די אייער, האָט ער געפּרוווט מאַכן אַ פּאָר קונציקע חזנישע „שטייגערס". אים האָט זיך עס אײַנגעגעבן, און ער איז פֿריילעכער געוואָרן.

— נישקשה, גאָט לעבט! — האָט ער געטראַכט — נישט אַזוי גיך פֿאַרליר איך מײַן קול... מאַלע וואָס מאַיר לידער... ער איז געווען אַ שיכּור... איך טרינק נישט... אויף אַ ברית נאָר אַ ביסל ווײַן!...

עס האָט זיך אים געוויזן אַפּעטיט און ער האָט געשלונגען אַ ביסן נאָך אַ ביסן.

נאָר זײַן פֿריילעכקייט האָט לאַנג נישט געדויערט. דער פֿרײַער־דיקער נישט־געראָטענער „מות" האָט אים אין די אויערן אַ קלונג געטאָן און די מרה־שחורה האָט זיך ווידער אָנגעהויבן.

*

די מורא צו פֿאַרלירן דאָס קול האָט דעם חזן זײַן גאַנץ לעבן געמוטשעט. זײַן איינציקע זאָרג, זײַן איינציקער רעיון איז געווען: וואָס וועט דאָס זײַן, ווען ער וועט ווען עס איז דאָס קול פֿאַרלירן? אים האָט דאָס שוין אַפֿילו אַ מאָל געטראָפֿן. ער איז דעמאָלט געווען אַלט זיבעצן יאָר און האָט געהאַט אַ טענאָרן־שטים. און פּלוצעם האָט ער זי פֿאַרלוירן. נאָר דעמאָלט האָט דאָס אים נישט געאַרט. פֿאַרקערט,

עס האָט נאָך אים הנאה געטאָן. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס בײַט זיך זײַן שטים און ער וועט אין אַ האַלב יאָר אַרום באַקומען אַ באַריטאָן, אויף וואָס ער האָט מיט אומגעדולד געהאָפֿט. אַז ער האָט באַקומען דעם באַריטאָן, האָט ער געוווּסט, אַז אויב ער וועט אים פֿאַרלירן, איז שוין פֿאַרפֿאַלן, קיין אַנדער שטים קריגט ער נישט. און ער האָט דעריבער שטאַרק דאָס קול געהיט. ווער רעדט, אַז ער איז געוואָרן אַ באַלעבעסל און האָט אָנגענומען קלעמענקער חזנות, האָט ער נישט צוגעלאָזט צום האַלדז, אַז אַ ווינטל זאָל אַ בלאָז טאָן. אין די גרעסטע היצן איז ער געגאַנגען פֿאַרבונדן מיט אַ פֿאַטשיילע. אייגנטלעך האָט ער דאָס קול נישט געהיט פֿאַר די קלעמענקער באַלעבאַטים. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט אַפֿילו אין גאַנצן דאָס קול פֿאַר־לירן, וועלן אים די קלעמענקער באַלעבאַטים פֿון חזנות נישט אָפּ־זאָגן. זײַנע שׂכירות וועט ער אַלע מאָל האָבן, ווײַל סײַ ווי סײַ טראָגט מען אים די שׂכירות אין שטוב נישט אַרײַן, נאָר ער מוז אַלע פֿרײַטיק גיין פֿון שטוב צו שטוב אַליין מאָנען. און קלעמענקער יִדן זײַנען ווייכהאַרציק. זיי זאָגן קיינעם נישט אָפּ, ווער עס שטרעקט נאָר אויס די האַנט. דאָס קול האָט ער געהיט און געשראָקן זיך פֿאַר פֿאַרלירן עס, בלויז פֿון ליבע צו זינגען. פֿון די קלעמענקער באַלעבאַטים האָט דער חזן שטאַרק געהאַלטן. אַזוינע יִדן זײַנען אין דער גאַנצער וועלט נישטאָ, נאָר אין הלכות נגינה זײַנען זיי גרויסע עמי־הארצים, ממש בהמות. זיי האָבן קיין שום געפֿיל נישט. און ווען ער פֿלעגט מאַכן פֿאַרן עמוד דאַוונענדיק קונציקע שטייגערס, רײַסן זיך אויף דער העכסטער אָקטאַווע, איז דאָס נאָר געווען פֿאַר זיך. ער האָט אַליין דערפֿון גרויס הנאה געהאַט, אויך פֿאַר די אַכט זינגערס זײַנע, אין וועלכע ער האָט די גאַנצע וועלט געזען. די זינגערס זײַנען אים געווען אײַנגעבאַקן טיף אין האַרצן. און ווען אַ זינגער פֿלעגט אים זאָגן: „אײַ, חזן! אײַ, זינגט אירן!“, פֿלעגט ער זײַן אויף דער העכסטער מדרגה פֿון גליק.

די אַלע זינגערס זײַנען געווען אָנגעפֿאָרענע פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. זייערע אַלע שמועסן און מעשׂיות האָבן זיך

נאָר געדרייט און געוויקלט אויף חזנים און נגינה. די מעשׂיות און לעגענדעס זײַנען געווען דעם חזנס „זוהר“. ער פֿלעגט זיך נאָך יעדער מעשׂה שטאַרק פֿאַרטראַכטן און פֿלעגט אַרויסלאָזן אַ טיפֿן זיסן זיפֿץ:

— אַ קלייניקייט נגינה! אַ שפּילכעלע צו זאָגן... אַ געפֿיל!...

און איצטער, ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן פֿאַרן קול, האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז די זינגערס זײַנען גאָר אַנדערע, שלעכטע! זיי מוזן פֿון אים, אונטער די אויגן, לאַכן... און ער האָט זיך אָנגעהויבן היטן פֿאַר זיי, נישט צו נעמען פֿאַר זיי אַ הויכן טאָן, זיי זאָלן נישט דערקענען... און ער האָט דערפֿון נאָך מער געליטן.

און וואָס וועלן זאָגן די אַרומיקע חזנים? דער געדאַנק האָט דעם חזן נאָך מער געמוטשעט. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט געהאַט אַ שם בײַ די אַרומיקע חזנים. מען האָט פֿון אים שטאַרק געהאַלטן. וועגן זײַן קול האָט מען פֿיל גערעדט. אים פֿלעגט זיך מאָלן פֿאַר די אויגן, ווי עס שטייט אַ קופּקעלע חזנים און ריידן שטיל און שאָקלען טרויעריק מיט די קעפּ. דאָס באַדויערן זיי אים:

— נעבעך, נעבעך, איר האָט געהערט, דער קלעמענקער חזן...

בײַ דעם געדאַנק פֿלעגט ער זיך אין גאַנצן פֿאַרלירן. „און אפֿשר דאַכט זיך מיר נאָר!“ — פֿלעגט ער זיך אין אַזוינע שרעקלעכע מינוטן אָנהייבן טרייסטן און ער פֿלעגט גלײַך אָנהייבן זינגען, פּרוּוון זיך נעמען די העכסטע נאָטן. ער האָט אָבער פֿון שרעק פֿאַרלוירן דאָס געהער און ער האָט נישט געקאָנט זיך משער זײַן, צי איז בײַ אים דאָס קול ווי געהעריק צי נישט.

אין פֿאַרלויף פֿון צוויי וואָכן איז זײַן פּנים געוואָרן בלאַס און מאָגער, די אויגן טיף אײַנגעגראָבן און ער האָט געפֿילט, אַז אים גייען־אויס די כּוחות.

— וואָס איז מיט אײַך, חזן? — האָט אים אין דער צײַט אַ זינגער אַ פֿרעג געטאָן.

— האַ, וואָס איז מיט מיר? — האָט זיך דער חזן דערשראָקן, מיינענדיק אַז מען איז שוין דערגאַנגען — וואָס זאָגסטו איז מיט מיר? דו ווייסט דען עפּעס, האַ?...

— ניין, איך ווייס נישט... דעריבער פֿרעג איך דאָס אײַך: וואָס זײַט איר אַזוי צערודערט?

— צערודערט, זאָגסטו, צערודערט? מער נישט ווי צערודערט, האַ? מער נישט?!...

— דער חזן מוז קלערן וועגן אַ גרויסאַרטיקן ימים־נוראימדיקן שטיק... — האָבן די זינגערס זיך משער געווען.

עס איז פֿאַרגאַנגען נאָך אַ חודש און דעם חזן האָט די שרעק אַלץ נישט אָפּגעלאָזן. עס איז אים נמאס געוואָרן דאָס לעבן.

וואָלט ער שוין ווּיסן, אַז ער האָט געוויס דאָס קול פֿאַרלוירן, וואָלט ער זיך אפֿשר באַרויִקט. פֿאַרפֿאַלן! אַ מענטש קאָן אײביק נישט לעבן (פֿאַרלירן דאָס קול און שטאַרבן איז בײַם חזן אַלץ אײנס געווען), נאָר די ספֿקות, דאָס וואַרפֿן זיך צווישן יאָ און ניין, דאָס בלאָנדזשען אין עולם־התּוהו, דאָס אַלץ האָט דעם חזן ביטער געמאַכט דאָס לעבן.

אײן מאָל, אַ דאָנערשטיק פֿאַר שבת מבֿרכים, האָט דער חזן באַשלאָסן צו דערגײן דעם אמת — ער קאָן שוין מער נישט פֿאַר־טראָגן.

עס איז געווען פֿאַר נאַכט. דאָס ווײַב איז אַוועק אין יאַטקע נאָך פֿלייש און די משוררים זײַנען זיך צעגאַנגען. עס איז נאָר געבליבן דער חזן מיטן עלטסטן זינגער, יאָסל באַס.

דער חזן האָט אויף אים געקוקט, געעפֿנט דאָס מויל און צוריק פֿאַרמאַכט. עס איז אים געווען שווער אַרויסצוריידן דאָס, וואָס ער וויל. ענדלעך האָט ער נישט אויסגעהאַלטן:

— יאָסל!

— וואָס איז, חזן?

— זאָג מיר, דו ביסט אַן ערלעכער מאַן?

יאָסל האָט אויסגעשטעלט די אויגן אויף דעם חזן און האָט געפֿרעגט:

— וואָס עפּעס הײַנט פֿרעגט איר מיך, חזן?

— ברודער, יאָסל! — האָט זיך דער חזן שיִער נישט פֿונאַנ־דערגעוויינט — ברודער, יאָסל...

ער האָט מער אַ וואָרט נישט געקאָנט אויסריידן.

— חזן, וואָס איז מיט אײַך?

— ברודער, יאָסל! זײַ אַן ערלעכער מאַן און זאָג מיר דעם אמת, דעם אמת...

— איך פֿאַרשטיי נישט... וואָס איז מיט אײַך, חזן?

— זאָג מיר דעם אמת! דו באַמערקסט אין מיר עפּעס אַ פֿאַר־ענדערונג?

— זייער! — האָט יאָסל געענטפֿערט, קוקנדיק ווי דער חזן איז בלייך און דאַר — זייער אַ גרויסע פֿאַרענדערונג...

— איצטער זע איך, אַז דו ביסט אַן ערלעכער מאַן. זאָגסט דעם אמת אין די אויגן. ווייסט, ווי לאַנג דאָס איז שוין?

— דאָס וועט שוין זײַן באַלד אַ חודש... — האָט דער זינגער געענטפֿערט.

— יאָ, ברודער, אַ חודש, אַ חודש. איך האָב אָבער געפֿילט...

דער חזן האָט אָפּגעווישט דעם שוויס, וואָס האָט באַדעקט זײַן שטערן און האָט ווײַטער געזאָגט:

— און ווי רעכנסטו, יאָסל, שוין טאַקע פֿאַרלוירן אויף אַלע מאָל?

— וואָס פֿאַרלוירן? — האָט יאָסל געפֿרעגט, אָנהייבנדיק צו פֿאַרשטיין גאָר עפּעס אַנדערש.

— נו, וואָס פֿרעגסטו נאָך?... האַ?... וואָס קאָן איך פֿאַרלירן? געלט? קיין געלט האָב איך נישט. איך מיין, פֿאַרשטייט זיך, דאָס קול.

דאָ האָט שוין יאָסל אַלץ פֿאַרשטאַנען. ער איז געווען צו פֿיל זינגער, ער זאָל דאָס נישט פֿאַרשטיין. מיט רחמנותדיקע בליקן האָט ער געקוקט אויפֿן חזן און האָט געפֿרעגט:

— געוויס?

— וואָס געוויס?! — האָט זיך דער חזן דערמונטערט — עס קאָן

זײַן, אַז נישט געוויס? אַדרבא, אַדרבא, הלוואי זאָל דאָס טאַקע זײַן אַ טעות.

יאָסל האָט געקוקט אויפֿן חזן און, ווי אַ דאָקטער באַגייט זיך מיט זײַנעם אַ חולה, איז ער זיך מיט אים באַגאַנגען:

— נעמט „דאָ"! — האָט ער געקאָמאַנדעוועט.

דער חזן האָט געהאָרכזאַם, ווי אַ שילער, געצויגן „דאָ".

— ציט, ציט! פֿיר פֿערטל! ציט! — האָט יאָסל געקאָמאַנדעוועט, אײַנהערנדיק זיך מיט אויפֿמערקזאַמקייט.

דער חזן האָט געצויגן.

— איצטער, זײַט מוחל, נעמט „רע"!

דער חזן האָט געצויגן: רע־רע־רע! דער זינגער האָט זיך אָפּגעשטעלט, טיף פֿאַרטראַכט און האָט באַלד מיט אַ טרויעריקן טאָן אַרויסגעזאָגט:

— עס איז נישט „דאָס"... פֿאַרלוירן!...

— טאַקע אויף אייביק? — האָט דער חזן אויסגעשטעלט די צוויי דערשראָקענע אויגן.

— וואָס דען, אַ יינגעלע זײַט איר? נאָך אַ מאָל וועט איר דען באַקומען אַ „שטים"?! אין אײַערע יאָרן איז שוין פֿאַרפֿאַלן!

דער חזן האָט פֿאַרבראָכן מיט די הענט, אַ וואָרף געטאָן זיך צום טיש און, אַרײַנלייגנדיק דעם קאָפּ אין די הענט, זיך צעוויינט, ווי אַ קינד.

אויף מאָרגן האָט דאָס גאַנצע שטעטל שוין געוווּסט פֿון דעם אומגליק, אַז דער חזן האָט פֿאַרלוירן דאָס קול.

— אויך אַ געשעפֿט! — האָט יעקבֿ דער שענקער, אַ פֿײַנער באַלעבאָס, געמאַכט עס צו קלייניגעלט — וועט ער שבת מבֿרכים ווייניקער האַלטן דעם עולם מיט זײַן זינגעכץ... בעט בײַ מיר אַ ביטערע ציבעלע פֿאַרן גאַנצן קול...

1901

# לייכטערס

די פּאָר האַלב זילבערנע לײַכטערס, וואָס פּנחס האָט באַקומען צו דער חתונה, ווי דרשה־געשאַנק פֿון אַן אַלטער מומע, זײַנען ביז אַ צען יאָר נאָך דער חתונה אָפּגעהיט געוואָרן אויפֿן שענסטן אופֿן. אויב מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרזעצן אין ענגע צײַטן און סײַ פּנחס סײַ זײַן ווײַב געלע האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס מען זאָל אָוועקטראָגן צו לייבע דעם וווכערניק, איז דער גורל אויף די לײַכ־טערס קיין מאָל נישט אויסגעפֿאַלן. נישט דערלעבן וועט לייבע דער וווכערניק צו האָבן די זכיה, אַז מען זאָל אים אָוועקטראָגן די לײַכ־טערס! אַ קישן איז אַפֿילו אויך אַ שאָד און דערצו נאָך איז פֿון אַ קישן די בזיונות גרעסער: ווי מען זאָל זיך נישט קליגלען און אײַנ־וויקלען זי אַזוי, עס זאָל אויסזען ווי אַ געוויינלעך פּעקל, דערקענט מען גלײַך, אַז עס איז אַ קישן. אַוודאי איז גלײַכער דער יום־טובֿ־דיקער אייבער־בגד. ווען לייבע דער וווכערניק וואָלט נישט געווען אַזאַ מבֿין אויף סחורה, וואָלט ער דעם בגד נישט אָפּגעשאַצט אין צוועלף גילדן. ווער רעדט נאָך, אַז פּנחס האָט דעם דאָזיקן יום־טובֿדיקן בגד גענומען ניצן צײַטנווײַז אויך אין דער וואָכן און דער איבערשלאַק איז אַ ביסל אָפּגעבלאַקירט געוואָרן. האָט שוין לייבע דער וווכערניק מער ווי אַ קערבל אויף אים נישט געוואָלט באָרגן. ער וואָלט אויך דאָס קערבל נישט געבאָרגט, ווען ער וואָלט געזען דאָס קײַלעכדיקע קליינע לאַטקעלע, וואָס דער דאָזיקער יום־טובֿ־דיקער בגד האָט פֿאַרמאָגט. צום גליק איז אָבער לייבע געווען אַ קורצזיכטיקער און האָט דאָס קונציק געלייגטע לאַטקעלע נישט דערזען.

אָבער אין אַ באַלעבאַטישקייט געפֿינט זיך נאָך, גאָט צו דאַנקען, וואָס צו פֿאַרזעצן. אַ מעשענער סאַמאָוואַר איז אויך עפּעס ווערט.

אַז מען שניַערט אים אויס, גלאַנצט ער ווי גאָלד. און ביַי לייבע דעם וווכערניק צעשפּילט זיך אַזוי דער יצר־הרע צו אים, אַז ער באַרגט אויף אים אַזש אַנדערטהאַלבן קערבלעך, נישט קוקנדיק וואָס צווישן די פיל משכּונות, וואָס ער פאַרמאָגט, זיַינען דאָ אַוודאי ביַי אַ צען סאַמאָוואַרן.

מיט איין וואָרט — צו די ליַיכטערס איז דאָס אומגליק אַ לאַנגע ציַיט נישט דערגאַנגען. ערשטנס, איז נאָך די בויט נישט געווען קיין מאָל אַזוי גרויס. אמת, אין די ערשטע צען יאָר נאָך דער חתונה האָט שוין פּנחס פאַרמאָגט ביַי אַ זעקס קינדערלעך. צום גליק אָבער זיַינען די פיר עלטערע געווען מיידלעך און אין חדר האָט מען זיי נישט באַדאַרפט שיקן. די יינגלעך זיַינען נאָך געווען קליין: דאָס מיזיניקל איז אַלט געווען סך־הכּל צוויי יאָר און דאָס אַנדערע יינגעלע פיר יאָר. דערצו האָט נאָך פּנחס געהאַט שטיצע פון זיַין שווער, ביַי וועלכן ער האָט געמאָנט ביַי אַ פופציק רובל, וואָס אים איז געקומען צום נדן, און דער שווער פלעגט פון ציַיט צו ציַיט צווואַרפן אַ פּאָר רובל, נישט אַזוי אויפן חוב פונעם נדן, וואָס דער שווער האָט געלייקנט, נאָר צוליב דער טאָכטער, וואָס האָט געהאַט פון פּנחסן אויסגעריסענע יאָרן, און ער האָט איר אַלץ פאָרגע־וואָרפן, אַז איר טאַטע האָט אים אָנגעזעצט...

עס זיַינען אָבער פאַרגאַנגען נאָך עטלעכע יאָר. דער שווער איז, כאָטש נאָך נישט געשטאָרבן, אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, אַז ער איז געווען טויט לעבעדיקערהייט. פאָדערן ביַי אים דעם אַלטן חוב, וואָס עס קומט אים פון די פופציק רובל נדן, איז אַן אוממעגלעכע זאַך... פּנחס האָט שוין געדאַנקט גאָט, אַז דער שווער לאָזט אים צו רו. פאַרזעצן איז שוין נישט געווען וואָס. דער סאַמאָוואַר איז שוין אויך ביַי לייבען געבליבן און ווערליק ער באַרימט זיך, האָט ער אים שוין פאַרקויפט, וויַיל פּנחס האָט צו לאַנג אים נישט אויסגעלייזט און „פאָ זאַקאָנו"[1] האָט ער געהאַט רעכט צו פאַרקויפן.

---

[1] (רוסיש) נאָך געזעץ נאָך.

ליבע האָט אים נישט פֿאַרקויפֿט. ער וויל נאָר אַזוי צוריק אים נישט אָפּגעבן, ווײַל דער סאַמאָוואַר איז אַ מציאה אַ פֿינף רובל. און געבאָרגט האָט ער אויף אים בלויז אָנדערטהאַלבן רובל. אָבער פּנחס האָט אַפֿילו נישט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, ווײַל נישט נאָר ער האָט דעם סאַמאָוואַר נישט געקאָנט אויסלייזן, נאָר ער האָט געדאַרפֿט אָנקומען ווידער צו ליבען מיט נײַע משכּונות. הלוואי וואָלט נאָר געווען וואָס צו פֿאַרזעצן!

דער יום־טובֿדיקער בגד איז שוין פֿאַר דער צײַט געוואָרן נישט נאָר וואָכעדיק, נאָר אין גאַנצן צעריסן. אַזוי אַז אין דער וואָכן אים טראָגן איז שוין אויך נישט געווען קיין גרויס כּבֿוד... בלײַבן נאָך די קישנס, און צוויי, די אמתע פּוכענע, ליגן שוין טאַקע בײַם וווּכער־ניק, און פֿאַר די אַנדערע צוויי שטעלט זיך אײַן געלע; זי זאָגט, אַז מער לאָזט זי נישט פֿאַרזעצן קיין בעטגעוואַנט.

— וואָס זשע וועסטו פֿאַרזעצן, חכמה מײַנע? — האָט איין מאָל פּנחס זי אַ פֿרעג געטאָן, ווען אין שטוב האָט שוין געפֿעלט נישט נאָר אויף שבת, נאָר אויך אויף ברויט.

— ווייס איך וואָס? — האָט געלע געקנייטשט דעם אַזוי אויך געקנייטשטן שטערן — פֿון מײַנעט וועגן וואָלט איך פֿאַרזעצט די נשמה מײַנע...

— די נשמה דײַנע דאַרף ליבע נישט... — האָט פּנחס נאָך געהאַט מוט צו וויצלען זיך (פֿון דער נאַטור איז פּנחס טאַקע געווען אַ וויצלער).

— נו, טאָ פֿאַרזעץ דעם טלית און תּפֿילין! — האָט געלע מיט גאַל געזאָגט.

— ווי באַלד אַז שוין יאָ אַזוי ווײַט, איז דאָך גלײַכער די לײַכטערס... — האָט פּנחס דיפּלאָמאַטיש אָנגעדײַט, און נאָך אַ קורצן שווײַגן האָט ער דערקלערט דעם שׂכל.

— דעם טלית און תּפֿילין, פֿאַרשטייט זיך, מוז איך האָבן אַלע טאָג און די לײַכטערס דאַרפֿסטו דאָך האָבן בלויז איין מאָל אַ וואָך... און אַז מע וויל, בענטשט מען ליכט אויף ציגל...

געלע האָט געוואָלט אויסזידלען אים פֿאַר דעם דאָזיקן העזהדיקן פֿאָרשלאָג, אָבער אַנשטאָט זידלען האָט זי זיך צעוויינט.

— טאָמער האָב איך נאָך פֿיר שטיקלעך לײַכטערס, ווילסטו דאָס אויך אָוועקטראָגן צו אים, צום גזלן.

פּנחס, בטבֿע אַ ווייכהאַרציקער מענטש, האָט קיין טרערן נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן און ער האָט באַשלאָסן מער די לײַכטערס נישט צו דערמאָנען.

אָבער אַז די בויט איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אויסגעוואַקסן, אַז זי האָט שוין ענג געמאַכט דאָס גאַנצע שטיבל און מען איז שׁיִער נישט דערשטיקט געוואָרן, איז פּנחס, אַזוי זיצנדיק און טראַכטנדיק וואָס צו פֿאַרזעצן אויסער די לײַכטערס און טלית און תּפֿילין, פּלוצעם באַלויכטן געוואָרן פֿון אַ גרויסער אידעע.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, זיך דורכגעגאַנגען איבער דער שטוב, האָט פֿון גרויס אויפֿרעגונג אַרויפֿגעטראָטן אויף אַ העגטעלע פֿון אַ קינד, וואָס איז אַרומגעקראָכן אויף דער פּאָדלאָגע, און נישט נעמענדיק אין אַכט דאָס געוויין פֿון קינד האָט ער זײַן אידעע הויך אויפֿן קול געמאָלדן אין שטוב.

ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קליינער הקדמה.

— געלע, דו וועסט גאָר נישט טרעפֿן, וואָס פֿאַר אַ פּלאַן איך האָב.

— דײַנע פּלענער! — האָט געלע אַפּיקורסיש געמורמלט.

— דו וועסט הערן, וועסטו זיך כאַפּן פֿאַרן קאָפּ.

— פֿאַרן קאָפּ כאַפּ איך מיך שוין! — האָט געלע געזיפֿצט — ער ווערט מיר סײַ ווי סײַ צעפּלאַצט...

— וועסט זען, געלע, ווי גוט עס וועט זײַן...

— נו, נו, לאָמיך שוין הערן! — איז געלע אַליין געוואָרן אומ־געדולדיק.

— טאָ הער מיט קאָפּ! — האָט פּנחס זי אויפֿמערקזאַם געמאַכט — איך וועל טאַקע לייבע דעם גזלן אַוועקטראָגן צו פֿאַרזעצן די לײַכטערס. אי, וואָס? פֿרײַטיק וועסטו דאַרפֿן בענטשן ליכט און אויף

ציגל בענטשן ווילסטו נישט, וועל איך אים פּריַיטיק פֿאַר נאַכט אַוועק־טראָגן דעם טלית און תּפֿילין, און אויסלייזן צוריק די לײַכטערס. שבת דאַרף מען דאָך נישט קיין תּפֿילין! אי, וואָס אַ טלית אויף שבת אין דער פֿרי? ווען איך, פֿאַרשטייסטו מיך, שבת דאַוונען ותיקין[2] און ווען „כאַפּן" דיַין טאַטנס טלית... פֿאַרשטייסטו דעם פּלאַן!...

געלע האָט יאָ פֿאַרשטאַנען און נישט פֿאַרשטאַנען. און ענדלעך האָט זי זיך אָפּגערופֿן:

— נו, און זונטיק?

— זונטיק, בהמה דו, טראָג איך אַוועק צוריק די לײַכטערס און לייז־אויס דעם טלית און תּפֿילין...

— ביז וואַנען זשע וועט זיך עס ציִען אַזאַ מעשׂה? — האָט געלע שוין נאָכגעביק אַ פֿרעג געטאָן.

— ביז וואַנען גאָט וועט העלפֿן — האָט פּנחס זיך געפּרוּווט צוחנפֿענען צו געלען און צו גאָט, וואָס ער האָט פֿאַרביידע מורא געהאַט...

אָבער געלע האָט זיך געכאַפּט, אַז ווי אַזוי קאָן גאָט העלפֿן, אַז מען פֿאַרזעצט לײַכטערס און אַ טלית.

— מיר דאַכט דווקא פֿאַרקערט, אַז ער קאָן נאָך שטראָפֿן... — האָט זי זיך צעזיפֿצט: מען האַנדלט מיט זיַינע הייליקע זאַכן.

אָבער דאָ איז שוין פּנחס אַוועק אַ ביסל אויף אַן אַפּיקורסישן דרך און האָט ווי פֿאַר זיך אַ מורמל געטאָן:

— עט, שטראָפֿן... מערער שטראָפֿן קאָן ער שוין נישט...

און עס איז געבליבן ביַי פּנחסן אַוועקצוטראָגן גלײַך די לײַכטערס.

ער האָט זיי אײַנגעוויקלט אין אַ ווײַס סערוועטל און מיט אַ געבראָכן געמיט איז ער אַרויס פֿון שטוב, לאָזנדיק געלען אַ וויי־נענדיקע.

---

[2] (ברכות ט׳) פרומע ייִדן וואָס דאַוונען זייער פרי, די סאַמע ערשטע (מנהג ותיקין), גלייך מיטן זונאויפגאַנג.

דעם גאַנצן וועג האָט ער געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי צו האַנ־דלען מיטן וווּכערניק, צי ער זאָל אים דערציילן, אַז ער האָט בדעה זיי פּרײַטיק אויסצולייזן אָדער דערווײַל מאַכן אַ שווײַג.

לייבע דער וווּכערניק, אַ הויכער, מאָגערער ייִד, מיט האַלב פֿאַרמאַכטע אויגן, האָט באַטראַכט די לײַכטערס, זיי אָפּגעוויגן, און זיי אָפּגעשאַצט אין זעקס רובל; און אַזוי ווי ער באָרגט נאָר אַ דריט חלק, וואָס עס איז ווערט, האָט ער אויסגערעכנט מיט דעם שטיקל בלײַפֿעדער, וואָס ער האָט אַ דאַנק זײַן קורצקייט קוים אײַנגעהאַלטן צווישן די פֿינגער, אַז ער באָרגט דערויף צוויי רובל; און אַזוי ווי ער ווייסט שוין פֿון פֿריִער, אַז זיי וועלן ליגן אַ יאָר זיכער, נעמט ער שוין אַראָפּ די צוויי קאָפּיקעס אַ וואָך פּראָצענט... און אַזוי ווי דאָס יאָר דאַרף זײַן אַן עיבור־יאָר, הייסט עס זעקס און פֿופֿציק וואָכן — רעכנט ער אַראָפּ שוין זעקס און פֿופֿציק מאָל צוויי...

— וויפֿל איז זעקס און פֿופֿציק מאָל צוויי — האָט לייבע פֿאַרזשמורעט די קליינע אייגעלעך — האָבן מיר אַ קימא לן... אַ קימא לן... אַ רובל מיט צוועלף... — האָבן מיר אַ קימא לן... א קימא לן... אַכט און אַכציק קאָפּיקעס... — האָט ער ענדלעך אויסגעחשבונט, און ווישנדיק זיך דעם שווייס האָט ער ווייכהאַרציק צוגעגעבן:

— הייסט עס, ר' פּנחס, באַקומט איר אַכט און אַכציק קאָפּיקעס...

אָבער כאָפּנדיק זיך, אַז ער איז שוין צו גוטהאַרציק, איז ער גלײַך געוואָרן שטרענגער און האָט זיך אָנגערופֿן:

— איך בין אָבער אײַך מתרה, ר' פּנחס, אַז מער ווי אַ יאָר זאָלט איר עס נישט לאָזן ליגן, וואָרעם ווען נישט, וועט זײַן מיט די לײַכטערס אַזוי ווי מיטן סאַמאָוואַר...

פּנחס איז געשטאַנען און געציטערט ווי אַ בלאַט. דאָס קופּקעלע קופּערגעלט, האַלב אין פֿאַרזשאַווערטע מטבעות, וואָס לייבע

דער וווּכערניק האָט מיט ציטערנדיקע הענט פֿאַר אים אויסגעלייגט, האָט אים אָנגעקוקט ווי מיט חוזק און דראָונג.

די לײַכטערס, אויסגעשײַערטע און פֿינקלענדיקע, זײַנען געשטאַנען קעגנאיבער, אויפֿן טיש, און האָבן זיך געבעטן צוריק. דאָס האָט דער וווּכערניק גלײַך באַמערקט און ער האָט זיי, אַלע פֿיר געבונדן און אַוועקגעלייגט זיי אונטן אין אַזאַ מין קאַסטן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָרון...

מיט גרויס שרעק האָט פּנחס צוגענומען דאָס קופּקעלע געלט. איין מטבע איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד, און איר קלאַנג איז געווען אַזוי דומפּיק און שווער.

פּנחס האָט זיך אײַנגעבויגן, די מטבע אויפֿגעהויבן און מיט אַ זיפֿץ זיך געלאָזט גיין אַהיים.

אויף דער גאַס האָט ער זיך אָבער באַטראַכט, אַז אַהיימגיין טאָר ער נישט. ער מוז פֿריִער אַריבערגיין צום שווער און זען באַזאָרגן דעם טלית אויף שבת ותּיקין.

אָבער דער גאַנצער פּלאַן, וואָס האָט אים פֿריִער אַזוי באַגײַסטערט, האָט בײַ אים פֿאַרלוירן זײַן רייץ. ערשטנס, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דער שווער דאַוונט אַליין ותּיקין. צווייטנס, האָט פּנחס זיך געכאַפּט, אַז לייבע דער וווּכערניק וועט נישט וועלן חילופֿן די לײַכטערס אויפֿן טלית און תּפֿילין.

און פֿאַר זײַנע אויגן האָט שוין געשוועבט דער ערשטער פֿרײַטיק־צו־נאַכטס. אויפֿן טיש ליגן פֿיר ציגל. אויף די ציגל ברענען פֿיר ליכט. און געלע שטייט איבער זיי אַ פֿאַרוויינטע און באַטריבטע...

ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט וואַקלדיקע טריט, נישט וויסנדיק אַליין וווּהין: צום שווער אָדער אַהיים, צו געלען... און אפֿשר גאָר צוריק צו לייבען — אָפּנעמען די פֿיר האַלב זילבערנע לײַכטערס, אויב יענער וועט נאָך געבן.

— ער איז דאָך אַן אמתער גזלן...

1915

# דער אַמאָליקער סאָציאַליסט

אין זײַן אָרעמער היים, אין גאַליציע, איז שלום ווײַס געווען אַ סאָציאַליסט. דאָ, אין אַמעריקע, געהערט ער צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי...

עס איז, דאַכט זיך, איינס און דאָס זעלביקע. אָבער שלום ווײַס איז נישט צופרידן. שוין צען יאָר אין לאַנד און קען זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוווינען צום היגן סאָציאַליזם.

— ער איז צו רײַך, דער היגער סאָציאַליזם! — קלאָגט ער זיך.

שלום ווײַס האָט ליב, פֿון גאַנצן האַרצן, די שטילע אָרעמקייט. געוואָרן אַ סאָציאַליסט איז ער אין זײַן אָרעמער היים בלויז צוליב צוויי אָדער דרײַ רײַכע מענטשן אין שטאָט... ווען ניט די צוויי־דרײַ רײַכע, וואָלט שוין געווען אײַנגעפֿירט אין יענער שטאָט, ווו ער איז געבוירן, גאָר אָן שום קאַמף דער סאָציאַליזם — אַלע וואָלטן געווען גלײַך... אָרעמע לײַט.

דאָ זײַנען כמעט אַלע רײַך. דאָ איז ער אַ סאָציאַליסט צוליב זיך אַליין און צוליב אַ פּאָר שלימזלדיקע לאַנדסלײַט, וואָס קענען זיך ניט צופּאַסן צום היגן לעבן און זיי רירן אים מיט זייער דער־שלאָגנקייט...

אָבער דער היגער סאָציאַליזם געפֿעלט אים נישט. ער איז צו רײַך, דער סאָציאַליזם, און צו גרויס. כמעט אַלע זײַנען סאָציאַליסטן...

דאָרטן, אין דער היים, זײַנען זיי באַשטאַנען פֿון געציילטע יונגע לײַט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען אייניקע יינגלעך. ער אַליין איז דאַן אויך אַ יינגל געווען. פֿון דעסט וועגן האָבן זיי געהאַט אַן אייגענעם פֿאַראיין און אַן אייגענע צײַטונג.

דער פֿאַראיין האָט געהאַט דווקא אַ גרויסע שטוב, ערגעץ אין אַן עק גאַס, פֿאַר וועלכע מ׳האָט געצאָלט עטלעכע גילדן אַ חודש...

דאָס דירה־געלט איז אָנגעקומען שווער צו באַצאָלן. דערפֿאַר אָבער, אַז מ׳האָט ענדלעך באַצאָלט, האָט זיך יעדער מיטגליד געפֿילט אין דעם דאָזיקן פֿאַראיין ווי בײַ זיך אין בית־מדרש. און ווירקלעך איז דער פֿאַראיין געווען ווי אַ קליין בית־מדרשל. אויף איין וואַנט, אויף דער מזרח־וואַנט טאַקע, איז געהאָנגען קאַרל מאַרקס אַליין. אויף די איבעריקע דרײַ ווענט זײַנען געהאָנגען די בילדער פֿון ענגעלס, ראָבערט אָווען, דוד עדעלשטאַט און אַנדערע „הייליקע״. דער פֿאַר־איין האָט אויך פֿאַרמאָגט אַן אַלמער מיט ספֿרים, וועלכע זיי האָבן גערופֿן „די ביבליאָטעק״. און אַזוי ווי מען האָט נישט געטאָרט אַרויסטראָגן אַ ספֿר פֿון בית־מדרש, אַזוי איז געווען אַ שטרענגער פֿאַרבאָט צו נעמען אַהיים אַ בוך פֿון דער דאָזיקער ביבליאָטעק.

— ווילסט לערנען, לערן דאָ! — פֿלעגט דער עלטסטער פֿון פֿאַראיין זיך ווענדן שטרענג צו אַ מתמיד, וואָס פֿלעגט זיך מכין זײַן צו נעמען אַ ספֿר אַהיים.

דער פֿאַראיין האָט פֿאַרמאָגט אויך אַן אויוון און אין די ווינטער־אָוונטן, נאָך אַ הייסער דיסקוסיע פֿון די מיטגלידער, פֿלעגט מען בשותּפֿות קאָכן טיי און באַקן קאַרטאָפֿל. עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע מיטגלידער, וואָס האָבן קיין היים אין ערגעץ נישט געהאַט, זיי זײַנען געווען פֿון פֿרעמדע לענדער. פֿאַרפֿאָלגטע פֿון זייערע רעגירונגען, פֿלעגן זיי געפֿינען אַ היים און אַ נאַכטלעגער אין דעם דאָזיקן סאָציאַליסטישן בית־מדרשל, אין „פֿאַראיין״...

דאָס אַלץ געדענקט שלום ווײַס און קען עס נישט פֿאַרגעסן. ער בענקט נאָך דעם, ווען ער געפֿינט זיך דאָ, אין די קלוב־צימערן פֿון זײַן „ברענטש״ [1]. אויך אין די קלוב־צימערן הענגען אויף די ווענט די זעלביקע בילדער, וואָס אין יענעם „פֿאַראיין״, אָבער קיין הייליקע זײַנען זיי נישט. קאַרל מאַרקס האָט אין גאַנצן פֿאַרלוירן זײַן סאָציאַליסטיש אויסזען. אין די היגע קלוב־צימערן זעט ער אויס ווי אַ רײַכער פֿאַבריקאַנט, אַ דײַטשישער יאַהודי...

---

[1] (ענגליש) צווייג, אָפּטייל, געגנטצווייג.

מער אָבער בענקט שלום וויַיס נאָך דער היימישער אַמאָליקער ציַיטונג, נאָך דער אָרעמער אָבער מיט בלוט אַרויסגעגעבענער ציַיטונג.

נישט אַלע טאָג איז זי דערשינען און נישט אַזוי פֿיל זיַיטן האָט זי פֿאַרמאָגט ווי די היגע. דער סאָציאַליזם איז צו טיף און צו איידל, אַז מ׳זאָל אים מיט אַזוי פֿיל ווערטער דאַרפֿן פֿאַרשריַיען... ניין! זייער סאָציאַליסטישע ציַיטונג האָט פֿאַרמאָגט אין נאָרמאַלע גוטע ציַיטן פֿיר קליינע זיַיטן מיט אַ קליין שטיקעלע אַ הוספֿה. אין די צווייַ זיַיטן האָט מען פֿאַרטיפֿט דעם סאָציאַליזם מיט אַלערליי סבֿרות. ווי וועט זיַין אַזוי און אַזוי, און ווי וועט זיַין אַנדערש?... וואָס פֿאַר אַ לאַנד וועט דעם סאָציאַליזם פֿאַרווירקלעכן און וואָס פֿאַר אַ לאַנד וועט נישט לאָזן אים פֿאַרווירקלעכן?... צי וועט דער סאָציאַליזם קומען ברעש אָדער שטיל ווי אַ וויַיסע טויב?... ווי אַזוי וועט מען טאָן מיט די קליינבירגערס?... וועלן זיי אין גאַנצן אויסגעראָטן ווערן אָדער וועלן זיי זיך ביסלעכוויַיז פּראָלעטאַריזירן?...

און געשריבן איז דאָס אַלץ געווען אין אַ שיינעם, הויכן סטיל, מיט שיינע אָבער שווערע ווערטער, צו וועלכע מ׳האָט געדאַרפֿט ניצן דאָס ווערטערבוך, וואָס האָט זיך אין דער פֿאַראיין־ביבליאָטעק דווקא נישט געפֿונען... מען האָט זיך געקליבן צו קויפֿן און נישט געקענט...

און שלום וויַיס פֿאַרבענקט זיך אָט נאָך יענער ציַיטונג, וועלכע האָט טאַקע געהייסן „דער סאָציאַליסט". ער געדענקט, ווי אַזוי מען האָט פֿאַרגעשלאָגן פֿאַרשיידענע נעמען פֿאַר דער ציַיטונג, ערבֿ איר דערשיַינען. זי האָט געזאָלט הייסן „די רויטע פֿאָן", „דער קאַמף", „דער ארבעטער", „דער אָנזאָג", „די זון", „דער מאָרגנשטערן", „די פּויסט", „דער האַמער", און די אַלע נעמען זיַינען אײַנשטימיק נישט אָנגענומען געוואָרן... טייל פֿון די מיטגלידער האָבן צוגעגעבן, אַז צווישן די אָנגעגעבענע נעמען געפֿינען זיך עטלעכע הויך געלונגענע, צו מאָל דערהויבענע, למשל, „דער אָנזאָג"... אָבער עס איז צו ראָמאַנטיש... מען דאַרף האָבן אַ נאָמען, וואָס זאָל גליַיך דער־

קלערן ווער מיר זײַנען און וואָס מיר ווילן — דערפֿאַר זאָל די צײַטונג טראָגן דעם אמתן נאָמען, „דער סאָציאַליסט"...

און נישט געהאָלפֿן האָט די באַמערקונג פֿון דעם פּראַקטישסטן מיטגליד, וועלכער האָט אײַנגעווענדט, אַז דער נאָמען וועט אָפּשרעקן די ניט־סאָציאַליסטן...

מער אָבער האָט ער שוין נישט גערעדט. דער פֿאָרזיצער, אַ הויך אידעאַלער יונגער־מאַן מיט אײַנגעפֿאַלענע באַקן, פֿון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט נאָך בולטער די צוויי שוואַרצע פֿינקלענדיקע אויגן, האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער פֿויסט איבערן טיש, נישט נאָך זײַנע כּוחות נאָך, און אַ געשריי געטאָן:

— מיר דאַרפֿן נישט קיין אַנדערע לייענערס! מיר ווילן נישט קיין אַנדערע אַרײַננאַרן... אונדזער לערע איז אָן אָפֿענע...

שלום ווײַסן קלינגען נאָך איצט אין די אויערן די אַפּלאָדיס־מענטן, וואָס דער דאָזיקער באַגײַסטערטער פֿאָרזיצער האָט באַקומען פֿאַר די פֿלאַמענדיקע פּאָר ווערטער.

און די צײַטונג האָט געהייסן „דער סאָציאַליסט". דערשײַנען פֿלעגט זי דאַרפֿן, לויט ווי עס איז געווען אָנגעגעבן אויפֿן פּלאַץ נאָכן טיטל, יעדן דאָנערשטיק, אָבער דערשײַנען פֿלעגט זי דאָס רובֿ דינסטיק, אַ מאָל מאָנטיק, דאָס האָט נאָר נישט געהייסן, חלילה, אַז זי איז געווען נישט־פּינקטלעך און פֿלעגט דערשײַנען פֿריִער פֿאַר דער צײַט. נאָר פּונקט פֿאַרקערט: דער מאָנטיק איז נישט געווען קיין מאָנטיק פֿאַר אַ דאָנערשטיק, נאָר נאָך אַ דאָנערשטיק... אַזוי פֿלעגט זי, נאַטירלעך, צוליב געלטמאַנגל, אַלץ זיך וואַקלען און זי פֿלעגט דערשײַנען אין פֿאַרשיידענע טעג, ביז עס האָט זיך אויס־געגלײַכט און ענדלעך דערשינען ווידער אין אַ דאָנערשטיק... אויף אַזאַ אופֿן איז די דאָזיקע וועכנטלעכע צײַטונג דערשינען בײַ זיבן און צוואַנציק נומערן אַ יאָר...

נאָכן יאָר פֿלעגט דער פֿאַראיין די דאָזיקע זיבן און צוואַנציק נומערן אײַנבינדן אויף זײַנע קאָסטן און עס פֿלעגט זיך באַקומען אַ דין אָבער אַ וויכטיק בוך, פֿול מיט טיפֿע באַלערנדיקע אַרטיקלען,

וועלכע די מיטגלידער פֿלעגן אין די ווינטער־אָוונטן שטודירן, איבער הויפּט אין יענע אָוונטן, ווען „דער סאָציאַליסט" פֿלעגט דאַרפֿן דער־שײַנען און האָט צוליב געלטמאַנגל דערשײַנען נישט געקאָנט... פֿלעגט מען יוצא זײַן מיט דעם געבונדענעם יאָרגאַנג „סאָציאַליסט"...

און וואָס איז באמת געווען די נפֿקא מינה?... קיין בעסערע אַרטיקלען, ווי דער געבונדענער יאָרגאַנג האָט פֿאַרמאָגט, קען שוין אין די ווײַטערדיקע ניט זײַן.

שלום ווײַס פֿאַרבלאָנדזשעט אַ מאָל אין דער גרויסער יידישער ביבליאָטעק און פֿרעגט־נאָך אויף די פּאָר יאָרגענג פֿון דעם אַמאָ־ליקן „סאָציאַליסט". אָבער אומזיסט... דער מאַן, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די אַלטע זשורנאַלן, האָט אונטער זײַן האַנט פֿון פֿויגלמילך: אַ סך יאָרן „פֿאָרווערטס", אַ סך יאָרגענג „נײַע פּאָסט", אַ ריי יאָר־גענג פֿון ווײַבערישן סאָציאַליזם „די גלײַכהייט" — אויך געבונדן... „די פֿרײַהייט" — אויך געבונדן... אָבער נישט דער אַמאָליקער „סאָציאַליסט"...

שטעלן זיך בײַ שלום ווײַסן טרערן אין די אויגן:

— נישטאָ דער אַמאָליקער „סאָציאַליסט"!...

# דאָס פאַרקערטע לעבן

צו פינף יאָר איז שוין לייזער געווען אַ גרויסער ייִד. אַזוי גע־דענקט ער איצט. אפשר איז ער געבוירן געוואָרן אַ גרויסער ייִד? ווער ווייס? אָבער ער געדענקט בלויז פון פינף יאָר אָן. גערופן האָט מען אים שטענדיק לייזער — קיין מאָל ניט לייזערל אָדער לייזערקע, ווי מען רופט אַ קינד. זײַן עסן איז אויך געווען דאָס זעלביקע, וואָס די גרויסע אין הויז האָבן געגעסן: שוואַרץ ברויט מיט קאַרטאָפל. געגעסן האָט ער פון דעם זעלביקן טעלער מיטן זעלביקן לעפל. און אַז פרײַטיק־צו־נאַכטס האָט מען געקאָכט האַרטן באָב, פלעגט ער צוזאַמען מיט די גרויסע עסן דעם האַרטן באָב... וויינען האָט ער קיין מאָל נישט געוויינט, פונקט ווי די גרויסע. דערפאַר אָבער פלעגט ער, ווען ער געדענקט, קיין מאָל נישט לאַכן.

און נאָך מער: אַפילו געקליידט איז ער אויך געווען קינדווײַז ווי אַ גרויסער. צו זעקס יאָר האָט ער שוין געטראָגן לאַנגע הויזן, פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריקעלע, און אַ רעקעלע הינטן מיט אַ שפּאַלט... דאָס איז געווען דערפאַר, ווײַל דער שטאָף, פון וואָס מען פלעגט אים קליידן, איז געווען פון אַלטע בגדים און אַנדערש האָט עס זיך נישט געלאָזט איבערנייען אין אַן אַנדער פאַסאָן. דאָס היטל האָט ער געטראָגן שטענדיק דעם טאַטנס; האָבנדיק אַ גרויסן קאָפּ, האָט עס אים זייער געפּאַסט.

פון שפּילצײַג האָט ער קיין מאָל נישט געוווסט. נישט אין דער היים האָט ער עס געזען, נישט בײַ די שכנישע קינדער. אָבער אַפילו יענע שפּילצײַג, וואָס אָרעמע קינדער מאַכן זיך אַליין, ווי אַ ביקסעלע פון האָלץ, אַ שיף פון פּאַפּיר, אַ לופטשלאַנג, האָט ער קיין מאָל נישט גענוצט.

וואָס שײַך צו זײַן גײַסטיקן לעבן, איז עס געווען דאָס זעלביקע

ווי פֿון טאַטן. צו זיבן יאָר האָט ער שוין געדאַוונט דאָס גאַנצע דאַוונען דריַי מאָל אַ טאָג, זיך געוואַשן צום עסן און געבענטשט. פּסח גע־זאָגט הגדה און יום־כּיפּור געפֿאַלן כּורעים גליַיך מיטן טאַטן, אָבער נישט ווי אַ צעלאָזן יינגל, וואָס וויל זיך מיט כּורעים שפּילן, נאָר טאַקע ווי אַ גרויסער ייִד, וואָס ווייס דעם זין פֿון כּורעים און טוט עס מיט ערנסט און כּוונה.

געוואָרן בר־מצווה, האָט ער שוין אָנגעהויבן פֿאַסטן תּעניתים און געזאָגט די אַלע סליחות פֿון תּענית.

צו דער זעלביקער ציַיט האָט ער אָנגעהויבן רויכערן ווי די גרויסע, ס׳הייסט טאַקע פֿאַרצויגן דעם רויך אינעווייניק אין האַרצן אַריַין און נאָך יעדן צי וויַיט אויסגעשפּיגן, ווי עס האָבן געטאָן אַלע גרויסע רויכערערס...

צו פֿופֿצן יאָר האָט ער שוין אָנגעהויבן העלפֿן זיַין טאַטן צו האַנדלען. צו זעכצן יאָר איז אים שוין געוואַקסן אַ בערדל און צו זיבעצן יאָר האָט ער שוין חתונה געהאַט. צו אַכצן יאָר איז ער שוין געווען אַ טאַטע, מיט אַ באָרד, קליינע פּאות, און ייִדן האָבן אים שוין גערופֿן ר׳ לייזער...

צו פֿערציק יאָר ערשט האָט זיך זיַין לעבן אומגעביטן. ער איז געוואָרן ריַיך, זיך איבערגעצויגן אין אַ גרויסער שטאָט און האָט אָנגעהויבן לעבן אויף אַ גרויסן פֿוס. דאָס ייִנגסטע קינד זיַינס, וואָס איז געווען אַלט פֿינף יאָר, איז געווען געקליידט אין קורצע הייזע־לעך און אין אַ מאַטראָסן־רעקעלע, די האָר געלאָקט און דאָס היטעלע, וואָס ער האָט געטראָגן, האָט אויסגעזען ווי אַן אָפֿיצירישע. לייזער האָט אויף דעם קינד געקוקט און אין האַרצן מקנא געווען...

— אָט אָ דאָס איז אַ קינדיש לעבן! — האָט ער געטראַכט, זיך דערמאָנט אין זיַין רעקל מיטן שפּאַלט הינטן און זיך צעזיפֿצט.

אָבער נישט נאָר אין דער קליידונג איז דאָס פֿינפֿיעריקע ייִנגעלע געווען אַ קינד. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער צימערל אין דער וווינונג. דאָס שטובמיידל פֿלעגט דאָרטן אים לייגן מיט די עלטערע קינדער און דאָס צימער האָט געהייסן דאָס קינדער־צימער...

הייסט עס, אַז קינדער האָבן נישט בלויז קינדערשע קליידער, נאָר אויך צימערן קינדערשע און זיי דאַרפֿן זײַן אַנדערש מעבלירט...

ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם צופֿוסנס פֿון טאַטנס בעט, וואָס איז געווען זײַן נאַכטלעגער עטלעכע יאָר ביז בר־מצווה און נאָך דעם אויפֿן קאַסטן ווו עס זײַנען געלעגן די אַלטע קליידער...

ער האָט דאָס פֿינפֿיעריקע ייִנגעלע ליב געהאַט, אָבער אַ געפֿיל פֿון קנאה פֿלעגט זיך אַ מאָל פֿאַרגנבֿענען אין זײַן האַרצן צום אייגענעם קינד. דעמאָלט פֿלעגט ער ווי בייז ווערן און זיך אָנרופֿן:

— היי, דו, בנ׳אָק!... וואָס האָסטו זיך אַזוי צעהוליעט?... ביסט שוין אַ גרויסער בחור... פֿינף יאָר...

דאָס ייִנגעלע שטעלט־אויס דערשראָקן די אייגעלעך און פֿאַרשטייט נישט, וואָס זײַן טאַטע מיינט, און צעוויינט זיך.

לייזערן רירן די טרערן פֿון זײַן קינד. ער נעמט עס אויף די הענט — אַ פֿינפֿיעריקער בחורעץ אויף די הענט! — מאַכט ער זיך פֿאָרוווּרפֿן אין געדאַנק, קושט אים אין די רויטע בעקעלעך און רעדט מיט אים קינדער־לשון:

— נו, שאַ, קינד מײַנס... ניט זאָגן מער... דו אַ שיין ייִנגעלע... איך דיך האָלט...

דאָס ייִנגעלע צעלאַכט זיך פֿריילעך, כאַטש די טרערעלעך הענגען אים נאָך אויף די אונטערשטע ברעמען און פֿינקלען ווי טראָפּנס פֿרישע טוי.

און לייזער זאָגט אים צו קויפֿן נײַע פֿערד־און־וועגעלעך... און אַ קליין וועלאָסיפּעדל... און גלײַך צו מאָרגנס דערפֿילט ער עס.

אַ מאָל כאַפּט זיך לייזער אַרײַן אין קינדער־צימער און, באַטראַכטנדיק אַלע שפּילצײַג, דאַכט זיך אים, אַז ער איז איצט דאָס קינד... ער נעמט מיט זיי שפּילן, ווי זײַן ייִנגעלע און די עלטערע קינדער. זעצט זיך אַוועק רײַטנדיק אויפֿן גרויסן פֿערד, בינדט־אָן די רעדלעך אויף די פֿיס און צעלאָזט זיך איבערן צימער ביז ער פֿאַלט־אַנידער...

דאָס פֿינפֿיעריקע ייִנגעלע, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פֿון

שפּאַציר מיטן הויזמיידל, לויפט־אַרײַן אין צימער און, דערזעענדיק דעם טאַטן מיט די רעדלעך אָנגעבונדן אויף די פּיס, צעלאַכט ער זיך הויך און קלינגענדיק:

— דער טאַטע שפּילט זיך, דער טאַטע שפּילט זיך!...

איידער לייזער באַוויַזט אָפּצובינדן די רעדלעך פון די פּיס, לויפן־אָן די קלענערע און די דערוואַקסענע קינדער און אויך דאָס ווײַב. זיי קוקן אים אָן, ווער מיט דערשטוינונג, ווער מיט פרייד, און דאָס ווײַב רופט זיך אָן:

— וואָס טוסטו, לייזער? ביסט משוגע?...

לייזער פאַרשעמט זיך, אָבער ענדלעך קומט ער צו זיך און, אַרומנעמענדיק דאָס ווײַב, וועלכע האָט זיך שוין אין די לעצטע פּאָר רײַכע יאָר צוגעפּאַסט צום נײַעם לעבן, זאָגט ער איר האַלב שמייכלענדיק, האַלב פּראָטעסטירנדיק:

— איך האָב עס קיין מאָל נישט געהאַט... קיין מאָל נישט... עס האָט זיך מיר געוואָלט ווערן אַ קינד כאָטש אויף איין מינוט... איך בין עס קיין מאָל נישט געווען...

די קינדער שטעלן־אויס פאַרוווּנדערט די אויגן אויפן טאַטן, ווי יעדער וואָלט באַזונדער געפרעגט:

— ווי אַזוי קאָן מען דאָס ניט זײַן קיין קינד?...

נאָר דאָס ווײַב, וואָס פאַרשטייט יאָ, ענטפערט אים טרייסטנדיק:

— נו, זאָלן שוין דײַנע קינדער זײַן קינדער...

ער איז מסכים מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

# אָרעמע מצה

בײַ חיים לייבעס אין פּאָדריאַד, ווו אַ גאַנצן טאָג רוישט און טומלט, איז געוואָרן שטילער. די וועלגערינס, מיידלעך און יונגע ווײַבלעך, פֿילן זיך זייער מיד און האָבן קיין כּוח נישט צווישן זיך צו ריידן. אַפֿילו חיה־ביילע, דאָס יונגע פֿריילעכע ווײַבל, וואָס זינגט אַ גאַנצן טאָג לידער, נישט קוקנדיק אויפֿן שטרענגן משגיח, וועלכער ווײַזט איר אויף, אַז אַ פֿרוי טאָר בפֿירוש נישט זינגען, אַפֿילו זי איז אויך שטיל, נאָר פֿאַר זיך, אונטער דער נאָז, ברומט זי דאָס לידל:

זײַ זשע געזונט, מײַן געטרײַע מוטער,
איך פֿאָר שוין פֿון דיר אַוועק...

און דאָס איז נישט דערפֿאַר, ווײַל זי איז איצט אויפֿגעלייגט צו זינגען, נאָר גלאַט אַזוי: זינט זי האָט אָט דאָ, אין דער פֿרעמדער שטאָט, חתונה געהאַט, גייט איר דאָס לידל קיין מאָל פֿון זינען נישט אַרויס.

ווען נישט דאָס קלאַפּן פֿון די קאַטשלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען פֿון רעדל איבער דעם בלעך, וואָלט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפֿן אַלע, שטייענדיק. אַזוי מיד און אָפּגעמאַטערט זעען זיי אויס. אָפּט גאָר רײַסט זיך אַרויס אַ געשריי פֿון אַ נערוועזער מידער וועלגערין אויף דער קנעטערין:

— פֿאַרשטײַפּט זיך, מע קאָן דאָך נישט וועלגערן!

אויף וואָס די קנעטערין ענטפֿערט, אַזוי ווי פֿון אונטער דער ערד:

— גיי דו צום בעקן [1], וועסטו וויסן ווי צו פֿאַרשטײַפּן זיך, אויף מײַנע שונאים געזאָגט געוואָרן מײַן כּוח!

---

[1] כּלי צום באַקן.

און עס וועלן ווידער אַלע אַנטשוויגן.

און אַז די שטילקייט דויערט צו לאַנג און די מידקייט ווערט שווערער, הייבט־אָן אין פּאָדריאַד צו רוישן:

— איך פֿאַל פֿון די פֿיס אויף נאמנות... — קלאָגט זיך איין וועלגערין פֿאַר דער צווייטער.

— און איך האָב שוין קיין הענט נישט! — ענטפֿערט איר די צווייטע, קרעכצנדיק — אָט דאָ אין די דלאָניעס [2] שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען, קוים וואָס איך ריר־אָן די קאַטשלקע.

אַ דריטע וועלגערין מיט אַ בלאַס געזיכט, מיט גרויסע טיפֿע גריבער אונטער די אויגן, קלאָגט זיך פֿאַר זיי ביידן, אַז איר ברעכן אַלע ביינער. זי וואָלט אַוועקגעגעבן אַ האַלב לעבן, מע זאָל איר לאָזן איצטער אַוועקגיין אַהיים צושפּאַרן זיך. ביי די ווערטער „צושפּאַרן זיך" בייגט זי אָן דעם קאָפּ אין אַ זײַט, ווי זי וואָלט וועלן פּרוּוון, ווי גרויס עס איז דערפֿון דער תּענוג.

נאָך אַ וועלגערין פֿאַרציילט הויך, מיט אַ שטימע פֿול צאָרן, אַז ביי עשקע ביינזשעס האָט מען שוין מיט אַ שעה צוריק געענדיקט. דאָס ווירקט זייער שלעכט אויף די וועלגערינס, און דער גאַנצער פּאָדריאַד — אויסער דער קנעטערין און דעם זעצער, ביידע אין די מיטעלע יאָרן — צעבונטעוועט זיך מיט אַ געפּילדערײַ:

— ווען וועט מען שוין גיין אַהיים? אין אַלע פּאָדריאַדן האָט מען שוין לאַנג געענדיקט, נאָר אויף אונדז איז עפּעס אַן אויסנאַם, ערגער ווי אומעטום!

דער זעצער, אַ הויכער, דאַרער ייִד מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ פֿאַרפֿלאַמט פּנים, אויף וועלכן עס שטייען גרויסע טראָפּנס שוויס, לויפֿט־צו צום בלעך, קלאַפּט־אָן מיטן שטעקן און צעבייזערט זיך:

— מצה! מצה! אַ ליידיקער אויוון! וואָס האָט איר זיך צעדרשנט? דער טאָג איז אײַך ווייניק?!

---

[2] האַנטפלאַכן.

אויף זײַן געשריי לויפֿט־אַריין פֿון אַ זײַטיק חדרל די באַלע־באָסטע, אַ נידעריקע פֿרוי מיט אַ צעקנייטשט פֿינצטער פּנים און גוטע שוואַרצע אויגן, און זי הייבט־אָן בעטן בײַ די וועלגערינס:

— באַלד, קינדערלעך, באַלד! פֿאַראַן נאָך אפֿשר זעקס מיירעס אין זעקל.

— שיינע זעקס! — קלינגט־אויס פֿון ערגעץ אַ ווינקל אַ יונג קינדיש קולכל. דאָס איז דער שיטער אַליין. ווער ווייס נאָך אַזוי ווי ער, וויפֿל מיירעס עס זײַנען נאָך דאָ? ער הייבט־אויף מיט זײַנע דאַרע הענטלעך דאָס זעקל און איז זיך משער, אַז עס וועט זײַן נאָך שטאַרקע צען מיירעס.

די וועלגערינס צעשרײַען זיך ווײַטער, נאָר דער זעצער בייזערט זיך און מיטן שטעקן קלאַפּט ער איבערן בלעך:

— מצה, מצה! עס קילט דער אויוון!

— יאָ, זאָל אים, רבונו של עולם, קילן אין בויך! — שעלט אַ וועלגערין.

— וואָס איז ער שולדיק? — פֿאַרענטפֿערט אים דאָס יונגע פֿריילעכע ווײַבל — אים איז נאָך אפֿשר שווערער ווי אונדז בײַם פֿײַער, און קיין גרויסער גיבור איז ער אויך נישט. נאָר וואָס זאָל ער טאָן? ער ווייס, אַז מע מוז ענדיקן. פֿריִער־שפּעטער, מע וועט אין מיטן נישט לאָזן און צעגיין זיך.

עס איז ווידער שטיל געוואָרן, אַזוי ווי אַלע וואָלטן געקומען צו איין איבערצײַגונג, אַז מיטן קלאָגן זיך מאַכט מען זיך נישט גרינגער. פֿאַרפֿאַלן. ענדיקן מוז מען! שטיל נאָר פֿלעגט אַ מאָל אַ וועלגערין אַרויסלאָזן אַ שווערן קרעכץ, אָנכאַפּנדיק זיך דאָ פֿאַרן האַרצן, דאָ פֿאַר אַ זײַט. און ווידער דאָס זעלביקע קלאַפּן מיט די קאַטשלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען מיטן רעדל איבערן בלעך... און די צײַט ציט זיך אַזוי לאַנג...

נאָר אָט קריכט־אַרויס די קנעטערין פֿון איר ווינקל, מיט פֿאַר־קאַשערטע אַרבל און מיט גרויסע טראָפּנס שווייס אויפֿן פּאַרמעט־

פּנים. פֿריילעך הייבט זי אויף אין דער הייך די מיירע, ווי זי וואָלט וויַיזן די וועלגערינס אַזאַ מין אַרטיקל, וואָס זיי האָבן קיין מאָל דאָ נישט געזען. מיט אַ הייזעריק קול, דאָך גענוג הויך, רופֿט זי אויס:

— די לעצטע מיירע!

— די לעצטע מיירע! — קלינגט עס איבערן פּאָדריאַד און אַלע וועלגערינס צעכאַפּן די טייגלעך פֿון דעם טייִלערס האַנט מיט שׂמחה, אונטערזינגענדיק:

— באַלד, באַלד, באַלד!

באַלד, באַלד... קלינגט־אָפּ ביַי יעדן אין קאָפּ.

דער רעדלער, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע ציַיט ביַים בלעך מרה־שחורהדיק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ קוראַזש צו דער אַרבעט. קונציק וואַרפֿט ער איבער יעדע מצה אויף דער קאַטשלקע און ער נעמט זיך געשווינד אָפּצורעדלען די פֿיל אָנגעקליבענע מצות אויפֿן בלעך.

ער האָט מיט צוויי מינוט פֿריִער נישט געקאָנט גובֿר זיַין דעם יצר־הרע זיַינעם. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מאַכן אַ פּאַפּיראָס און ער מוז דערפֿאַר איצטער צוהאָרעווען. דער זעצער האָט אים שוין צוויי מאָל אַ טאָרע געטאָן מיטן שטעקן, ער זאָל פֿאַרטיק מאַכן די מצה. נאָר דערהערנדיק, אַז עס איז שוין די לעצטע מיירע, אַרט אים גאָר נישט. דאָס וואָרט „באַלד" קלינגט אים אויך פֿריילעך אין קאָפּ און פֿלינק קנאַקט דאָס רעדל איבערן בלעך און אים דאַכט זיך, אַז עס שריַיט:

— גוו'באַלד, גוו'באַלד, גוו'באַלד!...

— י־הד־ש־הו ק־דוש ברוך־הוא! — זינגט ער אונטער צום טאַקט.

דאָס פֿריילעכע וויַיבל דערהערט זיַין זינגען און ענטפֿערט אים צוריק מיט אַ לידעלע:

יאָנקל איז אַ יונג מיט ביינער
און דערצו אַ כוואַט,

און צו ציפּקעלען, דער שיינער,
האָט ער חשק געהאַט...

דאָס מיינט זי אים פֿאַרצוואַרפֿן זײַן ליבע, וואָס ער פֿירט דאָ, נאָך איר מיינונג, מיט ציפּקעלען דער וועלגערין. נאָר ער מאַכט זיך ווי נישט הערנדיק. ציפּקעלע אָבער שמייכלט חנעוודיק צום ווײַבל:

— אי, אַ קלאָג נאָך חיה־ביילען, ווי זי מאַכט דאָס אָפּ אַ ביסל!

— וואָס, אפֿשר אַ ליגן? דאגה נישט, איך האָב הײַנט אַליין געזען בשעת אָנוואַרפֿן דעם אויוון...

נאָר דער נײַער געטומל געפּעלט נישט דעם זעצער און ער גיט אַ קלאַפּ מיטן שטעקן איבער די ברעטער:

— מצה, מצה! שטייט נישט, רעדט נישט!

אָבער איצט לאַכט מען אים שוין נישט אויס. אַ פּאָר וועלגע־רינס האָבן שוין אָפּגעשיקט די לעצטע מצות צום רעדלער מיט אַ יינגעלע, וואָס האָט זיך, גאָט ווייסט צוליב וואָס, דאָ אַ גאַנצן אָוונט אַרומגעדרייט. די איבעריקע וועלגערינס ברויכן נאָך צו פֿאַרגלײַכן די שפּיצן פֿון די מצות, וואָס זײַנען בײַ זיי אַרויסגעקומען פֿון גרויס אײַלעניש.

און אָט איז שוין געענדיקט. די קנעטערין ווישט־אויס דעם בעקן. דער רעדלער האַלט שוין בײַ דער לעצטער מצה, איבער וועלכער זײַן האַנט פֿליט ווי אַ וויכער אונטער דער ווילדער געסקרי־פּערײַ... דער זעצער דערוואַרט זי מיט אומגעדולד, כאַפּט זי ענדלעך אַרויף אויפֿן שטעקן און — מאַרש אין אויוון, וווּ עס טריקענען זיך נאָך אַ צוויי לעצטע מצות.

די וועלגערינס ווישן זיך דעם שוויס און קלײַבן זיך שוין אַוועקצוגיין.

— יאָ, וועל איך דאָס אַ פֿאַל טאָן גלײַך אין בעט! — זאָגט איין וועלגערין דער צווייטער.

— און וועטשערע? — פֿרעגט יענע.

— ווער האָט כּוח צו עסן? איך וועל זיך אַפילו נישט אויסטאָן, גלײַך אין בעט!

— איך ווייס נישט, צי וואָלט איך געקאָנט פונאַנדערוועלגערן נאָך איין טייגל... — מישט זיך אַרײַן אַ דריטע אין שמועס — אַזוי מאַט בין איך!

— נו, קומט שוין, קומט שוין! — שרײַט אַ פּערטע. פּסח, אם־ירצה־השם, וועלן מיר שמועסן.

— אוי, ווי דערלעבט מען שוין פּסח! — האָט זיך איינע צע־זיפצט.

— מע וועט, נישקשה, דערלעבן. אַ לעבעדיקער מענטש דער־לעבט אַלץ! — טרייסט דאָס פריילעכע ווײַבל.

נאָר פּלוצעם איז אין פּאַדריאַד אַ טומל געוואָרן.

די באַלעבאָסטע איז אַרויס פון דעם זײַטיקן חדרל און האָט אַרויסגעזאָגט עטלעכע ווערטער מיט אַ געבעט, כּמעט מיט טרערן, נאָר אין פּאַדריאַד האָבן זיי יעדן ווי אַ דונער געטראָפן.

— נאָך אַ פּוד, נאָך אַ פּוד, אוי וויי! — האָבן זיך געהערט קולות — וואָס שטייען מיר? קומט־אַוועק!

די באַלעבאָסטע האָט זיי אָבער מיטביידע הענט פאַרצאַמט דעם וועג און ווײַטער זיך געבעטן:

— איר ווייסט, דאַכט זיך, קינדערלעך, אַז איך יאָג זיך נישט אַזוי נאָך דער פּרנסה, און אַז עמעצער וואָלט מיר איצט געגעבן פאַר אַ פּוד הונדערט רובל, וואָלט איך זיך נישט געשטעלט באַקן און מוטשען אײַך. נאָר דעם פּוד מוז מען אָפּבאַקן. איך וועל פאַר אים אַפילו קיין גראָשן נישט נעמען. דאָס איז כיענע דער אַלמנהס. שוין אַ וואָך, אַז איר זעקל מעל וואַלגערט זיך דאָ און איך לייג אַלץ אָפּ. עס זײַנען אַלץ דאָ בילכערע, רײַכערע, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד... איצט זײַנען שוין אָבער די לעצטע צוויי טעג. מער קאָן איך שוין נישט אָפּלייגן. זי קאָן נאָך, חלילה, אָן מצה בלײַבן. איר קענט דאָך זי — אַמאָל איז זי אַ פײַנע באַלעבאָסטע געווען. זי

פֿלעגט זײַן בײַ מיר פֿון די ערשטע און שטענדיק אויף דעם „ערשטן אויוון“. פֿאַר די וועלגערינס פֿלעגט זי איבערלאָזן אַ רובל. הײַנט דעם רעדלער?... דעם זעצער? דער קנעטערין?... דאָס איז געווען אַ ביסל אַ בעל־צדקהל... איך ווייס נישט, פֿאַר וואָס גאָט האָט זי אַזוי געשטראָפֿט... איצטער קאָן זי אַפֿילו פֿאַרן באַקן נישט באַצאָלן. זי מוז, נעבעך, באַקן שפּעט בײַ נאַכט. אַז אַך־און־וויי ווי די מצות וועלן שוין טויגן — פֿלעצלעך!... נאָר אַבי קיין חמץ נישט! האָט רחמנות, קינדערלעך, רוט זיך אויס אַ ביסל און לאָמיר זיך נעמען אָפּבאַקן איר די מצות, גאָט וועט אײַך געבן כּוח... נו, איז וואָס זאָגט איר?... — האָט די באַלעבאָסטע, ווי פֿאַרצווייפֿלט, אויסגעלאָזן איר בקשה, זעענדיק די מידע און פֿאַרמאַטערטע פּנימער.

— אוי, רבונו של עולם! — האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ יעדן אַ שווערער זיפֿץ אַנשטאָט אַן ענטפֿער.

אַ שווערע מלחמה איז בײַ זיי אינעווייניק פֿאָרגעקומען. עס האָט מלחמה געהאַלטן אַ רויִק בעטל, אַ זיסער שלאָף מיט אַ שווערער קאַטשלקע, מיט ברענענדיקע מאַזאָליעס. נאָר איין אָרעמע אַלמנה מיט פֿאַרווײנטע אויגן האָט בײַ זיי גיך שלום געמאַכט, און דאָס פֿריילעכע ווײַבל חיה־ביילע האָט די ערשטע אויסגעשריִען:

— איך בלײַב די ערשטע!

— איך אויך! — האָט זיך געהערט אַ צווייטע שטימע.

— און איך אויך! — האָט אַ דריטע אויסגערופֿן.

— נו, מע וועט שוין אַלע בלײַבן! — האָט אַ פֿערטע געענט־פֿערט פֿאַר אַלע איבעריקע, ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז קיינער וועט נישט האָבן די העזה זיך אָפּצוזאָגן.

— אָבער איר וועט רעדלען! — האָט זיך ענדלעך איין רעדלער אָנגערופֿן צו פּראָטעסטירן — איך האָב קיין כּוח ניט צו שטיין דאָ ביז צוויי אַ זייגער. איך האָב שוין קיין פֿינגער נישט, און מײַן פּאַמאָטשניק [3] שלאָפֿט שוין אין דער היים ווי אַ געהרגעטער.

---

[3] געהילף.

— נו, זײַ נישט קיין שייגעץ! — האָט זיך דער זעצער האַלב ערנסט, האַלב שמייכלענדיק געבייזערט — דו וועסט לאָזן אַן אַלמנה אָן מצה? שייגעץ!

— שייגעץ... שייגעץ! — האָט דער רעדלער נאָכגעקרימט און האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם בלעך.

די קנעטערין איז שטיל געזעסן אויפֿן בענקל, ווו דער אַלמנהס מעל איז שוין געשטאַנען, און האָט דערויף, ווי פֿאַרצווייפֿלט, גע־קוקט. זי האָט נישט געוווסט, ווי צו באַגיין זיך דאָ. אָפּזאָגן זיך האָט זי נישט געקאָנט — אַ קלייניקייט, אַן אַלמנה! עס איז אַ ביטערע רחמנות. הײַנט קאָן נאָך דער אייבערשטער שטראָפֿן... נאָר בלײַבן האָט זי מורא געהאַט נאָך מער ווי אַוועקצוגיין. איר האָט זיך נישט געגלויבט, אַז זי זאָל קאָנען אָפּשטיין בײַם בעקן נאָך אַ שעה. איר האָט זיך געדאַכט, אַז בײַ דער ערשטער מיירע וועט זי פֿאַלן.

— איך וועל געוויס אַנידערפֿאַלן... — האָט זי שטיל גע־שעפּטשעט.

אין קאָפּ איז איר דורכגעפֿלויגן אַ מאָדנער געדאַנק:
אין ניסן איז גוט צו שטאַרבן...

נאָר דאָס פֿריילעכע ווײַבל האָט באַמערקט דער קנעטערינס טויט בלייך פּנים און זי האָט מיט אַ ליבלעכער מינע אויסגערופֿן:

— אוי, אונדזער קנעטערין איז גאָר אַ באַבע. זי איז שוין צו־געשטאַנען! גייט אײַך געזונטערהייט אַהיים שלאָפֿן. איך וועל פֿאַר אײַך קנעטן. איך בין מער בריה.

אַלע אין פּאָדריאַד זײַנען פֿריילעכער געוואָרן און יעדער פֿון זיי האָט דערשפּירט עפּעס נײַע כּוחות, ווי מע וואָלט פּלוצעם זייערע צעבראָכענע ביינער עלעקטריזירט.

און באַלד האָט מען זיך גענומען צו דער אַלמנהס מצה. לעבעדיק און לוסטיק איז צוגעגאַנגען די אַרבעט. דאָס פֿריילעכע ווײַבל איז געווען זייער צופֿרידן מיט איר נײַער שטעלע און האָט בײַ יעדער מיירע שמייכלענדיק געפֿרעגט די וועלגערינס:

— נו, וואָס זאָגט איר?

אויף וואָס אַלע פֿלעגן איר איינשטימיק ענטפֿערן:

— בעסער פֿאַר דער קנעטערין!

בײַם בעקן האָט זי זיך אין גאַנצן אויסגעלאַכט פֿון משגיח, אָפּגעלייקנט זײַן גמרא און געקנאַקט איין ליד נאָך דעם צווייטן, איבערגייענדיק ענדלעך צום ליד „יאַנקל איז אַ יונג מיט ביינער", בײַ וועלכן ציפּקעלע די וועלגערין פֿלעגט רויטלעך ווערן און חנעוו־דיק ענטפֿערן:

— אי, אַ קלאָג אין חיה־ביילען.

דער רעדלער מיט אַ פֿאַרלאָשענעם פּאַפּיראָס אין מויל האָט געיאָגט איין מצה נאָך דער צווייטער. ער האָט געוואָלט גיכער אָפּ־פֿאַרטיקן דעם בלעך מצה און פֿאַררייכערן, נאָר אים איז נישט געלונ־גען און ער האָט דערפֿאַר אויסגעזען ווי בערוועז.

און דער זעצער, נישט קוקנדיק וואָס ער האָט נאָך אַנאַנד געהאַט אַ פֿולן אויוון מיט מצה, האָט אַלץ געקלאַפּט מיטן שטעקן איבערן בלעך:

— מצה, מצה, אַ ליידיקער אויוון.

און די באַלעבאָסטע, וועלכע איז געשטאַנען בײַם ברעט און גלײַך מיט די וועלגערינס געוועלגערט, האָט זיך אַלץ געבעטן:

— דינער, דינער! קינדערלעך, מאַכט נישט קיין פּלעצלעך, עס איז אָרעמע מצה! אַ רחמנות...

## גבירישע מצה

די ווירטין איז אַרײַן צערודערטערהייט אין פּאָדריאַד [1] און האָט אָנגעזאָגט:

— נאָך דעם געבעק וועט באַקן פּייגע־חנה!

דער עולם וועלגערינס זײַנען געבליבן ווי צוגעשמידט צו די ברעטער און האָבן פֿאַר איבעררעאַשונג אַ וואָרט נישט געקאָנט אויס־ריידן. נאָר איין רעדלער האָט געהאָט דעם מוט איבערצופֿרעגן:

— פּייגע־חנה?!

— יאָ, פּייגע־חנה! אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט זי דאָ זײַן!

— אָט, וועט זײַן אַ „מתּנה"! — האָט ענדלעך איין וועלגערין, גרונע די מלמדקע, אויסגערופֿן וועגדנדיק זיך מיט אַ פֿריילעך שײַנענדיק פּנים צו די איבעריקע וועלגערינס.

— יאָ, יאָ! — האָבן פֿיל באַשטעטיקט — אַ שפּאַס אַזאַ גבֿירטע!

און אין פּאָדריאַד האָט אָנגעהויבן צו רודערן. יעדער האָט פֿריִער פֿאָרגעזאָגט, וויפֿל די גבֿירה פּייגע־חנה וועט „צוטיילן".

— און איך זאָג דיר — האָט בערל דעם שנײַדערס ווײַב געזאָגט — אַז זי וועט נישט געבן מער פֿאַר אַנדערע באַלעבאַטים. מע קען זי, אַז זי איז נישט קיין גרויסע געבערין.

— אַז פֿריידע זאָגט, איז פֿאַראַן וואָס צו הערן! — האָט גרונע די מלמדקע נישט געוואָלט אײַנשטימען — קיין געבערין איז זי טאַקע נישט, אָבער פֿאָרט אַזאַ גבֿירה. ווי וועט איר אָנשטיין צו געבן די וועלגערינס ווייניקער ווי דרײַ רובל?

— ממה־נפֿשך, אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר עסן! — האָט דער רעדלער, אַ יונג בלאַס בחורל, זיך געוויצלט.

---

[1] (רוסיש) געשעפֿט, פֿאַבריק, וואָס נעמט זיך אונטער (ס'רוב פֿאַרן מיליטער) צוצושטעלן סחורה, עסן, קליידער אד"גל צו אַ טערמין.

דער זעצער [2], וועלכער האָט די גאַנצע צײַט פֿון דעם טומל ערנסט געאַרבעט בײַם אויוון, גלײַך ווי צו אים וואָלט די גאַנצע זאַך ניט שײַך געווען, האָט ענדלעך זיך נישט אײַנגעהאַלטן. ער האָט זיך געווענדט צו די וועלגערינס, האַלטנדיק אין האַנט אַ פּאָר טרוקענע מצות:

— פֿרייט זיך, פֿרייט זיך! — האָט ער גערעדט מיט אַ טאָן, אין וועלכן עס האָט געקלונגען איראָניע און פעסימיזם — פֿרייט זיך, קינדער! איר וועט דאַנקען גאָט, אַז איר וועט אַרויס לעבעדיק פֿון אירע הענט: זי וועט אײַך פֿאַרמוטשען! דאָ וועט זי זאָגן, די מצות זײַנען צו גרויס, דאָ — צו גראָב, שיטער גערעדלט, פֿאַר־ברענט...

ער איז אין כּעס געוואָרן און אָפּגעהאַקט, ווי ער וואָלט שוין איבערגעצײַגט זיך, אַז אַזוי וועט טאַקע זײַן. און צוגייענדיק צום בלעך, און אַרויפֿכאַפּנדיק אויפֿן זעצשטעקן [3] אַ פּאָר מצות, האָט ער ווײַטער געזאָגט:

— איך קען זיי... כאַפּט זיי דער רוח! איך האָב זיי פֿײַנט, די רײַכע...

בײַם לעצטן וואָרט רײַכע האָט ער מיט כּוונה אויסגעשפּיגן, ווי אַ פֿרומער ייִד צו עלינו.

דעם זעצערס בייזער טאָן און די גיפֿטיקע ווערטער האָבן זייער נישט גוט געווירקט אויף אַלע אַרבעטערס אין פּאָדריאַד. דאָס קליינע ייִנגעלע, „דער שיטער״, וועלכער איז געשטאַנען בײַם זאַק מעל אויסגעשמירט ווי אַ רוח, האָט אויסגעשטעלט דערשראָקן זײַנע שוואַרצע אייגעלעך און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער בעט זיך בײַם זעצער:

— שרעק מיך נישט, איך האָב מורא!...

---

[2] דער וואָס רוקט־אַריין די מצות אין אויוון. — [3] די לאַנגע הילצערנע לאָ־פּעטע אויף אַריינרוקן און אַרויסכאַפּן די מצות.

נאָר איין גרונע, די מלמדקע, האָט זיך געהאַלטן בײַ אירס, אַז זי וועט איבערלאָזן אַ שיינע מתּנה.

זי האָט שוין צוגעגרייט, ווי צו ריידן מיט דער גבֿירה, ווען יענע וועט צו איר צוגיין און וועט הייסן, זי זאָל דינער ווערלגערן:

— געזונטערהייט זאָלט איר עסן! — וועט זי איר זאָגן — איך ווערלגער דאָך אַזוי דין, אַזוי דין...

ווינטשעווען, קלערט זי, וועט זי אַזוי:

— הלוואי זאָלט איר איבער אַ יאָר דערלעבן און לשנה הבאה בירושלים... — זאָל די גבֿירה זען, אַז אַ ווערלגערין ווייסט אויך ווי צו ווינטשעווען אויפֿן גרויסן שטייגער... זי ווערלגערט און שמייכלט, ווי זי וואָלט אַ גוטן חלום געזען... דאָס האַרץ ציטערט היימלעך... דאָס האַרץ דערוואַרט גרויסע פֿאַנטאַסטישע גליקן: פֿייגע־חנה... אַ גבֿירה... דרײַ רובל... אפֿשר פֿינף... אויף איר חלק אַ גילדן צוויי... זי וועט קויפֿן אַ האַלב זײַדן טיכל לכּבֿוד פּסח!...

**
*

דער קלומעק[4], וואָס פֿאַר דער גבֿירהס, איז שוין געענדיקט. באַלד וועט מען ברענגען דער גבֿירהס מעל.

עס איז דרײַ דער זייגער בײַ טאָג. אין דער צײַט וואַרפֿט מען אָן דעם אויוון אויף דאָס נײַ מיט האָלץ. דאָס הייצן געדויערט אַנדערט־האַלבן שעה. דעמאָלט גייען די ווערלגערינס און די איבעריקע אַרבע־טערס פֿון פּאָדריאַד אַהיים עסן און עס בלײַבט נאָך צײַט אַ ביסל אָפּצורוען זיך, כּדי מע זאָל קאָנען ווײַטער אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. איצט אָבער, ריכטנדיק זיך אויף דער גבֿירהס מצה, מאַכט מען דאָס עסן בקיצור און מע קומט גלײַך אין פּאָדריאַד צוגרייטן זיך צו דער גבֿירהס מצה.

די באַלעבאָסטע פֿון פּאָדריאַד גיט־אַרויס אַ שטרענגן באַפֿעל, אַז מע זאָל גוט־גוט (די ווערטער גוט־גוט דריקט זי צו) אָפּשאָבן די

[4] פּעקל, זעקל.

ברעטער, די קאַטשלקעס, מע זאָל גוט צעוואַשן די הענט, ריינע פֿאַרטעכער אָנטאָן און מע זאָל נישט ריידן קיין גראָבע רייד, בשעת פֿייגע־חנה וועט דאָ זײַן, און מע זאָל קיין לידלעך ניט זינגען...

— עס עקט זיך גאָר די וועלט! — שפּײַט־אויס דער זעצער, כאָטש אַלע מאָל פּראָטעסטירט ער אַליין, אַז מע זינגט לידער בײַם וועלגערן.

— אַוודאי נישט! — כאַפּט זיך אַרויס גרונע די מלמדקע ווי אָנגעצונדן — ער מיינט, אַז פֿייגע־חנה איז אַזוי ווי אַן אַנדערע, אַבי ווער...

— און דו? — ווענדט זיך די באַלעבאָסטע צום רעדלער, נישט ענטפֿערנדיק דעם זעצער — זאָלסט נישט מאַכן קיין „מחזקות“ [5] מיט ציפּקעלע די וועלגערין בשעת זי דערלאַנגט דיר צום בלעך אַ מצה!

— שאַ, וואָס ווילט איר פֿון מיר! — שרײַט־אויס ציפּקעלע, אַ יונג מיידל מיט פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע שוואַרצע האָר איבער די פּלייצעס — שוין גאָר צו מיר זיך צוגעטשעפּעט!

די באַלעבאָסטע, ווי עס ווײַזט זיך אויס, דערשרעקט זיך נישט פֿאַר ציפּקעלעס שרײַען. זי ווענדט זיך גלײַך צו איר און מוסרט איר:

— עס וואָלט נישט שאַדן, נישקשה, אַז דו זאָלסט די האָר פֿאַרפֿלעכטן צו דער גבֿירהס מצה! דער רעדלער וועט דיך אַזוי אויך האָלט האָבן...

דערויף וויל שוין דער רעדלער עפּעס ענטפֿערן, נאָר די באַלעבאָסטע לאָזט זיך אײַלנדיק צו דער טיר. בײַ דער טיר אָבער דערמאָנט זי זיך עפּעס. זי קערט זיך אום צוריק, גייט־צו צום אויוון, קריכט־אַרײַן מיט אַ האַלבן קאָפּ אַהין און, אַרויסנעמענדיק דעם קאָפּ צוריק, פֿרעגט זי דעם זעצער צעטראָגענערהייט:

— זאָגט מיר, ר׳ חיים, טרוקענע העלצלעך האָט איר געגנוג?...

---

[5] באַציִונגען, ווערן אינטים, האַלטן פֿאַר אייגענע, זיין צו נאָענט.

— איך האָב, איך האָב! — רעדט־אַרויס דער זעצער ווי מיט גדלות און מיט כּעס צוזאַמען.

— זעט זשע! — מאַכט צו אים דיווירטין מיטן פֿינגער און גייט אײַלנדיק אַרויס. ווײַזט־אויס, אַז זי האָט נאָך פֿיל אַרבעט, וואָס איז שײַך צו דער גבֿירהס מצה.

און דער פּאָדריאַד הייבט זיך אין דער לופֿטן: מע שאָבט די ברעטער, די קאַטשלקעס[6]; דער רעדלער שטעלט־אָן דאָס זײַדענע רעדל; ער קוקט, צי האָט עס נישט קיין פּגימה, די מצות זאָלן זיך נישט רײַסן: גרונע די מלמדקע לויפֿט־אום פּאַרשמאַיעט[7] און זוכט אַ בעסערע קאַטשלקע, עס זאָל זיך בעסער וועלגערן. זי באַמערקט בײַ פֿריידע דעם שנײַדערס אונטערן אָרעם אַזאַ קאַטשלקע, וועלכע זי דאַרף; חנפֿעט זי זיך צו איר און לייגט־פֿאָר מאַכן אַ חילוף, נאָר יענע דאַנקט איר זייער פֿאַר די טובֿה און וויל נישט הערן. דער זעצער קערט מיט אַ פֿאַרפֿלאַמט פּנים דעם אויוון; ער האָט מורא, עס זאָל ניט זײַן צו הייס. ער איז אין כּעס און ווער עס גייט פֿאַרבײַ טרײַבט ער מיט קולות:

— שטייט מיר נישט אויפֿן וועג! צום טײַוול גייט מיט „איר" אין איינעם...

נאָר אָט טראָגט־אַרײַן דער טרעגער דעם נײַעם קלומעק מעל — דער גבֿירטעס מעל. עס ווערן אַלע שטיל: אויפֿן טרעגער קוקט מען מיט דרך־ארץ, מע לאָזט אים ברייט דעם וועג און מ׳פֿאַר־שפּאָרט צו שרײַען ווי בײַ אַנדערע קלומקעס „היט זיך, לאָזט!"... אַפֿילו אויפֿן זאַק מעל קוקט מען מיט דרך־ארץ. גרונע די מלמדקע גייט־צו און וויל מאַכן אויפֿן פֿינגער אַ פּראָבע־טייגל, צי קלעפּט זיך דאָס מעל נישט, נאָר דאָס „שיטערל" טרײַבט זי.

— גייט, גייט! — שרײַט ער מיט גאווה. עס איז נישט אײַער דאגה. עס איז דער גבֿירטעס מעל...

דער קליינער שיטער פֿילט שוין, ווי אַ גרויסער, וואָס אַ גבֿירטע

---

[6] וואַלגער־העלצער. — [7] פּאַריאַגט (געשפּאַנט, אויפֿגערעגט).

באַטײַט. זײַן קליין קעפּעלע אַרבעט שוין, שטייענדיק בײַם זאַק מעל, וויפֿל וועט אים די גבֿירה איבערלאָזן. פֿאַר אים איז דאָס איבערלאָזן מער וויכטיק ווי פֿאַר אַנדערע אַרבעטערס אין פּאָדריאַד, ווײַל קיין שׂכירות נעמט ער נישט. זײַנע שׂכירות איז נאָר „דאָס מאַכן״ [8].

— נו, פֿון מײַנעט וועגן מעג זי שוין קומען! — שרײַט פּלוצעם פֿריילעך אויס גרונע די מלמדקע. זי האָט געפֿונען אַ קאַטשלקע, ווי זי האָט געוואָלט, פּונקט ווי פֿאַר דער גבֿירהס מצה.

— ווען וועט זי שוין טאַקע קומען? — פֿרעגן אַלע אומגעדול־דיק. אַלע זײַנען שוין פֿאַרטיק.

— אַוודאי גאָר פֿאַרגעסן! — ברומט דער זעצער אין כּעס.

— שאַ, זי גייט! — זאָגט־אָן ציפּקע די וועלגערין, וועלכע האָט געקוקט אין פֿענצטער.

— וואָס רעדסטו?

— כאַ, כאַ, כאַ! — צעלאַכט זיך באַלד ציפּקעלע — אָפּגענאַרט!

— חצופּה! — זידלט גרונע די מלמדקע — דאָס בלוט איז מיר אײַנגעפֿאַלן.

— גרונע, וואָס האָט איר זיך דערשראָקן? — לאַכט ציפּקעלע.

— דערשראָקן? אַ האָר אויך נישט. נאָר אַזוי שרײַט מען? — זי שעמט זיך פֿאַר אירע אייגענע ווערטער.

— שאַ, שאַ, זאָל איך אַזוי געזונט זײַן! איצטער גייט זי טאַקע אויף אַן אמת! — זאָגט־אָן אַ צווייטע וועלגערין.

אַלע ווערן שטיל.

עס עפֿנט זיך די טיר און עס גייט־אַרײַן די גבֿירה פֿייגע־חנה, אַ הויכע, דיקע פֿרוי מיט אַ שיין קײַלעכדיק פּנים, מיט אַ פּאָר שיינע, שטרענגע אויגן. אַרײַנגייענדיק וואַרפֿט זי אַ פּאָר שטרענגע בליקן אויף די וועלגערינס און נאָך דעם זאָגט זי מיט אַ טאָן פֿון אַ גענעראַל, וואָס „זדראַוועט״ [9] זיך מיט זײַנע סאָלדאַטן:

---

[8] וירקן, אַז די קלײַנטן זאָלן געבן טרינקגעלט. — [9] (פֿון רוסיש, ייִדיש־לעך פֿאַרדרייט) באַגריסט זיך מיט אַ מיליטערישן סאַלוט.

— גאָט העלף אײַך, ווײַבער!

— שיין־דאַנק, שיין־דאַנק! — ענטפֿערן צוויי מאָל די וועלגע־רינס: איין מאָל ווי אַן ענטפֿער אויף איר ווונטש און דאָס צווייטע מאָל דערפֿאַר, וואָס זי איז אַ גבֿירה.

די באַלעבאָסטע לויפֿט־אַרײַן דערשראָקן, וואָס זי האָט נישט אָפּגעהיט דאָס קומען פֿון דער גבֿירה. זי פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר איר:

— עס איז אַזוי פֿיל אַרבעט, אַזוי פֿיל אַרבעט! אַ קלייניקייט? מע האָט צו טאָן מיט מצה! זײַט מוחל, זײַט מוחל!...

די גבֿירה ענטפֿערט איר דערויף נישט. זי גייט נאָר צו צום אויוון אַ קוק טאָן.

— דער זעצער פֿאַרברענט כאָטש נישט? — פֿרעגט זי ווענדנדיק זיך צו דער באַלעבאָסטע, כאָטש דער זעצער שטייט דערבײַ.

ער פֿילט זיך דערפֿון באַליידיקט: „וואָס, בײַ מיר קאָן זי נישט פֿרעגן?" — קאָכט אין אים דאָס האַרץ — אַ גרויסע יחסנטע... אים ווילט זיך זידלען און פֿאַר כּעס וואַרפֿט ער אַרײַן אין אויוון אַ העלצל.

און די באַלעבאָסטע דערשרעקט זיך פֿאַר דער גבֿירהס פֿראַגע:

— ווײ צו מיר! וואָס רעדט איר? זאָלט איר געזונט זײַן, גאָט איז מיט אײַך! וואָס הייסט פֿאַרברענט פֿאַרברענען? מע פֿאַרברענט בײַ אונדז קיינעמס מצה נישט, בפֿרט אײַערע... עס גייט־אַרויס מצה ווי אויף דער זון געבאַקן!...

— געדענקט זשע! — שמייכלט די גבֿירטע.

— אַ שאלה, אַ ביסל! — ענטפֿערט די באַלעבאָסטע צופֿרידן.

פֿייגע־חנה גייט־צו צו די וועלגערינס; די ווירטין גייט איר הינטן נאָך און ווינקט עפּעס צו אַ וועלגערין; יענע פֿאַרשטייט נישט וואָס זי מיינט און שרעקט זיך.

— אָט, אַ גולם! — רוימט איר אײַן אויפֿן אויער די באַלע־באָסטע, זעענדיק אַז מיטן ווונק קאָן זי גאָר נישט מאַכן — פֿאַר־שפּיליע דאָס יאַקל [10]!...

[10] בליוזקע (ביז דער טאַליע).

דאָס באַקן הייבט זיך אָן.

גרונע די מלמדקע האָט זיך געפּלײַסט אַוועקצושטעלן זיך נעבן דער גבֿירטע, אפֿשר וועט איר געראָטן צו דעררײדן זיך מיט איר און אויסדערציילן פֿאַר איר אָרעם לעבן און זי וועט איר אַליין אַ שענערע מתּנה איבערלאָזן. זי וואַרפֿט אויף דער גבֿירטע אויגן, חנט [11] זיך, קוקט איר אין פּנים און שמייכלט חניפֿהדיק, נאָר ריידן עפּעס האָט זי קיין מוט נישט. „אַז זי וועט אָנהייבן ריידן, דעמאָלט"... — קלערט זי און וואַרט.

די גבֿירה זעצט זיך אויף אַ שטול בײַ דער מײרע [12] און טיילט די טייגלעך.

טייגלעך גיט זי קליינע, כּדי די מצות זאָלן דינער זײַן. זי קנעט מיט דער קאַטשלקע די מײרע און קוקט, צי מאַכט מען נישט פֿון צוויי איינע. איר דאַכט, אַז יאָ, און זי צעבייזערט זיך:

— ווײַבלעך, מיידלעך, מאַכט נישט פֿון צוויי איינע!

— ווער? — דערשרעקן זיך אַלע און מע קוקט זיך איבער.

— עס קאָן זײַן, איך האָב אַ טעות געהאַט, מיר האָט זיך אָפּגעדאַכט... — זאָגט די גבֿירטע קאַלטבלוטיק.

אויף די וועלגערינס פֿאַלט־אָן אַ שרעק. גרונע די מלמדקע האָט שוין נישט אין זינען צו ריידן מיט איר. זי דאַנקט גאָט, אַז זי טשעפּעט זי נישט. זי סטאַרעט [13] זיך נאָר וואָס בעסער צו וועלגערן. און אַז די מצה גייט־אַרויס געראָטן, הייבט זי זי אויף אויף דער קאַטשלקע, כּדי די גבֿירטע זאָל זען, ווי גוט...

נאָר, דאַנקען גאָט, דאָס באַקן ענדיקט זיך. אַלע אַרבעטערס פֿון פּאָדריאַד, אויסערן זעצער, ווערן פֿריילעכער: אַראָפּ אַזאַ באַרג — אַזאַ שרעק... די מצות זײַנען אויף „חידושים", ווי די באַלעבאָסטע פֿון פּאָדריאַד דריקט זיך אויס.

— נאָר געזונטערהייט צו עסן! — שמייכלט די באַלעבאָסטע,

---

[11] חנדלט זיך, זוכט אויסצונעמען, ווערן סימפּאַטיש. — [12] טייג פֿאַרקנאָטן פֿאַר מצה (מאָס). — [13] באַמיט זיך.

אונטערטראָגנדיק דער גבֿירטע אַ פּאָר מצות — איר זעט, ווי עס שפּיגלט!

די גבֿירטע גייט אַליין צו צום בעט, ווו מע וואַרפֿט די מצות. זי באַטראַכט, און עס איז קענטיק, אַז זי וויל עפּעס אויסזעצן אַ חסרון, נאָר זי קאָן לײַכט נישט געפֿינען. זי איז דערפֿאַר ווי אומ־צופֿרידן, ענטפֿערט נישט דער באַלעבאָסטע, ווען יענע לויבט. ענד־לעך ווערט זי פֿריילעכער — זי באַמערקט:

— צו שיטער גערעדלט...

דער רעדלער דערשרעקט זיך און, אַ בלאַסער, גיט ער איר, ווי ווײַט מעגלעך איידל, צו פֿאַרשטיין, אַז געדיכטער רעדלען האָט מען שוין נישט געקאָנט: עס וואָלטן זיך די מצות צעריסן.

— אַז דו וואָלסט וועלן, למשל, וואָלסטו געקאָנט געדיכטער רעדלען.

דער רעדלער איז געבליבן אָן ווערטער. צי האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס זײַן מי איז נישט אָנגעלייגט? צי האָט ער זיך באַליידיקט, וואָס זי האָט אים, אַ צוואַנציק יאָריקן, „דו" געזאָגט? ווער קאָן עס וויסן?...

דער טרעגער לייגט־אַרײַן די מצות אין צוויי גרויסע קוישן, געפֿלאָכטן פֿון דינע קין[14]. ער לייגט זיי פֿאָרזיכטיק, זיי זאָלן זיך נישט ברעכן. עס געלינגט אים דאָך נישט. די מצות זײַנען אַזוי געראָטן־טרוקן, אַז זיי ברעכן זיך, ליגנדיק שוין אין קויש. פֿייגע־חנה צעשרײַט זיך אויף דעם טרעגער:

— גזלן! עס וועט דאָך מיר אויף קידוש איין גאַנצע מצה נישט בלײַבן.

דאָס קליין געבויגענע יידל, דער טרעגער, ווערט קלענער און געבויגענער. ער וויל איר זאָגן, אַז ער איז ניט שולדיק. נאָר אַ קוק טוענדיק אויף איר, פֿאַלן אים אײַן די דמים[15], און שטיל, מיט מער פֿאָרזיכטיקייט, לייגט ער איבער...

נאָר דאָס איבערלייגן איז שוין אויך פֿאַרטיק. די צוויי גרויסע

---

[14] שטעקעלעך. — [15] דאָס בלוט.

קוישן זײַנען פֿול. דער טרעגער שטייט גרייט צו נעמען זיי טראָגן, ווי די גבֿירה וועט נאָר פֿון מויל אויסריידן.

זי הייבט זיך אָן פֿונאַנדערצוצאָלן מיט דער ווירטין.

אַלע איבעריקע אין פּאַדריאַד וואַרטן. די הערצער קלאַפּן: „וויפֿל וועט זי לאָזן?"... אויסער וואָס פֿאַר די אָרעמע איז יעדע קאָפּיקע נייטיק, איז זיי אויך אינטערעסאַנט צו וויסן: „וויפֿל?"...

אָפּצאָלנדיק דער באַלעבאָסטע, הייבט זי אָן טיילן די אַרבעטערס. זי טיילט מיט גדלות, כּלומרשט נישט געציילטערהייט. עס ווערט אַ געוווינטשערײַ ביזן הימל: עס פֿליִען מיליאָנען געלט, הונדערטער יאָר לעבן, געזונט, נחת פֿון קינדער... נאָר די ברכה, וואָס גרונע די מלמדקע האָט מכּין געווען פֿריִער, „לשנה הבאה בירושלים", איז בײַ איר אַזוי געבליבן: עס איז עפּעס נישט אויסגעקומען צו זאָגן. עס האָט זיך איר געדאַכט נאָר ווי אַ הוסט אין אַ קרענק...

— אַ דאגה מיר! — טרייסט זי זיך אין געדאַנק — מער קיין צער נישט האָבן!...

די גבֿירה גייט־אַרויס.

— וויפֿל, וויפֿל? — קלינגען די פֿראַגעס נאָך איר אַרויסגאַנג.

יעדער כאַפּט זיך צו באַטראַכטן די מטבעות און עס ווערט אַ געפּילדערײַ:

— אוי, וואָס פֿאַר אַ חזיר דאָס איז! — די וועלגערינס האָט זי בלויז איין רובל געלאָזן — פֿאַר אַכצן וועלגערינס איין רובל!...

— כּדאַי געווען זיך צו מאַטערן אַזוי!

— אַזוי געדרעקסלט איר מצה!

— אַ גבֿירטע האָט מזל!

— וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? — שרײַט דער זעצער — מיר האָט זי, דער חזיר, אַ גילדן געלאָזן.

— מיר דאָס אויך נישט! — קלאָגט זיך דער רעדלער — אַ זילבערנע גריוונע[16] האָט זי מיר אַרײַנגערוקט.

[16] מטבע

— גיב אַ קוק, צי נישט קיין גלאַטע... — לאַכט דער זעצער.

— הערט איר, קינדער! — מישט זיך אַרײַן די באַלעבאָסטע, ווי אַ חבֿרטאָרין — זי האָט בײַ מיר דאָס ערשטע מאָל געבאַקן און זאָל עס זײַן דאָס לעצטע מאָל. איך פֿאַרדין פֿון איר גאָר נישט. פֿאַר דער צײַט, וואָס איר מצה האָט זיך געבאַקן, האָב איך געקאָנט צוויי געבעקס אָפּבאַקן. און צאָלן האָט זי געצאָלט סך־הכּל מיט אַ גילדן טײַערער אויפֿן פּוד. און רייד מיט איר... האָט זי מיך גליקלעך געמאַכט...

אין פּאָדריאַד ווערט פֿריילעך. דער עולם הייבט־אָן צו קריטי־קירן פֿייגע־חנהן. עס שיטן זיך ווערטלעך און וויצן, און די באַלע־באָסטע קוועלט.

— אַ חכם איז דער זעצער! — לויבן אַלע — ער האָט טאַקע פֿרײַער געזאָגט.

דעם זעצער טוט הנאה דער קאָמפּלימענט. „וואָס דען? — קלערט ער — געלט האָבן זיי, און שׂכל איז בײַ מיר". ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר עס האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ געוויין.

— שאַ, ווער וויינט דאָ? — האָבן אַלע זיך פֿאַרוווּנדערט. מע האָט זיך אומגעקוקט און מע האָט דערזען, ווי אין אַ ווינקעלע, אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אויף דער וואַנט, שטייט דאָס שיטערל און וויינט ביטער, רײַבנדיק מיט דער האַנט די נאַסע אויגן און פֿאַר־שמוציקנדיק דאָס פּנים.

— וואָס וויינסטו, יאַנקעלע, וואָס איז? — האָבן אַלע זיך צו אים אַ לאָז געטאָן.

— מיר... האָט זי... גאָר נישט געלאָזן... — האָט ער קוים אַרויסגעכליפּעט.

— אוי, זאָל נאָך איר אַ קלאָג פֿאַרגיין! — האָט זיך גלײַך אַרויסגעריסן פֿון יעדערנס מויל.

— ווי זי האָט פֿאַרגעסן אין דעם יתומל, אַזוי זאָל גאָט אין אירע קינדער פֿאַרגעסן! — האָבן אַנדערע געשאָלטן.

די קללות זײַנען געווען ערנסטע, האַרציקע, קוקנדיק אויף זיי, ווען זיי האָבן געשאָלטן, האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואָלטן גליקלעך געווען, ווען עמעצער וואָלט זיי צוזאָגן, אַז די קללות וועלן מקוים ווערן.

— וואָס ביסטו אַליין נישט צוגעגאַנגען, שוטה! — מוסרט אים ווייך די באַלעבאָסטע.

— איך האָב פֿאַר איר מורא געהאַט! — כליפּעט דאָס יתומל.

— פֿאַר אַלעמען האָט ער נישט קיין מורא, נאָר פֿאַר איר... — שטראָפֿט ווײַטער די באַלעבאָסטע — דו זעסט, אַלעמען גיט זי און דיר נישט... גייט מען צו און מע זאָגט: „זײַט מוחל, מיך האָט איר פֿאַרגעסן"... ווי דען?...

אין דער צײַט, ווען די באַלעבאָסטע האָט גערעדט, איז דער זעצער געשטאַנען און געקוקט מיט אויגן פֿאַרלאָפֿענע מיט בלוט; ער האָט צוזאַמענגעדריקט די פֿויסטן און געהויבן זיי אין דער לופֿט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט שלאָגן; נאָר אַז דאָס יתומל האָט זיך נאָך דער באַלעבאָסטעס רייד שטאַרקער צעוויינט, איז ער צו אים צוגעגאַנגען, אַ גלעט געטאָן אים איבערן קעפּל און האָט, באַמיִענדיק זיך צו שמייכלען, געזאָגט:

— וויין נישט, נאַרעלע! פֿאַר דיר האָט זי בײַ מיר איבערגעלאָזן אַ צענערל... נאַ!...

בײַ די ווערטער האָט ער אים אין הענטל אַרײַנגערוקט פֿינף קאָפּיקעס.

די וועלגערינס האָבן זיך צוגעקוקט. גרונע די מלמדקע האָט שוין געוואָלט קריטיקירן: „אַן אָרעמאַן איז אַ בעל־צדקה". נאָר אַ קוק טוענדיק אויפֿן יתומלס פֿאַרוויינטן פּנים, האָט זיך איר די צונג נישט געקערעוועט אויסצורײדן אַ וואָרט. שטיל נאָר האָט זי אַ קרעכץ געטאָן:

— געוואַלד, רבונו של עולם! פֿאַר וואָס קומט דאָס זיי?!...

1901

# אַ פּסחדיקער טאַטע

יעדער באַלעבאָס אין שטעטל האָט זיך געוווּנטשן צו האָבן אַזאַ שטעלע, ווי מענדל טאַמאַרקין. ערשטנס, איז דאָס אַ בכבֿודיקע שטעלע, אַ „שאָפּער״ [1] אין אַ וואַלד. צווייטנס, איז זײַן באַלעבאָס נישט קיין אַנדערער ווי דער גרויסער בערע ראַפּאָפּאָרט — אַ ייִד, וואָס פֿאַרמאָגט איבער אַ מיליאָן. ס׳הייסט, מען קאָן דען וויסן, וויפֿל אַזאַ גבֿיר פֿאַרמאָגט? אַז די באַלעבאַטים פֿון דעם שטעטל זײַנען באַזונדערס גוט אויפֿגעלייגט, ווי למשל, אין אַ יום־טובֿ, קאָנען זיי זיך פֿאַרגינען און דערלייגן אים נאָך אַ מיליאָן. אָט ממש איינס־צוויי, און בערע ראַפּאָפּאָרט פֿאַרמאָגט שוין צוויי מיליאָן. און עס טרעפֿט, אַז אַן עקשן אַ באַלעבאָס שטעלט זיך אײַן און וויל נישט אַנדערש, אַז בערע ראַפּאָפּאָרט זאָל פֿאַרמאָגן דרײַ מיליאָן.

— איר וועט בײַ מיר נישט אָוועקנעמען! — טענהט אײַנגעשפּאַרט דער עקשן — איך ווייס פֿון אַ זיכערן אָרט, אַז בערע ראַפּאָפּאָרט פֿאַרמאָגט איבער דרײַ מיליאָן.

נאָר נישט אין דער עשירות פֿון בערע ראַפּאָפּאָרט באַשטייט דאָס גליק צו זײַן בײַ אים אַ מענטש. בערע סוטינער, למשל, פֿאַרמאָגט אַרום זיבן־אַכט מיליאָן, און אַפֿשר מיט אַ סמיטשיק, און האַנדלט אויך מיט וועלדער, און פֿון דעסט וועגן איז בײַ דעם דאָזיקן בערע סוטינער צו דינען דווקא נישט קיין גרויסער יחוס. אַ מענטש האַלט זיך בײַ אים נישט מער ווי אַ האַלב יאָר. ער איז יעדן ייִדן חושד אין גנבֿה... און די שׂכירות, וואָס ער צאָלט, איז אויך גאָר נישט מעשׂה גבֿיר.

---

[1] ער וויל זאָגן א שאַפּיר, אַ האַלצמעסטער אין וואַלד, אַ מבֿין אויף רוי האָלץ.

בערע ראַפּאָפּאָרט אָבער איז אַ ייִד אַ בן־תּורה און באַהאַנדלט זײַנע מענטשן ווי חבֿרים. אַזוי דערציילט מען וועגן אים. וואָס איז שייַך צו די שׂכירות, צאָלט ער יעדן איינעם לויט דער ערלעכקייט און לויט די קינדער, וואָס דער „מענטש" פֿאַרמאָגט. אויף יעדן נײַ־געבוירן קינד איז בערע ראַפּאָפּאָרט מוסיף אַ פּאָר רובל די וואָך. און אַז דעם „מענטשן" קומט־אויס חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער, גיט בערע ראַפּאָפּאָרט דעם נדן... אַזאַ קבלה האָט ער שוין פֿון זײַן טאַטן וואָלף ראַפּאָפּאָרט, און וואָלף ראַפּאָפּאָרט שטאַמט פֿון דעם גרויסן צדיק ר' משה ראַפּאָפּאָרט...

פֿון אַזוינע שמועסט מען נישט...

און נאָך בעסער פֿון אַלע זײַנע מענטשן באַהאַנדלט ער טאַקע מענדל טאַמאַרקינען. ערשטנס, איז מענדל אַ גרויסער בעל־חשבון. עס איז אַ סבֿרא, אַז ער קען אַזש ביז אַריבער תּשבורת[2]... דערצו איז ער באַהאַוונט אין חכמת המדידה[3]. מיטן אויג מעסט ער אויס, וויפֿל טפֿחים אַ בוים האַלט די דיק און וויפֿל די הייך. דערצו איז אַ סבֿרא, אַז מענדל טאַמאַרקין איז ראַפּאָפּאָרטס אַ שטיקל קרובֿ... אויף זיכער ווייסט מען נישט, נאָר שמועסן שמועסט מען יאָ...

אָנגעקומען צו ראַפּאָפּאָרטן איז וואַלד איז טאַמאַרקין אַ יאָר נאָך דער חתונה. נאָך דעם ווי זײַן ווײַב זעלדע איז אויפֿגעשטאַנען פֿון ערשטן קימפּעט מיט דעם ערשטן קינד — אַ מיידעלע... דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט געגאַנגען כאָדאָראָם: אַ קלייניקייט — אַזאַ שטעלע!...

זעלדע אַליין איז אַפֿילו די ערשטע צײַט נישט געווען באַזונדערס צופֿרידן, דען אויסער וואָס מענדל איז אַ גערעכטענער, איז ער טאַקע אַ פֿאַרשוין אַ מאַן. זײַנע אויגן שוואַרץ ווי די נאַכט, די האָר פֿון פּעך און זײַן פּנים קלאָר און קײַלעכדיק. אויף די ליפּן ליגט שטענדיק אַ גוט, זיס שמייכעלע. עס איז איר געווען שווער צו שיידן זיך מיט אים...

---

[2] ברוכצאָלן, אַריטמעטיק. — [3] מאָסן.

אָבער מענדל האָט איר געשריבן די ערשטע צײַט אַזוינע שיינע בריוולעך, אַז עס איז שוין כּדאי געווען צו לײַדן פֿון דער צעשיידונג... מיטן מויל וואָלט ער אַזוינס איר קיין מאָל נישט געזאָגט... אין יעדן בריוו האָט ער זי געטרייסט, אַז אויף פּסח קומט ער צו פֿאָרן. ער וואָלט געקומען פֿריִער, אויף אַן אַנדער יום־טובֿ, אָבער דער סוחר ראַפּאָפּאָרט לאָזט אים נישט אָפּ... ער איז זײַן רעכטע האַנט געוואָרן...

מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָט די יונגע זעלדע געוואַרט אויף דעם ערשטן יום־טובֿ.

ענדלעך איז געקומען פּסח און מיט דעם יום־טובֿ — איר מאַן מענדל...

נאָכן ערשטן שלום עליכם (צעקושן האָט מען זיך נישט געקאָנט, ווײַל אַ שכנה איז גראָד געווען אין הויז) האָט זעלדע אַ ביסל שעמעוודיק — וואָס האָט איר אָבער צוגעגעבן מער חן — אָנגענומען מענדלען פֿאַר דער האַנט, אים צוגעפֿירט צום וויגעלע, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פֿון שלאָפֿצימער, און אים אָנגעוויזן אויפֿן יאָריקן קינד, וואָס איז געלעגן און זיך געשפּילט מיט די קליינע, צונויפֿגעלייגטע פֿויסטלעך.

מענדל האָט עס אָנגעקוקט מיט אַ ליבן שמייכעלע, גענומען עס אויף די הענט און לאַכנדיק געזאָגט:

— איך דערקען עס גאָר נישט... אַוועקפֿאָרנדיק איז עס געווען אַלט אין גאַנצן אַ מאָנאַט... ווי רופֿט מען זי... איך האָב שוין פֿאַרגעסן...

— גיטלקע הייסט זי... — האָט די מוטער מיט שטראַלנדיקע אויגן געענטפֿערט.

— אַך, יאָ, גיטלקע... נאָך דײַן באָבען, דאַכט זיך...

— יאָ! — האָט זעלדע מיט גרויס חן צוגעגעבן.

דער יום־טובֿ איז אַוועק אין אײַלעניש. מענדל, וועלכער איז געווען אַ גאַנץ גרויסער בעל־משפּחה, איז אַ גאַנצן יום־טובֿ געווען פֿאַרנומען מיט גיין צו גאַסט און אויפֿנעמען געסט... זעלדען האָט עס זייער פֿאַרדראָסן, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין העזה אים

אָפּצוהאַלטן. און אַזוי איז מענדל געווען אַ גאַנצן יום־טובֿ מער פֿאַר לײַטן ווי פֿאַר איר און פֿאַרן קינד...

מוצאי־יום־טובֿ האָט זיך שוין מענדל געפּאַקט אין וועג.

זעלדע איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און געזיפֿצט.

— שוין פֿאָרסטו אַוועק?

— יאָ, מײַן גאָלד... דער סוחר האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז גלײַך נאָך יום־טובֿ זאָל איך צוריקקומען אין וואַלד. עס איז דאָ אַ סך, אַ סך אַרבעט...

אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום איז זעלדע טראָגעדיק געוואָרן.

די שכנות פֿון גאַס האָבן געקוקט אויף איר און האָבן גע־שמייכלט...

— דער מאַן איז נישטאָ און זי, פֿון דעסט וועגן...

— וואָס הייסט? — האָט באַמערקט אַ צווייטע שכנה — ער איז דאָך יום־טובֿ געווען אין דער היים! געהערט אַ ביסל?...

זעלדע האָט געוווּסט, אַז מען רעדט וועגן איר נישט קיין שלעכטס. אַז מענדל איז יום־טובֿ געווען אין דער היים, האָט דאָך דאָס גאַנצע שטעטל געוווּסט. פֿון דעסט וועגן איז איר „די לאַגע" געווען ווי אומבאַקוועם. און זי האָט זיך געשעמט צו ווײַזן אין גאַס...

געהאָפֿט האָט זי אָבער, אַז ווען זי וועט געלעגן ווערן, וועט ער קומען. עס וועט אַפֿילו אויסקומען פֿאַר יום־טובֿ, אָבער ער וועט מוזן קומען... און טאָמער אַ ברית?...

צום שלימזל אָבער איז דאָס צווייטע קינד אויך געבוירן געוואָרן אַ מיידל... זעלדע האָט אים געלאָזט טעלעגראַפֿירן און ער האָט גע־ענטפֿערט צוריק מיט אַ טעלעגראַמע, אַז ער ווינטשט איר אַ מזל־טובֿ, און ער האָט איר אַרויסגעשיקט געלט. און נאָך דעם האָט ער איר געשריבן אַ לאַנגן און אַ הייסן בריוו, און געטרייסט איר, אַז אויף פּסח קומט ער צו פֿאָרן.

קומענדיק אויף יום־טובֿ, האָט מענדל שוין געטראָפֿן צוויי קינ־דער. דאָס ערשטע, גיטלקע, איז שוין אַרומגעגאַנגען. אַז ער האָט זי אָבער דאָס ערשטע מאָל גענומען אויף די הענט, האָט זיך דאָס

קינד דערשראָקן פֿאַר זײַן שוואַרצער באָרד און גרויסע שוואַרצע אויגן... זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעכן געוויין, און מענדל האָט זי געמוזט אָפּלאָזן צוריק מיט אַ זיפֿץ...

דאָס צווייטע קינד איז שוין געווען אַלט בײַ פֿינף וואָכן. זעלדע האָט מענדלען פֿאַרזיכערט, אַז עס לאַכט שוין. מענדל האָט אָבער נישט געוואָלט גלייבן. ער האָט געוואָלט עס זען מיט זײַנע אייגענע אויגן. זעלדע האָט דאָס קינד געקיצלט, געשמוטשערט צו איר אויפֿן קינדערשן לשון, אָבער אומזיסט. דאָס פֿינפֿוואָכיקע מיידעלע איז געווען שטרענג ערנסט און קיין שום שמייכל האָט זיך נישט באַוויזן אויף אירע ליפּעלעך...

— זי וועט שוין שמייכלען... — האָט מענדל זעלדען געטרייסט.

— ניין... — האָט זעלדען באַנג געטאָן — עס איז אַ פֿאַר־דראָסיקע זאַך... אָט דאָ נישט לאַנג האָט זי בײַ מיר געשמייכלט... איצטער דווקא נישט...

— נו, קיין בייז נישט! — האָט מענדל זי ווידער באַרויִקט — איך גלייב דיר...

און ער איז באַלד אַרויס אין צווייטן צימער.

אַזוי האָבן זיך געצויגן יאָרן. מענדל, אַ דאַנק זײַן וויכטיקער שטעלע, וואָס ער האָט פֿאַרטראָטן אין וואַלד בײַם סוחר ראַפּאָפּאָרט, האָט מער ווי איין מאָל אין יאָר אַהיים נישט געקאָנט קומען, אויסער דאָס איינציק מאָל, ווען זעלדע האָט געבוירן אַ ייִנגעלע, נאָך דעם ווי זי האָט שוין געבוירן פֿיר מיידעלעך...

דעמאָלט איז ער געקומען בלויז צום ברית און האָט זיך שטאַרק משׂמח געווען, נאָר איז באַלד צוריק אַוועקגעפֿאָרן.

די איבעריקע קינדער זײַנען בײַ איר אָבער אַלץ מיידלעך געבוירן געוואָרן. און צו די מיידלעכס געבורטן פֿלעגט מענדל יוצא זײַן מיט אַ מזל־טובֿ דורך אַ טעלעגראַמע...

אויף אַזאַ אופֿן איז אין פֿאַרלויף פֿון צוואַנציק יאָר מענדל געווען אַ טאַטע פֿון דרײַצן קינדער...

באַקומענדיק אַ הוספֿה פֿון סוחר פֿאַר יעדן נײַ־געבוירן קינד, איז מענדלס געהאַלט געוואַקסן אין די הונדערטער...

— אויב אַזוי — האָבן די אָרעמע באַלעבאַטים געשמועסט צווישן זיך — איז שוין כּדאי צו קינדלען... אַ קלייניקייט, אַז גאָר פֿאַר יעדן קינד באַצאָלט מען...

זעלדע איז אָבער נישט געווען באַזונדערס צופֿרידן. מענדל קען גאָר נישט די קינדער... ער איז אַ יום־טובֿדיקער מאַן און אַ פּסח־דיקער טאַטע... קומט צו פֿאָרן אויף יום־טובֿ און, צעקושנדיק זיך פֿריִער מיט איר, נאָך דעם מיט די קינדער, וואָס דאָס עלטסטע איז שוין בײַ די נײַנצן יאָר, הייבט ער זיך אָן צו טומלען אין די נעמען...

— נו, וואָס מאַכסטו, באַסקעלע? — פֿרעגט ער דאָס צוועלפֿ־יעריקע מיידעלע.

דאָס מיידעלע לאָזט־אַראָפּ די אייגעלעך און שווײַגט.

— פֿאַר וואָס זשע שווײַגסטו, באַסקעלע? — נעמט ער זי אָן פֿאַרן בעקעלע.

— איך בין נישט באַסקע... — ענטפֿערט דאָס קינד נאָך מער פֿאַרשעמט.

— ווער זשע דען ביסטו? — פֿרעגט ער צעטומלט.

— איך בין טעמע... טעמע רופֿט מען מיך...

— אַך, יאָ, איך האָב מיך טאַקע טועה געווען... — פֿאַרענטפֿערט זיך מענדל — אַזוי, ביסטו טעמעלע, הייסט עס... ווו זשע איז באַס־קעלע?

עס לויפֿט־צו אַ צווייט מיידעלע, ייִנגער מיט אַ יאָר, און פֿאַלט־צו צום טאַטנס קני.

— איך בין באַסקעלע... מיך רופֿט מען באַסקעלע...

— יאָ, יאָ, איך דערמאָן זיך...

זעלדע שטייט דערבײַ און ווישט זיך די אויגן:

— אַ טאַטע, מישטיינס געזאָגט, ווייס נישט אַפֿילו, ווי אַזוי מען רופֿט זײַנע קינדער...

מענדל ווערט גערירט, נעמט זי אַן גוטמוטיק פֿאַר דער האַנט און ענטפֿערט:

— וואָס זשע קאָן מען מאַכן, מײַן זעלדעלע?... אַבי דײַן נאָמען וויים איך...

און דער יום־טובֿדיקער מאַן צעקושט זיך מיט זײַן ווײַב.

די קינדער קוקן־אָן די סצענע פֿאַרווּנדערט: אַ פֿרעמדער ייִד קושט זייער מאַמע...

און זיי צעלויפֿן זיך פֿאַרשעמט אין די ווינקעלעך.

1912

## דער וואַלד אין שטוב

וואָלף פֿריידעס איז געווען אַ שטרענגער טאַטע; האָט קיין מאָל נישט דערלויבט זײַן ייִנגל זאָל זיך שפּילן. אַז משהלע פֿלעגט זיך אין אַ פֿרײַער צײַט אַרויסכאַפּן אויפֿן הויף אָדער אין גאַס נעבן שטוב, פֿלעגט שוין וואָלף אים היטן דורכן פֿענצטער און אַכטונג געבן, ער זאָל נישט איבערקערן די וועלט. „איבערקערן די וועלט" האָט בײַ וואָלף פֿריידעס געהייסן, ווען משהלע פֿלעגט זיך אײַנבייגן, אויפֿהייבן אַ שפּענדל און עס אַ וואָרף טאָן. דערפֿאַר פֿלעגט משהלע גלײַך באַרויבט ווערן פֿון זײַן פֿרײַהייט.

— אין שטוב אַרײַן, יונגאַטש דו! — פֿלעגט וואָלף אַן אויפֿגעקאָכטער אים רופֿן דורכן פֿענצטער, וואָס ער האָט צוליב דעם אַ ביסל אויפֿגעעפֿנט.

משהלע לאָזט זיך אַרײַן צוריק אין שטוב, שטעלט זיך אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און וואַרט אויף אַ פּסק.

— וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן?

— גאָר נישט... — פֿאַרטיידיקט זיך משהלע.

— אַזוי גאָר, גאָר נישט... דו ביסט נאָך צו אַלע צרות אַ ליגנער אויך! — ווערט וואָלף נאָך בייזער און נעמט זיך צו משהלעס אויער.

און משהלע האַלט פֿאַר אַ גליק אָפּצוקומען מיטן אויער אַליין... דער ווייטיק איז טאַקע געווּג גרויס, אָבער צו שמײַסן קומט דאָס נישט.

שמיץ באַקומט משהלע, ווען ער גנבֿעט זיך אַרויס אין אַ זומער־דיקן טאָג פֿון דער היים, ווערט פֿאַרלוירן אויף עטלעכע שעה און נאָך אַ שטרענגער אויספֿאָרשונג געפֿינט מען אויס, אַז ער איז געווען מיט אַ „חבֿרה" אין וואַלד.

— אין וואַלד גאָר לויפֿן! — זינגט־צו דער טאַטע נאָך יעדן שמיץ — אַ שייגעץ ביסטו? ווייניק שׂכר־לימוד צאָל איך פֿאַר דיר? נישט געגעבן ערשט דײַן רבין אַ בלוטיק פֿינפֿערל?...

אַלץ וועט דער שטרענגער וואָלף מוחל זײַן משהלען אין אַ צײַט אַרום, אָבער דעם וואַלד וועט ער אים שטענדיק דערמאָנען.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס האָסטו געטאָן דאָרטן אין וואַלד? — נעמט ער אים אַ מאָל אויף אַ פֿאַרהער אין אַ פּאָר חדשים אַרום.

און משהלע שטייט אַ פֿאַרשעמטער און ווייס נישט וואָס צו ענטפֿערן.

*

ערבֿ שבֿועות לאַכט משהלע פֿון טאַטן. דאָס הייסט נישט, אַז אין דער הויך לאַכט ער; נאָר בײַ זיך אין האַרצן. גלײַך ווי ער דאַוונט־אָפּ ווענדט ער זיך צו דער מאַמען:

— גיב מיר עסן, וואָרעם איך האָב נישט קיין צײַט, איך מוז גיין אין וואַלד...

ער זאָגט עס אַזוי הויך, אַז דער טאַטע זאָל הערן.

ער וויל זיך דאָ נוקם זײַן אין טאַטן. דער טאַטע ווייס, אַז משהלע גייט הײַנט אין וואַלד נישט צו שטיפֿן, נאָר צוליב גרינס אויף שבֿועות,

אַזוינס פֿאַרוווערן אים קאָן ער נישט. עס איז פֿאָרט אַ מנהג בײַ ייִדן. כאָטש אַז ער וויל, קאָן ער זאָגן, אַז דאָס איז ניט שטאַרק ייִדישלעך. אָבער ווי באַלד אַ מנהג, איז פֿאַרפֿאַלן. ווענדט ער זיך צו משהלען:

— אָבער דו זאָלסט גיין ווי אַ מענטש. נישט לויפֿן. נישט צערײַסן די בגדים. נישט צעשנײַדן די פֿינגער. און נישט פֿאַרטשעפּען זיך מיט שקצים...

משהלע זאָגט־צו, אַז ער וועט נישט זײַן עובֿר אויף קיין שום לאו פֿון דעם טאַטנס תּורה. אָבער אין האַרצן לאַכט ער זיך אויס: הײַנט מעג ער אַלץ! עס איז ערבֿ שבֿועות און ער מוז פֿאַרזאָרגן מיט גרינס. הײַנט זײַנען אַלע מיט אים: די עלטערע שוועסטער, די מיטעלע, די מאַמע און אַפֿילו דער זיידע, וועלכער קומט אים אַלע מאָל מוסרן, כאָטש משהלע ווייסט נישט, וואָס וויל פֿון אים דער זיידע — קיינער וועט אים הײַנט, ערבֿ שבֿועות, ניט שטערן צו גיין אין וואַלד מיט חבֿרים נאָך גרינס.

אַ זייגער צוויי איז שוין משהלע צוריק מיט גרינס, וואָס ער האָט געבראַכט אין צוויי גרויסע בינטלעך. ער בינט זיי אויף, לייגט זיי אַוועק אין מיטן שטוב און הייבט־אָן מיט דער הילף פֿון דער עלטערער שוועסטער אָנשטעקן די גרינע ריטלעך אין די שפּאַלטן פֿון דעם באַלקן, אַרום די פֿענצטערס, בײַ דער טיר און ווו נאָר עס לאָזט זיך און לאָזט זיך נישט...

— ווי עס שמעקט, אַ מחיה! — קוויקט זיך די מוטער שטייענדיק בײַם אויוון.

אויך די שוועסטערס קוועלן־אָן פֿון דעם אײַנגעגנעמען וואַלד־ריח, וואָס די ריטלעך האָבן אַרויסגעדופּט אין שטוב. דער טאַטע אַליין גייט־צו, נעמט אַ ריטל, לייגט עס צו צו דער נאָז, ווי מען לייגט אַ הינערשע פֿעדער צו דער נאָז פֿון אַ מת, און אויך ער לעבט־אָפּ. אָבער נתפּעל ווערן פּאַסט אים נישט. עס איז דאָך פֿאָרט נישט מער ווי ריטלעך פֿון אַ וואַלד. וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט עס פֿאַר אַן עלטערן מענטשן ווי ער?...

אָבער אַז משהלע זעט, ווי אַזוי דער טאַטע נעמט אַלע ווײַלע

אַ ריטעלע און לייגט עס צו צו דער נאָז און שמעקט, דערפֿילט ער זיך אַזוי געהויבן, אַז ער הייבט־אָן צו באַפֿעלן דער שוועסטער:

—קלײַב־אויף די ריטלעך און שטעק זיי אַרײַן אָט דאָ, נעבן אַלמער...

דאָס מיינט ער מיט דעם, זי זאָל בײַם טאַטן צונעמען די ריטלעך...

דאָס איז זײַן נקמה, וואָס ער נעמט פֿון טאַטן פֿאַר די שמיץ, וואָס ער האָט אים געגעבן, ווען ער איז אין אַ וואָכעדיקן טאָג געווען אַמאָל אין וואַלד...

ערבֿ שבֿועות טוט ער אים אָפּ. ער ברענגט אים אַ גאַנצן וואַלד אין שטוב אַרײַן און ער מוז נעבעך שווײַגן, דער שטרענגער טאַטע.

1916

# די גרויסע סוכה

דאָס קלענסטע שטיבל אין גאַס איז געווען ברוכס. דאָס דאָזיקע שטיבעלע האָט געהאַט מער ענלעכקייט צו אַ כאַטקע אין אַ דאָרף, איידער צו אַ שטעטלשן בנין. נאָר דער דאַך מיט צעפֿוילטע שינדלען איז געווען אַן עדות, אַז דאָס שטיבעלע איז אַ שטעטלש און די מזוזה בײַ דער טיר — אַז עס איז אַ יידישע.

דאָס שטיבעלע אינעווייניק האָט קיין צימערן נישט געהאַט. די עלטערע טאָכטער האָט אַפֿילו אַמאָל געפּרוווט די צווייטע העלפֿט פֿון שטיבעלע, וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַ הילצערנעם נישט־געפֿאַרבטן אַלמער, אַ נאָמען געבן „די פֿינצטערע קאַמער". דאָס האָט זיך אָבער נישט אײַנגעגעבן. פֿינצטער איז אַפֿילו אין דער אַנדערער העלפֿט געווען גענוג, אָבער קיין אײַנדרוק פֿון אַ „קאַמער" האָט דאָס נישט געמאַכט. צוויי מאָל האָט זי עס מיט דעם דאָזיקן

נאָמען אָנגערופֿן, אָבער אַז די אַלע הויזיקע האָבן זי נישט אונ־טערגעהאַלטן, האָט זי אַליין אויך אויפֿגעהערט צו גלייבן אין דער ריכטיקייט פֿון נאָמען און זי האָט צו גלײַך מיט אַלע הויזיקע אָנ־גערופֿן די צווייטע העלפֿט — „דאָס פֿינצטערע ווינקל"...

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַן אַלמער אין אַזאַ ענגן שטיבל איז נישט אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט. הויך און שטאָלץ און קאַלטבלוטיק איז ער געשטאַנען אין מיטן שטיבעלע און האָט זיך נישט געלאָזן אַ קער טאָן דעם לעבעדיקן מענטשן... דער אַלמער איז אָבער גע־ווען אַ ירושה פֿון ברוכס עלטערן און מען האָט זיך מיט אים גע־מוזט האַלטן, בעטנדיק אויף אים אַלע טאָג אין האַרצן אַ מפּלה...

אָבער נאָך מער אָפּקומעניש איז געווען דער אויוון. אָט דער אַכזר האָט פֿאַרכאַפּט כּמעט דרײַ חלקים פֿון שטיבל. דער אַלמער איז זײַנער גאָר אַ נאָענטער שכן געווען, נאָר שטאַרק ליב איינע די אַנדערע האָבן זיי זיך נישט געהאַט: זיי האָבןביידע זיך שטענ־דיק בייז אָנגעקוקט. סײַדן ערבֿ פּסח, ווען צבֿיה, די באַלעבאָסטע פֿון שטיבעלע, פֿלעגט דעם פֿאָרנט פֿון אויוון אָפּקאַלכן. דאַן פֿלעגט ער עפּעס אָנהייבן אַ ביסל פֿרײַנדלעכער קוקן אויף זײַן שכן...

ווי קומט אין אַזאַ קליין שטיבעלע אַזאַ גרויסער אויוון, ווייסן אַפֿילו ניט זײַנע באַלעבאַטים. דאָס שטיבעלע שטייט שוין אַוודאי הונדערטער יאָרן. ווער ווייס, וואָס פֿאַר אַ משוגעים פֿאַר צײַטן זײַנען געווען, וואָס פֿאַר אַ מיין זיי האָבן מיט דעם געהאַט. זיי, די באַלעבאַטים, האָבן דאָס שטיבל נישט געקויפֿט. גלײַך נאָך ברוכס חתונה האָט דער פֿאָטער אים אַרײַנגעזעצט אַהער און אָט אַזוי זיצט ער שוין עטלעכע צענדליק יאָר. צו דערגיין די געשיכטע פֿון דעם שטיבעלע האָט ער קיין צײַט נישט. ער האָט בילכערע זאַכן: ברוך איז אַ ייִד, וואָס האָט אַ ווײַב מיט אַ סך קינדער און מיט ווייניק פּרנסה...

בכן איז איינס פֿון די ערשטע אומגליקן אין ברוכס הויזגעזינד די ענגשאַפֿט. ברוכס ווײַב, צבֿיה, איז אַפֿילו אַ בריה אַ ייִדענע. די עלטערע טאָכטער האָט נאָך זי אַריבערגעשטיגן. און אָט די צווײ

בריהס אַרבעטן געגוג, כּדי צו מאַכן עפּעס אָרדענונג, געררוימקייט אין שטיבעלע. אָבער וויפּל זיי זאָלן נישט אַרבעטן, העלפט עס נישט.

אָט איז נאָך אָנבײַסן. די מוטער און טאָכטער האָבן דאָס געזונט אַוועקגעלייגט אויפצורוימען, מאַכן אַ שטיקעלע דורכגאַנג צום טיש. עס געדויערט אָבער נישט קיין צען מינוט, און עס פֿאַלט עפּעס אַראָפּ אויף דער ערד. עפּעס נישט פֿאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט, עט־וואָס די באַנק אַ דריי געטאָן, און אין שטיבל קאָן מען שוין ווידער נישט דורכגיין. כאָטש נעם און שפּרינג! וואָרעם אויסער דעם אַלמער און אויוון האָבן זיך נאָך, פֿאַרשטייט זיך, געפֿונען אין שטוב צוויי בעטן, אַ טיש און צוויי לאַנגע בענק, פֿון וועלכע איינע, אַ לענגערע, האָט מיט אירע שפּיצן געלעכערט די ווענט. און צו דעם נאָך קלע־נערע כּלי־בית.

— האָט אונדז דײַן טאַטע אַ ירושה געלאָזן! — פֿלעגט צבֿיה נישט איין מאָל שטעכן איר ברוכן, ווען די ענגשאַפֿט איז געווען נישט צום דערטראָגן, למשל, בײַם אויסבעטן די בעטן, בײַם חלה באַקן, טשאָלנט רוקן און נאָך אַזוינע צײַטן פֿון הור־האַ.

ברוך פֿלעגט איר קיין מאָל נישט ענטפֿערן. וואָרעם ער אַליין איז אָט מיט דער דאָזיקער ירושה אויך נישט געווען צופֿרידן. כאָטש צײַטנווײַז פֿלעגט ער טראַכטן: פֿון דעסט וועגן פֿאָרט אַן אייגן ווינקל...

אויסער וואָס די באַלעבאַטים פֿון שטיבעלע האָבן געליטן פֿון דער ענגשאַפֿט פֿיזיש, האָבן זיי אויך גײַסטיק געליטן. מען קאָן אַפֿילו זאָגן, אַז די גײַסטיקע ליידן זײַנען פֿיל גרעסער געווען...

אמת, ברוך איז געווען אַן אָרעמער ייִד, אָבער דאָך איז ער גע־ווען אַ באַלעבאָס. געשטאַמט פֿון שיינעם יחוס. איצע זלאַטעס, למשל, איז געווען זײַנער גאָר אַ נאָענטער קרובֿ, און איצע זלאַטעס איז אַ ייִד אַן עושר... אויסער דעם דאָזיקן קרובֿ האָט ער געהאַט נאָך פֿיל קרובֿים; צבֿיה איז אויך נישט געווען קיין עלנטע, אויך נישט פֿון שטיין געבוירן. פֿון ביידע צדדים האָבן זיך אָנגעקליבן מומעס, פֿע־

טערס, שוועסטערקינדער, שני בשלישי אַ היפּש ביסל. און אַט טאַ־קע צוליב דער דאָזיקער משפּחה האָט ברוך מיט זײַן צבֿיה מיט דער עלטערער טאָכטער געהאַט ניט זעלטן שפּיכות־דמים.

עס טרעפֿט זיך, און ניט זעלטן, אַז צבֿיה ווערט געלעגן מיט אַ יינגל. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז עס איז אַ שׂמחה, זאָל זײַן אַפּילו — דאָס דריטע יינגל. אין שטיבעלע איז טאַקע ענג, אָבער די ערשטע וואָך ליגט דאָס נײַ־געבוירענע קינד נעבן דער קימפּעטאָרין און פֿאַרנעמט ווייניק פּלאַץ. שפּעטער, אַז עס דאַרף האָבן אַ וויגעלע, איז אויך נישט קיין בייז. צבֿיה האָט אַלע קינדער אויסגעהאָדעוועט אין הענג־וויגעלעך, וואָס דאָס פֿאַרנעמט גאָר אַ פּלאַץ אין דער לופֿטן. עלעהיי אַ צווייטער גאָרן... אָבער דעם ברית מאַכן איז נישטאָ ווו. אין ברוכס שטיבעלע קאָן זיך נישט אַפּילו דער נייטיקער מנין פּאָטויפּען [1] און, ווי געזאָגט, ברוך מיט צבֿיהן זײַנען בעלי־משפּחה און רופֿן מוז מען יעדערן.

און דאָ הייבן זיך אָן די שפּיכות־דמים. די רײַכערע מומעס און פֿעטערס, וואָס זײַנען דאָס גאַנצע שײַנדל, קומען ערשט נאָכן ברית, און אויך נישט אַלע צוזאַמען, נאָר פֿאָרווײַז. און ברוך מוז זיך פֿאַר יעדן פֿאַרענטפֿערן, וואָס עס איז אַזוי ענג. ער וואַרפֿט פֿאַרצווייפֿלטע בליקן אויף די ווענט, ווי ער וואָלט זיי בעטן: ווערט עפּעס ברייטער, גזלנים!...

אָבער נאָך גרעסער זײַנען די שפּיכות־דמים בײַ יעדן יום־טובֿ, ווען די קרובֿים, ווי דער מנהג איז, פֿאַרבעטן איינע די אַנדערע אויף „כּיבוד".

— זאָלסט זיך אַקאָרשט נישט לאָזן בעטן אויף ברכה! — קלאַפּט אים אין שול איעדערער קרובֿ אין פּלייצע נאָכן יום־טובֿדיקן דאַווי־נען — למען השם מיט צבֿיהן און מיט די קינדערלעך! הערסט, ברוך?

[1] (לאָקאַליזם) אַריינשטופּן.

ברוך הערט. ווי דען? ער וועט נישט גיין און אָנמאַכן אַ ברוגז?... אַוודאי קומט ער צו יעדערן מיט זײַן גאַנצן געזינד. מען מאַכט ברכה, מען ווינטשט לחיים און נאָכן כּיבוד, ווען ער דאַרף צו זיך רופֿן, לויט דעם מנהג אין שטעטל, דינט אים נישט די צונג אַרויס־צוריידן זײַן פֿאַרבעטונג און ער שטאַמלט קוים אַרויס:

— איצטער וואָלט מען געדאַרפֿט צו מיר גיין...

— אם־ירצה־השם, אַז דו וועסט בויען אַ גרעסערע שטוב... גאָט וועט העלפֿן...

באַקומענדיק אַזאַ ענטפֿער, וויל ער צוריק ענטפֿערן:

— וואָס איז? אין אַ גוט לעבן איז נישט ענג.

וואָס קאָן זײַן אין גרונט אַ קליגערער ענטפֿער?... אָבער דער ענטפֿער בלײַבט בײַ אים אין האַלדז. ברוך קאָן אים בשום אופֿן נישט אַרויסריידן. כאָטש נעם און שלעפּ אים אַרויס פֿון דאָרטן מיט די הענט...

און פֿאַרגעסנדיק צו באַדאַנקען „פֿאַר אַלעם גוטן", ווי דער דרך־ארץ איז, גייט ער אַרויס פֿון קרובֿ, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך דאָס געזינד, און אים דאַכט זיך, אַז נישט פֿון כּיבוד גייט ער אַרויס, נאָר פֿון אַ מאָלצײַט, וואָס אַ גבֿיר האָט געמאַכט פֿאַר אָרעמע־לײַט.

און דאָס פּנים פֿלאַמט אים פֿאַר חרפּה. און מיטן דאָזיקן געפֿיל גייט ער אַוועק צו אַ צווייטן קרובֿ, אַ דריטן, אַ פֿערטן. וואָס דען? נישט גיין און אָנמאַכן אַ ברוגז?...

אָבער יעדן יום־טובֿ צו גיין אויף כּיבוד און צו זיך די משפּחה נישט פֿאַרבעטן, וואָלט ברוך נישט געקאָנט פֿועלן בײַ זיך פֿאַר קיין פֿאַל. אַזוי געפֿאַלן זײַן וואָלט שוין אַפֿילו ברוך, דער אָרעמער אין דער משפּחה, נישט געקאָנט.

פּסח, שבֿועות, חנוכּה אויף לאַטקעס, פּורים צו דער סעודה — קאָן ער טאַקע צוריק צו זיך אויף כּיבוד נישט רופֿן: זײַן שטיבעלע קאָן אַזאַ גרויסן עולם נישט אויפֿנעמען. דערפֿאַר אָבער איז דאָך דאָ נאָך אַ יום־טובֿ — סוכּות, סוכּות לאָכט ברוך פֿון דער גאַנצער וועלט!

ברוכס שטיבעלע איז טאַקע דאָס קלענסטע אין גאַס, אָבער דער הויף איז דער גרעסטער. פּלאַץ — איז אין שטעטל נישט קיין גרויסע מציאה. דער עיקר איז דאָס בויען. און ווען ברוך איז נישט ביכולת אויסצובויען אַ גרויס הויז אויף זײַן גרויסן הויף, קאָן ער אָבער דערפֿאַר אַוועקשטעלן סוכּות אַזאַ סוכּה, וואָס זאָל זײַן די גרעסטע פֿון אַלע סוכּות. ווען אַ גאַנץ יאָר לעבט ברוך מיט זײַן הויזגעזינד אין ענגשאַפֿט, וויל ער כאָטש לעבן אין רחבֿות כאָטש זיבן טעג אין יאָר. אַ חיי־שעה איז אויך אַ לעבן, בפֿרט זיבן טעג — אַ קלייניקייט זיבן טעג אין גערוימקייט! הײַנט — דאָס נישט פֿאַרשעמט ווערן פֿאַר דער משפּחה!...

און גלײַך נאָך יום־כּיפּור נעמט זיך ברוך בויען זײַן פּאַלאַץ — די סוכּה. קודם־כּל שיקט ער אַרויף זײַן עלטער בחורל אויפֿן בוי־דעם, וווּ עס ליגן אַ פֿיר־פֿינף ברעטלעך, אויך ירושה נאָך פֿון זײַן טאַטן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די עטלעכע ברעטלעך וואָלטן אַפֿילו „אויף אַ צאָן נישט געקלעקט" אויף אַ געוויינטלעכער סוכּה, בפֿרט אויף אַזאַ גרויסער, ווי ברוך נעמט זיך פֿאַר צו מאַכן. מען דאַרף אָבער נישט פֿאַרגעסן, אַז ברוך איז אַ גרויסער עקאָנאָם. די סוכּה בויט ער נישט אין מיטן הויף, ער זאָל דאַרפֿן האָבן פֿיר גאַנצע ווענט, נאָר ער שטעלט זי צו צו דער וואַנט פֿון שטיבל. די סוכּה דאַרף דאָך אָבער זײַן גרעסער פֿאַר זײַן שטיבל. שטופּעוועט ער טאַ־קע צו צו דער וואַנט די עטלעכע ברעטער, וועלכע גרייכן ביז דעם שכנס גאָרטן, וואָס האָט צום גליק אַ פּאַרקאַן פֿון ברעטער. האָט שוין ברוך צוויי ווענט, כּמעט פֿאַרטיקע. בלײַבן אים נאָך אָנדערט־האַלבן. נעמט ברוך אַראָפּ די דרײַ ווינטער־פֿענצטערס פֿון בוידעם, די צוויי טירלעך פֿון אַלמער, דאָס איבעריקע באָרגט ער צו בײַ די שכנים, וועלכע „גייען־אַרײַן אין זײַן לאַגע" און באָרגן אים פֿון דעם לעצטן, און די סוכּה האָט שוין פֿערטהאַלבן ווענט און חלל אויף אַ טיר. די טיר איז שוין נישט פֿון ברעטער, נאָר פֿון קאָלדרע און דווקא פֿון צוויי קאָלדרעס, ווײַל אַ גרויסע סוכּה מוז האָבן אַ גרויסע טיר, און איין קאָלדרע קלעקט נישט.

אַז דער בנין פֿון דער סוכּה ווערט פֿאַרטיק און קיין מאַנצבילשע אַרבעט דאַרף זי שוין נישט, נעמען זיך צו איר ערשט די ווײַבער — צבֿיה מיט דער עלטערער טאָכטער. זיי קערן זי גוט אויס, שיטן־אויס מיט געלן זאַמד און מען טראָגט־אַרויס דאָס גאַנצע מעבל פֿון שטיבל, דאָס הייסט, דעם טיש מיט צוויי בענק און די צוויי טאַבו־רעטן אין סוכּה אַרײַן. דאָס שטיבל בלײַבט פּוסט, פֿילט זיך ווי באַ־ליידיקט, און די פֿיר ווענט מורמלען דאַכט זיך: גרויסע יחסנים!... אָבער ווען מען פֿון הויזגעזינד ליגט איצט אין קאָפּ דאָס שטיבל, ווען אויפֿן הויף שטייט אַזאַ גרויסע סוכּה! אַלע לאַכן איצט פֿון שטיבע־לע און ווילן פֿאַרגעסן, אַז נאָך סוכּות וועט מען צוריק צו דעם מוזן אָנקומען און עס וועט זיך געננוג דעמאָלט נוקם זײַן מיט דער ענג־שאַפֿט.

ווער געדענקט אין אַ גליקלעכער צײַט, וואָס שפּעטער וועט זײַן?...

איצט אָבער איז די סוכּה די איינציקע דירה פֿון הויזגעזינד און דאָס שטיבל דינט פֿאַר אַ קיך...

— אַ קיך — זאָגט צבֿיה מיט אַ שמייכל — איז אַ גאַנץ גרויסע...

דאָס שטיבל הערט און ווערט, נעבעך, צעפּלאַצט און די פֿיר ווענט קלערן: וואַרט, וואַרט, מיר וועלן זיך מיט אײַך אָפּרעכענען!...

ווער הערט זיי אָבער איצט? די גרויסע סוכּה איז דערווײַל די יחסנטע. די משפּחה וועט טאַקע אויף כּיבוד אַהערקומען, און ניט אין שטיבעלע.

און ווירקלעך: דעם אַנדערן טאָג יום־טובֿ פֿאַררופֿט ברוך אויף ברכה [2] דאָס שײַנדל פֿון זײַן משפּחה.

— איר וועט אָנקוקן אַ סוכּה! — זאָגט ער מיט אַ שטאָלצן שמייכל — אַ סוכּה? אַ פֿעלד! אַ רחבֿות!...

---

[2] מ׳שטעלט אַ טיש, נאָר כּדי עולם זאָל מאַכן אַ ברכה.

— אַהאַ! — ענטפֿערט אים ווער פֿון זײַן משפּחה — סוכּות ביסטו דאָך טאַקע אַ קייסער...

און די משפּחה גייט צו ברוכן אויף ברכה. ברוך נעמט־אויף מיט כּל הכּיבודים, וואָס זײַן צבֿיה האָט פֿאַרן לעצטן גראַשן אָנגעגרייט, און ער שטייט הינטער זיי און באַדינט זיי מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים. ער קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן און מוז כאָטש צו איינעם פֿון די קרובֿים אַ זאָג טאָן:

— מיר דאַכט זיך, אַז מײַן סוכּה איז אַ גרעסערע פֿון אײַערער...

דער „מיר דאַכט" איז נאָר פֿון איידלקייט וועגן. ברוך איז זי־כער, אַז זײַן סוכּה איז די גרעסטע אין שטאָט.

און גרויס איז זײַן שׂמחה, ווען דער רײַכסטער קרובֿ זײַנער ענטפֿערט אים מיט אַ מין געפֿאַלנקייט:

— מײַן סוכּה איז אַ ברעקל... זיך נישטאָ ווו אַ קער צו טאָן...

אָט דעם ענטפֿער געדענקט ברוך אַ גאַנץ יאָר. און דער ענטפֿער גיט אים מוט און העזה צו גיין די איבעריקע ימים־טובֿים צו זײַן משפּחה אויף כּיבוד: נישקשה, סוכּות באַצאָלט ער זיי כּפֿל־כּפֿלים...

1904

# פאַרשפּעקטיקט

דאָס ביסעלע קאָרן, וואָס אַנטאָש האָט אַראָפּגענומען פֿון זײַן שטיקל פֿעלד, האָט ער שוין לאַנג, צוזאַמען מיט זײַן עלטערן אַכצנ־יאָריקן סערגייען, צעדראָשן און עס צעמאָלן אין דער נאָענטער וואַסערמיל, וואָס איז געגאַנגען אויף צוויי רעדער, און אויף דעם בוידעם באַהאַלטן צו ווינטער אויף ברויט. נאָר איין פּוד[1] קאָרן האָט ער אין אַ זעקעלע אַרײַנגעשאָטן, פֿאַרבונדן עס מיט אַ שטריקעלע און אין שטעטל אויפֿן מאַרק אַוועקגעפֿירט. אויפֿן מאַרק זײַנען ייִדן, איינער נאָכן אַנדערן, צוגעקומען אַלע ווײַלע צום וואָגן, געטאַפּט דאָס זעקעלע און געפֿרעגט: „טשאַכאָ מאַיעש נאַ פּראָדאַניע"[2], אויף וואָס אַנטאָש פֿלעגט ניט אָן שטאַלץ ענטפֿערן: „זשיטאָ"[3].

און די ייִדן האָבן געדונגען און געדונגען, געוויגן און געוויגן מיט זייערע בעזמענס[4] און געבאָטן פּרײַזן פֿון פֿערציק קאָפּיקעס ביז אַ האַלבן רובל. אַנטאָש פֿלעגט די פּרײַזן אויסהערן, קראַצן זיך אין פּאָטילניצע[5] און בעטן פֿינף גילדן, ביז ער פֿלעגט אַראָפּגיין אויף פֿיר גילדן. בײַ פֿיר גילדן האָט ער זיך אײַנגעעקשנט און ס'האָט שוין ניט געהאָלפֿן מער קיין דינגען זיך.

— טשעטירע זלאָטי[6] — האָט ער געטענהט.

פֿאַר נאַכט אָבער, אַז די ייִדישע מאַרק־סוחרים זײַנען זיך צע־גאַנגען און מער איז שוין קיינער צו אים ניט צוגעגאַנגען, איז ער

---

[1] (רוסישע וואָג) 40 פונט; 16,5 קילאָ. — [2] (כאָכליש, פויעריש לשון) וואָס האָסטו צו פֿאַרקויפֿן. — [3] קאָרן. — [4] שפּרוזשינע־וואָג (מיט אַ הענגער אויף וועלכן מ'הענגט־אָן דאָס זעקל אָדער פּעקל) צו האַלטן מיט דער האַנט. — [5] נאַקן. — [6] פֿיר גילדן.

מיט זײַן ביסל סחורה אַראָפּגעפּאַלן און האָט שוין געזוכט אַ סוחר פֿאַר אַ האַלבן רובל.

דער איינציקער הענדלער וואָס איז אויף דעם מאַרק געבליבן, חנן דער קורצער, האָט שוין אויסגעגעבן דאָס ביסל מזומן, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט צום מאַרק, און ער האָט דערפֿאַר מיט אַ האַלבן מויל געבאָטן נאָר דרײַ גילדן: — טרי זלאָטי, קאָלי כאָטשעט [7].

און אַנטאָש, וואָס האָט געדאַרפֿט דאָס געלט אויף זייער נייטיקע זאַכן צו קויפֿן, אָן וואָס ער האָט אַהיים ניט געקאָנט פֿאָרן, איז מיט האַרצווייטיק מרוצה געוואָרן. דערהערט, אַז ער וויל שוין אַוועקגעבן, האָט חנן אין דער רעכטער זײַט האַרצן דערפֿילט אַ קלאַפּ פֿון פֿרייד, וואָס אים מאַכט זיך צו קויפֿן אַ מציאה, פֿון וואָס ער וועט האָבן אַ ריין צענערל ריווח. אין דער לינקער זײַט האַרצן האָט אים אָבער אַ קלאַפּ געטאָן פֿאַר האַרצווייטיק: גאָט ווייסט, צי די מציאה וועט אים אָנקומען, ווײַל זײַן קאַפּיטאַל האָט זיך איבערן מאַרקטאָג אין גאַנצן אויסגעלאָזט. פֿון דעסט וועגן האָט חנן די האָפֿענונג און דעם בטחון ניט פֿאַרלוירן און האָט געהייסן אַנטאָשן פֿירן די סחורה צו זײַן שפּײַכלערל. דאָרט, בײַם שפּײַכלער, האָט ער געמאַכט שותּפֿות מיט אַ רײַכן הענדלער. יענער האָט געצאָלט און אַנטאָש האָט באַקומען דרײַ זילבערנע גילדן. ער האָט זיי באַקוקט פֿון אַלע זײַטן, געפֿרעגט עטלעכע מאָל: „טשיע ניע פֿאַלשיווי [8]?”, און אַז די צוויי שותּפֿים האָבן אים באַרויִקט, אַז ס'איז אמת גוט געלט, האָט ער זיי אַרײַנגערוקט טיף אין בוזעם און זיך געלאָזן מיטן וועגעלע צו אַ קרעטשמע אין מאַרק. דאָרט האָט ער צוגעבונדן דאָס פֿערד צום סלופּ פֿון גאַניק און איז אַוועק קויפֿן נייטיקע זאַכן.

ער האָט געקויפֿט צוויי טעפּ זאַלץ, וואָס די אַנטאָשיכע האָט אים אָנגעזאָגט למען השם צו ברענגען, דרײַ פּעקלעך מאַכאָרקע, אַ פֿאָר פֿונט זייף צו זעקס קאָפּיקעס, אַ קרענצל בייגעלעך — אַ „גאָסטי-

[7] דריי גילדן, אויב דו ווילסט. — [8] זיינען זיי נישט קיין פֿאַלשע?

נעץ[9]" פֿאַר די קליינע קינדער, און פֿאַר דעם איבעריקן איז ער אין קרעטשמע אַרײַן, געמאַכט אַ כּוסה, מיט וועלכער ער האָט זיך דער־קוויקט, און האָט פֿריילעך אָנגעהויבן שמועסן מיט די איבעריקע פּויערים.

— פּוד זשיטאָ פּראָדאַל[10]! — האָט ער כּטוב לבו בײַ איינעם פֿון די פּויערים דערציילט — אָשוקאַלי זשידי: טרי זלאָטיך דאַלי... מאַלאָ[11].

דער אַנדערער פּויער, וועלכער איז געווען רײַכער פֿון אַנטאָשן, האָט אויף אים אַ פֿאַראַכטלעכן בליק געוואָרפֿן און מיט גדלות גע־ענטפֿערט:

— טשטאָ פּוד זשיטאָ! יאַ דיעסיאַט פּראָדאַל... פּאָניעמאַיעש? דיעסיאָט[12]!

אַנטאָש האָט מיט קנאה אַ קוק געטאָן אויפֿן פּויער, געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, נאָר זײַן שוואַך קעפּל איז שוין געווען אַ ביסל באַרוישט. האָט ער נאָר אַ קרים געטאָן מיט די ליפּן, איז אַרויס פֿון קרעטשמע האַלב פֿריילעך, האַלב אומעטיק, זיך געזעצט אויף זײַן קליינער דראַבינע[13] און זיך געלאָזט פֿאָרן אַהיים אין דאָרף אַרײַן, וואָס האָט זיך געפֿונען פֿינף וויאָרסט[14] פֿון שטעטל.

**
*

עס איז פֿאַרגאַנגען אַ חודש. דער אָסיען[15] האָט זיך אונטער־געררוקט. די טעג זײַנען געוואָרן קלענער און די נעכט גרעסער, און אין אַנטאָשעס קליינעם שטיבעלע האָט מען שוין באַדאַרפֿט בײַ נאַכט אַ לעמפּעלע ברענען. דאָס ליימענע פֿלעשל, וואָס אַנטאָש האָט בײַ אַ טעפּער מיט דרײַ יאָר צוריק געקויפֿט פֿאַר אַכט גראָשן, איז אַ

---

[9] מתנה. — [10] פֿאַרקויפֿט אַ פּוד קאָרן. — [11] די זשידעס האָבן אָפּגענאַרט: דריי גילדן געגעבן... ווייניק. — [12] וואָס איז אַ פּוד קאָרן? איך האָב צען פֿאַרקויפֿט... פֿאַרשטייסט? צען! — [13] אַ וועגעלע געמאַכט ווי פֿון לייטערס. — [14] (רוס׳ לענג פֿון וועג) אַ וויאָרסט איז 1,067 מעטער אָדער 3,500 ענגלישע פֿוס. — [15] האַרבסט.

טרוקנס געשטאַנען און ס'איז ניט געווען פֿאַר וואָס צו קויפֿן. אויסער דעם איז שוין דאָס זאַלץ אויך באַלד אויסגעגאַנגען. פֿון דעם זייף, וואָס ער האָט געקויפֿט, איז נאָר אַ שטיקעלע געבליבן. פֿון דער מאַכאָרקע איז נאָר געבליבן אויף אַ פּאָר טעג.

אַנטאָש האָט זיך געקראַצט אין פּאַטילניצע, געשפּיגן און אַלץ געוואָרטשעט:

— סאָלי ניעמאַ, מידלאַ ניעמאַ, מאַכאָרקי ניעמאַ, ניטשעהאָ ניעמאַ. קעפּסקי אינטערעס [16].

פֿאַרדינען האָט אַנטאָש ניט געהאַט וווּ. דער איינציקער ייִד, וואָס האָט אין דאָרף געוווינט, איז אַליין זייער אָרעם געווען און אַנטאָש האָט געהאַט נאָר איין האָפֿענונג: פֿאַר סוכּות אָנצוהאַקן אַ פֿולן וואָגן סכך, פֿירן עס אין שטעטל אַרײַן און פֿאַרקויפֿן עס פֿאַר אַ פּאָר פֿערציקערס [17]. אַלע יאָר טוט ער אַזוי, זינט ער האָט דאָס פֿערדל זײַנס, פֿאַר וועלכן ער האָט אָפּגעצאָלט אויפֿן יאַריד זעקס רובל.

און גלײַך נאָך ראש השנה האָט ער אַלע טאָג אָנגעהויבן פֿרעגן דעם ייִדן, וואָס האָט געוווינט אין דאָרף: ווען איז בײַ אײַך סוכּות?

— האָסט נאָך צײַט! — פֿלעגט אים דער ייִד ענטפֿערן.

— אַליע קאָלי [18]? — פֿלעגט אַנטאָש רוען ניט לאָזן. דער ייִד, וועלכער איז גראָד געווען צעטראָגן, האָט אים איין מאָל אַ זאָג געטאָן, ניט פֿיל טראַכטנדיק: — יעשטשע טידזיען [19]! — אין אַ וואָך אַרום הייסט עס.

אין אמתן אָבער איז ניט מער געווען ווי פֿינף טעג צו סוכּות. אַנטאָש האָט אויסגערעכנט, אַז צוויי טעג פֿאַר „קוטשקי [20]" איז די רעכטע צײַט צו פֿירן די סכך אין שטעטל און דאָס איז געווען אַקוראַט דער ערשטער טאָג יום־טובֿ...

[16] נישטאָ קיין זאַלץ, נישטאָ קיין זייף, נישטאָ קיין מאַכאָרקע, גאָר נישטאָ. אַ ביטער געשעפֿט. — [17] מטבעות פֿון צוואַנציק קאָפּיקעס. — [18] אָבער ווען? — [19] נאָך אַ וואָך. — [20] סוכּות.

ער איז דעם טאָג פֿרי אויפֿגעשטאַנען, האָט איבערגעביסן מיט אַ שטיק גראָב שוואַרץ ברויט, וואָס ער האָט געטונקט אין אַליין צעשטויסענעם זאַלץ, פֿאַרטרונקען מיט אַ קוואַרט קאַלט וואַסער, האָט איינגעשפּאַנט דאָס האַלב הונגעריקע, האַלב פֿאַרשלאָפֿענע פֿערדל, גענומען די האַק און זיך געלאָזן אין נאָענטן וועלדל.

ער האָט זיך גענומען האַקן די שטעכעדיקע צווייַגן איינעם נאָכן אַנדערן. געקליבן האָט ער אַלץ געדיכטערע און לענגערע; בעסערע סחורה פֿאַרקויפֿט זיך גיכער! — האָט ער געטראַכט. דער וואָגן סכך איז אַלץ געוואַקסן. ער האָט גערעכנט לכל הפּחות לייזן פֿאַר זייַן סחורה אַ גילדן דרייַ. אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ס׳איז נאָך ווייניק, און ער האָט אַלץ געהאַקט און געלייגט די צווייַגן אויפֿן וואָגן.

ענדלעך איז דער וואָגן פֿול געוואָרן. אַנטאָאָש האָט אים באַטראַכט פֿון אַלע זייַטן און איז צופֿרידן געבליבן.

— דאָוואָלנאָ בודזיע [21] — האָט ער פֿאַר זיך הויך אויסגעברומט און גענומען דאָס פֿערד פֿאַרן צוים.

אַז ער איז אָבער אָפּגעפֿאָרן אַ פֿאָר טריט, האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט און ווידער אַ קוק געטאָן אויף דעם וואָגן.

— אַ מאָזשע מאַלאָ בודזיע [22] — האָט ער זיך פּלוצעם דער־שראָקן, האָט אויסגעהאַקט נאָך פֿינף צווייַגן און זיך גענומען פֿאָרן שוין אויף זיכער.

ער איז געפֿאָרן לאַנגזאַם, טריט בייַ טריט, און לאַנגזאַם, טריט בייַ טריט, זייַנען אויך אַזוי אין קאָפּ זייַנע געדאַנקען געגאַנגען, ווי זיי וואָלטן ניט וועלן גיין גיכער פֿאַר דעם פֿערדל. אַנטאָאָש האָט גע־רעכנט, וויפֿל זאַלץ ער וועט קאָנען קויפֿן און וויפֿל זייף, וויפֿל גאַזע און וויפֿל מאַכאָרקע, פֿאַר דעם געלט וואָס ער וועט אָפּלייזן אין דעם שטעטל בייַ די ייִדן. ענדלעך האָט אים דער חשבון פֿאַרמאַטערט און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט האָבן די פֿאָר גילדן אין האַנט, וועט

[21] ס׳וועט גענוג זיין. — [22] און אפשר וועט זיין קנאַפּ?

אים גרינגער זײַן צו באַרעכענען, ווי אַזוי אַלץ אײַנקויפֿן. נאָך דעם באַשלוס איז פֿון אים ווי אַ משׂא אַראָפּ.

***

אַז ער איז מיט זײַן וואָגן אַרײַנגעפֿאָרן אין אָנהייב שטעטל און דערזען די סוכות שוין באַדעקט מיט סכך, האָט זיך ווי עפּעס אָפּגעריסן אינעווייניק אין אים. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די סוכות און די הײַזער — אַלע דרייען זיך און שפּרינגען. ער האָט זיך אָבער גע־שטאַרקט און געטרייסט, אַז אַלע יאָר איז אַזוי: אַ סך זשידקעס[23] דעקן־צו פֿריִער און אַ סך — שפּעטער. דערפֿאַר איז שפּעטער טײַערער.

— דאָראָזשע וואָזמו[24] — האָט ער באַשלאָסן, און אַנגסטן האָבן אים באַשלאָגן.

ער איז געפֿאָרן ווײַטער. אויף אַ גאַניק זײַנען געשטאַנען צוויי ווײַבער, איינע אַ יונגע און איינע אַן עלטערע. זיי האָבן געטײַט מיט די פֿינגער און געקײַכט פֿאַר געלעכטער.

— טשאַהאָ ווי סמעיעטעס[25]? — האָט אַנטאָש מיט כּעס גע־פֿרעגט.

— באָ טי טאַק ראַנאָ אוזש סכך וועזעש[26] — האָבן זיי אים לאַכנדיק געענטפֿערט.

— יאַק טאָ ראַנאָ[27]? — האָט אַנטאָש דאָס לאַכן נישט פֿאַר־שטאַנען.

— ראַנאָ... ראַנאָ...[28] — האָבן די פֿרויען געלאַכט.

— טפֿו! — האָט אַנטאָש מיט צאָרן אויסגעשפּיגן און זיך גע־לאָזט ווײַטער, טראַכטנדיק: „יאַק טאָ[29]?”... בערקע האָט אַליין גע־

---

[23] (שפּעטנאָמען) יידעלעך. — [24] איך וועל נעמען טייערער. — [25] וואָס לאַכט איר? — [26] ווייל דו ברענגסט אַזוי פרי דעם סכך צו פירן. — [27] וואָס הייסט פרי? — [28] פרי, פרי. — [29] וואָס הייסט?

זאָגט „זאַ טידזען[30]"... איך האָב דאָך אַזוי גוט געחשבונט: נאָך צוויי טעג.

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן, דערמאָנענדיק זיך אַז ער האָט פֿון יענער צײַט אָן, זינט בערקע האָט אים געזאָגט, אפֿשר ניט גוט געציילט. ער האָט פֿאַרשפּעטיקט! געוויס, געוויס! אַלע סוכּות זײַנען שוין באַדעקט מיט סכך... ער וועט בלײַבן אָן זאַלץ, אָן מאַכאָרקע, אָן זייף, אָן גאַזע...

טרויעריק האָט ער געפֿירט דאָס פֿערדל, וואָס האָט קענטיק געשפּירט דאָס גרויסע אומגליק, וואָס שטייט דאָ פֿאָר זײַן באַלעבאָס, און האָט זיך קוים געשלעפּט, אַראָפּלאָזנדיק דעם מידן קאָפּ זײַנעם.

דערווײַל האָבן די באַלעבאַטים שוין גענומען גיין ביסלעכווײַז פֿון שול, אויסגעפּוצט יום־טובֿדיק, מיט די טליתים און מחזורים אין די הענט.

דערזעענדיק דעם פּויער מיטן וואָגן סכך, האָבן זיי לכתּחילה ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, און האָבן דערשטוינט גע־קוקט איינער אויפֿן אַנדערן. נאָך זייער קוקן האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן: אפֿשר האָבן זיי אַ טעות געהאַט און פֿריִער סוכּות געמאַכט?...

— טשאַהאָ טי וועזעש?[31] — האָט אַנטאָש תּמעוואַטע אויסגע־שטעלט די אויגן.

— סכך וועזו נאַ קוטשקי. קופּיטע, האָלובייטשקי! קופּיטע[32]! — האָט ער זיך גענומען בעטן מיט אַ וויינענדיקן קול.

די ייִדן האָבן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— וואָס דאַרף מען איצטער סכך? דוריען[33] דו! עס איז דאָך שוין יום־טובֿ — האָט אים איינער געטרייסט.

נאָר אַנטאָש איז פֿון גרויס אומגליק ווי צעטומלט געוואָרן און

---

[30] אין אַ וואָך אַרום. — [31] וואָס פֿירסטו? — [32] איך פֿיר סכך פֿאַר סוכּות. קויפֿט, ליבינקע, קויפֿט! — [33] שוטה!

האָט געשריִען קראַנצנדיק זיך אין דער פּאַטילניצע, און האַלב געוויינט:

— קופּיטע, קופּיטע! סאָלי טרעבאַ, מידלאַ טרעבאַ, גאַזי טרע־באַ[34]...

דער עולם יידן, וועלכער האָט אָנפאַנגס געלאַכט פון דער גאַנצער סצענע, איז ענדלעך גערירט געוואָרן. זיי האָבן באַטראַכט דאָס אָרעמע דאַרע פויערל, דערזען זײַן פאַרצווייפלט פּנים און אַ געפּיל פון מיטלייד האָט זיך אין זייערע הערצער דערוועקט.

— אַן אָרעמער גוי, אַ ביטערע רחמנות! — האָט איינער אַרויס־געזאָגט, פאַרקרימענדיק מיט ווייטיק זײַן פּנים.

— ער האָט געהאַפּט, נעבעך, מאַכן גאַנצע גליקן פון דעם סכך, מיט אַ מאָל, נאַ דיר! — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— עס וואָלט געווען אַ יושר אָפּצוקויפן בײַ אים דעם סכך... — האָט נאָך איינער פאַרגעלייגט — ס'איז אַ חילול־השם.

— אום יום־טובֿ, ווי אַזוי? — האָט אַ צווייטער אָפּגעשלאָגן די פאַרלייגונג.

— עס איז אויף האָלץ וועדט דאָס געלט! — האָט איינער גע־שאַצט, באַטראַכטנדיק דעם פולן וואָגן מיט סכך.

— ווערט הײַנט, ווערט מאָרגן! אַז ס'איז יום־טובֿ...

— סאָלי ניעמאַ, גאַזי ניעמאַ... מידלאַ ניעמאַ[35]... — האָט דער פויער געזונגען זײַן לידעלע, ניט פאַרשטייענדיק וואָס די יידן ריידן אויף זייער לשון, נאָר ער האָט געפילט, אַז מען טראַכט וועגן אים עפּעס גוטס.

— שאַ! ער דאַרף גאָר קיין געלט ניט, ער דאַרף סחורה. סחורה אַן געלט מעג מען געבן אום יום־טובֿ אויך! — האָט איינער געבוירן גאָר אַ נײַע אידעע.

[34] קויפט, קויפט! מ'דאַרף זאַלץ, מ'דאַרף זייף, מ'דאַרף נאַפט. — [35] נישטאָ קיין זאַלץ, נישטאָ קיין גאַז, נישטאָ קיין זייף.

דער עולם ייִדן איז לעבעדיק געוואָרן. צווישן רעדל ייִדן האָט זיך געפֿונען אַ קרעמער, וואָס האָט געהאַט דערבײַ אַ קראָם.

— גיב אים, חיים, אַ פּאָר טעפּלעך זאַלץ מיט נאָך עפּעס דאָרטן, וואָס ער דאַרף. גיב אים אויף אַ פּאָר גילדן. אַ רחמנות! מיר וועלן אַלע לײַדן דעם היזק...

— נו, נו, מהיכא־תּיתי! — האָט זיך ר׳ חיים אָנגעכאַפּט — אַן אָרעמער גוי... טאָקע אַ רחמנות...

— אַ מצווה, אַ מצווה! ווי איך בין אַ ייִד! — האָט יעדערער פֿון עולם אים צעוואַרעמט.

חיים האָט צוגערופֿן דעם גוי, נאָך וועלכן דאָס גאַנצע רעדל ייִדן איז נאָכגעגאַנגען, האָט געעפֿנט די קראָם און האָט אים געגעבן: צוויי טעפּ זאַלץ, אַ שטיק זייף, אַ פֿלעשל נאַפֿט און צוויי פּעקלעך מאַכאָרקע.

דער פּויער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן פֿאַר שׂמחה: צי לאַכן, צי וויינען, ער איז נאָר אין שטאַנד געווען צו מורמלען:

— דזיענקויע[36]!

— נאַ טיעבע יעשטשע כאַלע[37]! — האָט אים פּלוצעם, אַז ער האָט שוין די סחורה אײַנגעפּאַקט, עמעצער אונטערגעטראָגן אַ פּאָר המוציאס[38] — דו וועסט ברענגען אַהיים.

— נאַ טיעבע יעשטשע[39]! — האָט אים נאָך איינער דערלאַנגט נאָך אַ שטיקל חלה.

— נאַ יעשטשע!

— יעשטשע!

— יעשטשע!

און מען האָט גענומען טראָגן פֿון אַלע זײַטן חלה פֿאַר אַנטאָשן. ער איז צעטומלט געוואָרן און האָט קוים געקאָנט אַרויסריידן: „דזיענקויע״.

---

[36] אַ דאַנק! — [37] נאַ דיר נאָך חלה! — [38] (אויף צו מאַכן אַ ברכה) אָפּגעשניטן. — [39] דאָ האָסטו נאָך.

דער עולם איז געווען צופֿרידן און יאַנקל לייבעס, אַ פֿריילעכער ייִדן, וואָס האָט געמאַכט יום־טובֿ פֿון דער פֿולער האַנט און אַראָפּ־געבראַכט אַ חתן צו גאַסט, האָט אים אַרויסגעטראָגן אַ גלעזל בראָנפֿן.

— נאַ, פּעיִ! אי פּאָיעזשאַי ז׳באָגאָט דאָמאָי[40]!

אַנטאָש האָט אויף דער גיך אַרײַנגעגאָסן דאָס גלעזל בראָנפֿן אין האַלדז, פֿאַרביסן מיט אַ שטיקל חלה און האָט פֿריילעך אויסגעשריִען: ניקאָלי ניע זאַבודו[41]!

— איר ווייסט, ניט קיין שלעכטער ערל... — האָט איינער פֿון דעם רעדל אַ זאָג געטאָן.

— וואָס האָסטו געוואָלט, ער זאָל דיך איצטער שלאָגן? — האָט אַ צווייטער אַ שמייכל געטאָן — — —

דער עולם איז בײַם וואָרט שלאָגן ווי אָפּהענטיק געוואָרן און מען האָט זיך גענומען ביסלעכווײַז פֿונאַנדערגיין.

---

40 נאַ, טרינק! און פֿאָר, מיט גאָטס הילף, אַהיים! — 41 כ׳וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן!

# דער ייִד וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם טעמפּל

אין דעם קליינעם ווילעדזש[1] ווו איך האָב זיך געפֿונען אויף מײַן וואַקאַציע, איז דער אַמעריקאַנער בירגער העברי ראָוז געווען מײַנער אַ שכן. דאָס הויז, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, איז געשטאַנען נעבן מײַן האָטעל. ער וווינט שוין אין דעם דאָזיקן ווילעדזש שיינע עטלעכע יאָר, מאַכט גרינג זײַן לעבן און האָט אַ סך צײַט צו פֿאַר־ברענגען.

אמת, ניט מיט יעדערן וועט ער פֿאַרברענגען. ער איז שטאָלץ מיט זײַן אַמעריקאַניזם, קען כּמעט אויף אויסנווייניק דעם טעקסט פֿון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, קען די נעמען פֿון אַלע סענאַ־טאָרן און פֿון די געהויבענע רעפּובליקאַנישע קאָנגרעסלײַט, און רופֿט זיי אַפֿילו הינטער די אויגן מיטן טיטל „האָנאָרייבל[2]". זעלבסטפֿאַר־שטענדלעך, אַז פֿון אַמעריקע האַלט ער זייער שטאַרק און לאָזט אויף אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס ניט פֿאַלן קיין שטויבעלע.

אַ גליק איז, וואָס העברי ראָוזן איז נאָך אַלץ לײַכטער צו ריידן ייִדיש איידער ענגליש. דערפֿאַר רעדט ער מיט מיר טאַקע מאַמע־לשון. נאָר אַז דער געשפּרעך קומט־פֿאָר דרויסן און אַז אַן אמתער אַמעריקאַנער גייט־פֿאַרבײַ, האַקט ער איבער דעם שמועס און גריסט זיך אויף אַ ריינעם ענגליש מיטן דורכגייער:

— האַו דו יו דו, מ״ר נעלסאָן? וועריִ נײַס דיי... באָט מעי בי ט'וויל ריין לייטער[3]... אָפּגעזאָגט דעם פּסוק און באַקומענדיק פֿון דעם אמתן אַמעריקאַנער אַ צושטימונג, אַז „יעס" צי „מעי בי"[4],

---

[1] דאָרף. — [2] הויכוווערדיקער. — [3] וואָס מאַכט איר, הער נעלסאָן... זייער אַ שיינער טאָג... ס'קען זײַן, אַז שפּעטער וועט רעגענען... — [4] מעגלעך.

וועגדט ער זיך שוין ווידער צו מיר אויף ייִדיש און דערקלערט מיר, ווער דער נעלסאָן איז און ווי אַזוי ער איז מיט אים באַפֿרײַנדט. נאָך דעם דערציילט ער מיר, אַז איבער הויפּט לעבט ער זייער גוט מיט די אַמעריקאַנערס.

זיי זײַנען זייער פֿײַנע מענטשן.

און ער זאָגט מיר נאָך דעם אַ סוד אויפֿן אויער:

— בעסער ווי אונדזערע ייִדן...

קען מען דאָך מיינען, אַז העברי ראָוז איז, חלילה, אַ שׂונא־ישׂראל. מוז מען אים גלײַך רעהאַביליטירן פֿון דער דאָזיקער באַשולדיקונג. פֿאַרקערט, ער איז אַן אוהבֿ ישׂראל. אָבער טאַקע נישט געקוקט אויף זײַן ליבע זעט ער אויך זײַנע חסרונות.

דער ערשטער חסרון זייערער איז, וואָס זיי אַמעריקאַניזירן זיך שווער.

— זייער שווער! — זיפֿצט ער אַרויס און מ׳זעט ממש, אַז עס קאָסט אים אַ שטיק געזונט.

איך בעט בײַ אים אַ בײַשפּיל, ווײַל מיר דאַכט זיך, אַז די ווײַ־לעדזש־ייִדן זײַנען שוין צו פֿיל אַמעריקאַניזירט.

ברענגט ער מיר לדוגמא אַ מעשׂה מיט אַ טעמפּל.

די מעשׂה מיט דעם טעמפּל איז אַזאַ:

אין ווילעדזש האָבן זיך אָנגעקליבן עטלעכע צענדלינג ייִדישע פֿאַמיליעס. האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען מוז האָבן עפּעס אַ שטיקל הײַזל פֿאַר „גאָטעסדינסט״... מען מעג זיך טאַקע זײַן ניט פֿרום, אָבער עס פּאַסט ניט פֿאַר די גויים. זיי האָבן זייער קירך, דאַרפֿן מיר האָבן אונדזערע. נאַטירלעך, העברי ראָוז מיינט ניט אַ קלויז „ווי אין יוראָפּ דאָרטן״, נאָר אַ קליין טעמפּעלע, אויפֿן אײדעלן וועג. אַנשטאָט אַ חזן — אַ קאַנטאָר; אַנשטאָט אַ רבֿ — אַ ראַבײַ אד״גל.

אין געלט איז דווקא ניט קיין מניעה. אַלע ייִדן זײַנען קיין עין־הרע ניט...

מ׳האָט געקויפֿט אַ שטיקל פּלאַץ פֿון אַ חשובֿן אַמעריקאַנער

בירגער, וואָס ווי באַלד פֿאַר אַ ייִדישער „טשוירטש״ [5], האָט ער פֿאַר זייער ביליק אָוועקגעגעבן... אויסגעבויט אַ שיינעם, קליינעם טעמפּל. ער האָט אויסגעזעזן פֿון דרויסן כּמעט ווי זייערער, אויפֿן אַמעריקאַנער אופֿן. אינעווייניק איז עס געווען מעשׂה סינאַגאָגע. נאָר ראָוז האָט עס גערופֿן טעמפּל, ווי ער גערעדעט נאָך אין די גרויסע שטעט אין אייראָפּע, אין די העכערע קלאַסן.

— וואָס זשע איז דער חילוק פֿון אַ טעמפּל ביז אַ קלויז? — שטעלט מיר העברי ראָוז אַ פֿראַגע און ענטפֿערט גלײַך אַליין:

— אין אַ קלויז דאַוונען אַלע מיט. אין אַ טעמפּל אָבער לאָזט מען עס דעם קאַנטאָר און דער עולם — אָדער ער שווײַגט, אָדער אַז איינער וויל זיך שוין דווקא ניט פֿאַרלאָזן אין גאַנצן אויפֿן קאַנטאָר, זאָגט ער מיט, אָבער אין דער שטיל, עס זאָל ניט ווערן קיין טומל.

און אַזוי איז טאַקע געווען אַ פּאָר יאָר. מען האָט פּשוט מורא געהאַט בײַם „גאָטעסדינסט״ צו עפֿענען דאָס מויל. עס פּאַסט ניט. עס איז דאָך, ווי זאָגט איר, אַ טעמפּל.

מאַכט זיך אָבער און אין אַ שיינעם זומער מופֿט [6]־אַרײַן אין ווילעדזש אַ ייִד מיט אַ באָרד, טאַקע פֿון יענע אמתע אייראָפּעיִשע ייִדן, און עפֿנט זיך אויף אַ סטיישאָנערי [7] און ווערט דאָ אַ תּושבֿ. קיין בירגער איז ער טאַקע ניט, נאָר אַ תּושבֿ יאָ. איר פֿאַרשטייט? פֿאַרשטיי איך שוין, אַז פֿון דעם ייִדן וועלן מיר דאָ קיין כּבֿוד ניט האָבן...

מילא, די באָרד ווי די באָרד. אמתע יענקיס טראָגן אויך בערד, כאָטש זייערע בערד זײַנען עפּעס בכּבֿודיקערע... נאָר וואָס דען? דער דאָזיקער ייִד קומט צו גיין אין טעמפּל און פֿרעגט אים בחרם דעם חילוק פֿון אַ טעמפּל ביז אַ שול!...

דער קאַנטאָר לאָזט־אויס, הייבט ער אָן מיט אַ ניגון ווי אין

---

[5] „קלויסטער״. — [6] ציט זיך אַריין. — [7] פּאַפּיר־געשעפֿט.

איישישאָק... עס איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן. ער הרגעט־אַוועק דעם טעמפּל.

גיי איך צו צו אים נאָך „גאָטעסדינסט” און באַמערק אים איידל, אין ייִדיש:

— מיסטער! — זאָג איך — דאָס איז אַ טעמפּל, ניט קיין בית־מדרש... דאָ איז ניט אָנגענומען הויך צו דאַוונען...

שמייכלט ער און ענטפֿערט:

— אַז מען קען מאַכן אין אַמעריקע פֿון אַ טשוירטש אַ שול, מעג מען פֿון אַ טעמפּל אַ בית־מדרש אַוודאי מאַכן.

און מיינט איר, ער האָט ניט אויסגעפֿירט? ער האָט שוין געהאַט אַזאַ כּוח אין זיך. ווי ער פֿלעגט אַ געשריי טאָן מיט זײַן היימישן ניגונדל „ברוך שאָמר” [8] — האָט זיך דערוועקט בײַ נאָך איינעם דער חשק, בײַ אַ דריטן, בײַ אַ פֿערטן; פֿריִער אַ ביסל פֿאָרזיכטיק, שטי־לער; נאָך דעם העכער, העכער... ביז עס איז געקומען צו די הללויהס און נאָך דעם צו קריאת־שמע — איז געוואָרן אַ יעלה, ווי אין אַן אמתן בית־מדרש... און צו חזרת הש״ץ האָט זיך אויך דער קאַנטאָר פֿאַרגעסן, אַז ער זינגט פֿון זולצערס סידור, און איז אַוועק אויפֿן היימישן אופֿן, מיט דעם אמתן ניגון...

איצטער איז אויס טעמפּל: מען דאַוונט פֿליין [9], ווי אין דער היים: מען שרײַט, מען שאָקלט זיך און צו „עלינו” שפּײַט מען אַפֿילו אויס...

1917

---

[8] (סידור) פֿון טעגלעכן דאַוונען, פֿון פּסוקי דזמרה. — [9] אין גאַנצן, פֿול־שטענדיק.

# אייזן

אַ קליינע אינטימע געזעלשאַפֿט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון פֿינף מענער אין עלטער פֿון דרײַסיק ביז פֿינף און דרײַסיק יאָר, האָט געפֿירט אַ געשפּרעך פֿון מיסטיציזם, ספּיריטואַליזם און וועגן ענלעכע ענינים פֿון העכערע מאַטעריעס, ביז זיי זײַנען ענדלעך אַרויפֿגעקומען אויף דער טעמע וועגן דער באַדײַטונג פֿון ווערטער.

איינער פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַ הויכער, מאָגערער ברונעט, מיט שוואַרצע, ברענענדיקע און פֿאַרבענקטע אויגן, מיט שוואַרצע לאָקן, צעוואָרפֿן אין חנעוודיקער אומאָרדענונג אויפֿן שטערן, איז בײַ דער דאָזיקער טעמע ווי לעבהאַפֿטיקער געוואָרן, האָט אומגעדולדיק אויסגעהערט די מיינונגען פֿון די איבעריקע און געבעטן די דערלויבעניש צו דערציילן אַ קורצן עפּיזאָד פֿון זײַן נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט.

— דערוואָרט נישט עפּעס העכסט אינטערעסאַנט! — האָט ער אָנגעהויבן אַ ביסל שעמעוודיק און זײַן שטים האָט עטוואָס געציטערט — וואָס איך וויל אײַך דערציילן, דאָס איז אַ קורצע אומבאַדײַטנדיקע פּאַסירונג אין מײַן לעבן. די פּאַסירונג אַליין וואָלט שוין לאַנג פֿאַרשווינדן געוואָרן פֿון מײַן זכרון, ווען נישט אַ וואָרט, וואָס ליגט דאָרט אַזוי טיף באַהאַלטן. הערנדיק דאָס וואָרט פֿון אַן אַנדערן אָדער אַליין דערמאָנענדיק עס, ווערט מיר מאָדנע באַנג און מיר דאַכט, אַז דאָס וואָרט האָט פֿאַר מיר אַ סימבאָלישע באַדײַטונג. דאָס וואָרט איז אײַזן...

— אײַזן? — האָבן מיר, די איבעריקע, ווי אין איין שטים אויסגעשריִען.

און איינער האָט צוגעגעבן:

— זייער אינטערעסאַנט: אײַזן! דערציילט!

— אײַזן... — האָט דער ברונעט געהיימעניספּול געפּליסטערט
— זאָגט מיר קופּער, האָט עס נישט פאַר מיר קיין באַדײַטונג. מעש?
אַ פּוסטער קלאַנג. בלעך, צין, בלײַ... אָבער אַז איר זאָגט מיר אײַזן,
ווערט מיר אַזוי באַנג, אַזוי טרויעריק...

— אָבער צו וואָס די סענטימענטאַלקייט! איך וועל אײַך דער־
ציילן. נאָר, איך בעט אײַך, דערוואַרט נישט קיין באַזונדערס. עס
איז אַ נאַרישע געשיכטע אָדער בעסער... גאָר קיין געשיכטע נישט.

— עס איז געווען מיט פינף יאָר צוריק. איך בין דעמאָלט אַלט
געווען פינף און צוואַנציק יאָר. האָב איך ביז דער דאָזיקער עלטער
צוויי מאָל געליבט און ביידע מאָל נאַריש אַנטוישט געוואָרן. איך האָב
אָבער געוואָלט ווידער ליבן און ווידער גענאַרט ווערן, און האָב גע־
זוכט ליבע אין די גרויסע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט... באַטיר־
לעך, האָב איך געוווּסט, אַז ליבע געפינט מען נישט דאָ, ווען מען
זוכט זי. די ערשטע צוויי ליבעס זײַנען צופעליק געקומען און צופע־
ליק פאַרשוווּנדן. אָבער בעת דאָס האַרץ בענקט, קוקט מען נישט
אויף חשבונות. דאָס האַרץ זוכט.

האָב איך איין מאָל אַזוי געבלאָנדזשעט אין אַ גרויסער, טומל־
דיקער ייִדישער גאַס, אַ גאַס פון קראָמען. בײַ די אָפענע טירן פון די
קראָמען זײַנען, דאָס רובֿ, געשטאַנען מיידלעך. שיינע מיידלעך. איך
האָב זיי אַלע אין די אויגן אַרײַנגעקוקט. כאָטש איך האָב געוווּסט,
אַז עס איז נישט שיין, נאָר ווידער — אַ האַרץ! ווייסט דען אַ האַרץ
צו שעמען זיך? געקוקט אין די אויגן פון די פאַרשיידענע יונגע
טעכטער און אַלע זײַנען מיר געפעלן געוואָרן און קיין איינע איז מיר
נישט געפעלן געוואָרן.

ענדלעך איז מײַן בליק געפאַלן אויף צוויי אויגן: צוויי גרויסע,
שוואַרצע, אָבער זייער קאַלטע אויגן פון אַ מיידל, וואָס איז געשטאַ־
נען בײַ אַ טיר פון אַ קראָם. איך האָב זיך מאָמענטאַל פאַרקערעוועט
צו דער שוועל. דאָס מיידל איז אַרײַן אין קראָם און האָט זיך גע־
שטעלט אויף איר פּלאַץ, מיך אָנגעקוקט און רויִק און קאַלט גע־
פרעגט:

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר?

איך בין געוואָרן מבֿולבל. איך האָב געוואָרפֿן מײַנע פֿאַרווירטע בליקן איבער דער קראָם, און ווו מײַן בליק איז געפֿאַלן, האָט ער געזען בלויז אײַזן און אײַזן... גאָט מײַנער! אַ קראָם פֿון אײַזן! איך דאַרף דאָך אַבסאָלוט קיין אײַזן נישט האָבן... וואָס זשע טו איך דאָ אין געוועלב?

— איז וואָס פֿאַרלאַנגט איר? — האָט דאָס מיידל ווידער רויִק, אָבער שוין שטרענגער, געפֿרעגט.

— אײַזן! — האָב איך אויסגעפּראַלט...

— אײַזן? — האָט זי קאַלט געשמייכלט און אירע שוואַרצע אויגן האָבן ווי מיט אײַזן געגלאַנצט — גוט, עס איז אַ קראָם פֿון אײַזן. וואָס ברויכט איר אָבער?

איך האָב ווידער געוואָרפֿן ווילדע בליקן. מײַן בליק איז ענדלעך געפֿאַלן אויף אַ האַמער, אַ שווערן האַמער, דער שפּיץ אַ ביסל פֿאַרזשאַווערט... איך האָב אויסגעפּראַלט פֿאַרווירט:

— אַ האַמער...

— אָט אַזוי רעדט... — איז זי ווייכער געוואָרן — אַ האַמער, פֿאַרשטיי איך... זי האָט מיר שמייכלענדיק דערלאַנגט דעם האַמער.

— איר האָט זעלטן שיינע אויגן!

— איר קויפֿט דאָך אײַזן... — האָט זי שטרענג באַמערקט.

— אײַזן... אײַזן... — האָב איך איר נאָכגעקוקט, געקוקט אין די גרויסע, שוואַרצע אויגן און געפֿרעגט — וואָס קאָסט אָט דער האַמער?

— דער האַמער קאָסט נישט פֿיל... — האָט זי שוין גאָר ווייך גערעדט — דער האַמער קאָסט דרײַסיק קאָפּיקעס...

— טאַקע ביליק! — האָב איך אויסגערופֿן באַגײַסטערט... — זייער ביליק.

— נו, טאָ באַצאָלט און נעמט עס! — איז זי געוואָרן ווידער שטרענג און איר יעדעס וואָרט האָט געקלונגען דומפּ, ווי אײַזן וואָלט זיך אין אײַזן געריבן...

איך האָב אַרויסגענומען אַן אַסיגנאַציע, געבעטן אַ רעשט און דערווײַל געקוקט אויף אירע אויגן.

— אַך, מײַן גאָט! ווו האָט איר גענומען אַזוינע אויגן? — האָב איך בײַ איר געפֿרעגט, בשעת זי האָט דאָס געלט געציילט.

— איר דאַרפֿט דאָך אײַזן... וואָס גייען אײַך אָן מײַנע אויגן? — האָט זי, דערלאַנגענדיק מיר דעם רעשט, טרוקן געזאָגט — אײַנפּאַקן אײַך דעם האַמער?

— פּאַקט־אײַן, אַוודאי... פּאַקט־אײַן!

זי האָט קאַלט און רויִק געוויקלט דעם האַמער, פֿאַרבונדן אים מיט אַ שוואַרצן פֿאָדעם, דערלאַנגט מיר — און זי איז אַרויס צו דער טיר...

איך בין אַרויס פֿון קראָם, ווי איך וואָלט די גרעסטע נאַרישקייט אָפּגעטאָן... דעם האַמער האָב איך געהאַלטן אונטערן אָרעם, ער האָט מיר געקילט דאָס בלוט, און דאָך איז מיר געווען אַזוי הייס, אין די שלייפֿן האָט מיר געקלאַפּט, פֿאַר די אויגן האָט מיר געפֿינטלט און דער האַמער איז מיר געווען אַזוי שווער, אַזוי שווער...

איך בין געקומען אין מײַן איינזאַם צימערל. עס איז שוין געווען עלף אַ זייגער אין אָוונט. דעם האַמער האָב איך פֿונאַנדערגעפּאַקט, אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און באַטראַכט אים.

אויפֿן טישל איז געלעגן אַ בילד, אַן אַלט בילד. אַמאָל איז עס געווען צוגעשלאָגן צו אַ וואַנט, נאָר די לעצטע צײַט האָט עס זיך אַרומגעוואַלגערט... איך האָב זיך געמאַכט פֿאַרוואָרפֿן, וואָס איך בין נישט קיין באַלעבאָס, אַלץ גייט בײַ מיר לאיבוד... און דאָס בילד איז דאָך אַזוי שיין...

— יאָ, דאָס בילד וועל איך צושלאָגן צו דער וואַנט...

ווו זשע נעמט מען טשוועקעלעך?

טשוועקעלעך דאַרף איך איצט נייטיק האָבן...

— אַך, ווען עס איז נישט אַזוי שפּעט, וואָלט איך געלאָפֿן צו דעם מיידל פֿון אײַזן... מאָרגן וועל איך גלײַך גיין אין קראָם...

אויף מאָרגן בין איך דאָך נישט אַזוי גיך געגאַנגען. איך האָב זיך

געשעמט און אַ ביסל ווי מורא געהאַט — אירע אויגן, אירע אויגן! מײַן גאָט! ווי זיי וועלן מיך אָנקוקן...

אָבער אַז עס איז פֿינצטער געוואָרן, בין איך ווי מוטיקער גע־וואָרן, בין פֿאַרבײַ די קראָם — זי איז בײַ דער טיר נישט געווען. איך האָב אַרײַנגעקוקט אינעווייניק — זי איז געשטאַנען בײַם פּלאַץ, ווי מע פֿאַרקויפֿט. זי האָט ווי דערפֿילט מײַנע בליקן, האָט מיך אָנגע־קוקט און קאַלט מיך דערוואַרט.

איך בין אַרײַן.

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר?

— טשוועקעס...

— דאָס קריגט איר בײַ מיר וויפֿל איר ווילט... אַ סך?...

— ניין! נאָר אַ בילד צוצושלאָגן צו דער וואַנט — זייער אַ שיין בילד, ווען איר קוקט עס אָן.

זי האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט און ווידער געפֿרעגט:

— אַ סך טשוועקעס?

— אַ טוץ... האָט איר נישט עפּעס שיינע טשוועקעלעך, באַ־גילדטע?

— ניין! גאַנץ געוויינטלעכע.

זי האָט מיר אויסגעשאָטן פֿון עטלעכע קעסטעלעך שוואַרצע שפּיציקע טשוועקעס. זיי האָבן זיך געשאָטן אַזוי קאַלט און האַרט אויפֿן טיש, און איך האָב זיי געקליבן, געקוקט אויף זייער מאָס און ענדלעך אויסגעקליבן צוועלף טשוועקעלעך.

— דרײַ קאָפּיקעס, — האָט זי זיך אָנגערופֿן און אַ גענעץ געטאָן.

— אַך, איר גענעצט!... — האָב איך זיך באַליידיקט — אײַך אינ־טערעסירט נישט דאָס לייזן...

— מער דאַרפֿט איר גאָר נישט?

— ניין! — האָב איך אָפּגעהאַקט, גענומען די טשוועקעלעך, אײַנגעוויקלט אַליין אין אַ שטיקל פּאַפּיר, געוואָרפֿן אויף איר אַ בליק, דערנאָך אויף דער קראָם און, נישט קענענדיק אַוועקגיין, געפֿרעגט:

— אויסער אײַזנוואַרג האָט איר גאָר נישט?...

— בלויז אײַזן! — האָט זי געענטפֿערט.

איך בין אַרויס.

איך בין אַוועק אַהיים, גענומען דאָס בילד און צוגעשלאָגן עס מיט פֿיר טשוועקעלעך צו דער וואַנט. די איבעריקע אַכט האָבן זיך יתומדיק געוואַלגערט אויפֿן טיש.

אַלזוי, דעם האַמער מיט די טשוועקעלעך האָב איך שטאַרק נייטיק געהאַט — האָב איך זיך געטרייסט — דאָס בילד איזווירקלעך שיין, עס הענגט איצט, פּונקט קעגנאיבער מײַן בעט. איך וועל ליגן, איידער איך וועל אַנטשלאָפֿן, און קוקן... דאָס בילד איז פּראַכטפֿול...

— אָבער מאָרגן?... מער ווי אײַזן געפֿינט זיך נישט אין קראָם... איך האָב באַטראַכט מײַן טיר... אַבסאָלוט אָן אַ ברעקל שלאָס... די ווירטין פֿאַרזיכערט אַפֿילו, אַז גנבֿענען וועט מען נישט... אָבער ווער קאָן עס גלייבן?... אין צימער ליגן בײַ מיר אַזוי פֿיל נייטיקע פּאַפּירן און מײַן אָנצוג איז אויך עפּעס ווערט... דער צימער מוז בײַ מיר פֿון הײַנט אָן זײַן פֿאַרשלאָסן... אַך, מײַן גאָט, ווי אַזוי האָב איך עס גאָר ביז הײַנט צוגעלאָזן אָן אַ שלאָס?...

אויף מאָרגן האָב איך קוים דערלעבט עס זאָל פֿינצטער ווערן (מאָדנע, פֿאַר דער ליכטיקייט האָב איך נישט געהאַט קיין מוט אַרײַנצוגיין).

דאָס מיידל איז אין קראָם געשטאַנען אין גאַנצן ווי אויסגעגאָסן פֿון אײַזן, נאָר די צוויי שוואַרצע אויגן האָבן קלוג און רויִק געקוקט אויף מיר און זיך באַוועגט:

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר?

— איך ברויך אַ שלאָס...

— דאָס קריגט איר בײַ מיר...

—איך בעט אײַך — האָב איך ווי ווײנענדיק אויסגערופֿן... איר האָט אַזוינע זעלטענע אויגן... און אַז נישט קיין שלאָס?...

זי האָט מיך קאַלט אָנגעקוקט און געפֿרעגט:

— ווילט איר אַ גרויסן אָדער אַ קליינעם?...

— אַ גרויסן, זייער אַ גרויסן... מײַן צימער געפֿינט זיך אויף אַ געפֿערלעכער גאַס... איר פֿאַרשטייט... איך מוז האָבן אַ גוטן שלאָס!

זי האָט מיר דערלאַנגט אַ גרויסן, שווערן שלאָס. איך האָב אים אַהיימגעבראַכט און אַנטציקט אויסגערופֿן:

— אָט אַזאַ שלאָס האָב איך ווירקלעך געדאַרפֿט האָבן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט אָפּגעהאַקט, אָנקוקנדיק די געזעלשאַפֿט, און צוגעגעבן, ווערנדיק שוין אַ ביסל בלאַס:

— איך וועל אײַך לאַנג נישט אויפֿהאַלטן. פֿאַר אײַך קאָן זײַן די געשיכטע נאַריש... אפֿשר פֿאַר מיר אויך. אָבער אין פֿאַרלויף פֿון אַ מאָנאַט צײַט האָט זיך מײַן צימער פֿאַרוואַנדלט אין אַן אײַזן־געשעפֿט. דאָרט האָט זיך געפֿונען פֿון כּל המינים: שערעלעך, מע־סערס, צוואַנגען, שלעסער און שליסלען און, צו לעצט, שטיקער אײַזן, סתּם שטיקער אײַזן... דאָס האָב איך יעדן טאָג אײַנגעקויפֿט אַ נײַע אײַזערנע זאַך... די גאַנצע וועלט האָט מיר דעמאָלט אויסגעזען אַזוי האַרט און קאַלט און טרוקן ווי אײַזן. און עד־היום האָב איך אַ גרויסן אינטערעס אין אײַזן...

ער איז שטיל געבליבן און אין צימער האָט געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט.

1912

# אַן איבעריקער מענטש

צו גרינשפּאַנען אין הויז האָט די לעצטע צײַט אָנגעהויבן אַרײַנקומען אין די אָוונט־שעהען אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ צעקנייטשטן פּנים, טיף אײַנגעגראָבענע אויגן, אָבער מיט אַ זייער גוטן שמייכל אויפֿן צעקנייטשטן פּנים. איבער הויפּט איז דער שמייכל געלעגן אין די אײַנגעגראָבענע בלויע אויגן. גרינשפּאַן, אַליין אַ לענדלאָרד [1], האָט געהאַט פּינקטלעכע טענענטס [2]. דערפֿאַר איז זײַן אַרבעט באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס יעדן ערשטן פֿלעגט ער אַרײַנגיין צו די לאָקאַטאָרן אָפּנעמען דאָס דירה־געלט און נאָך דעם פֿלעגט ער ווידער זיצן אַ רויִקער אין דער היים אָדער דורכגיין זיך צוליב דעם געזונט, ער זאָל פֿון לײדיק זיצן נישט ווערן צו פֿעט.

אָט דער גרינשפּאַן האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן גאַסט מיט אַן איראָנישן בליק און האָט פֿון אים נישט געהאַלטן. נאָר אַזוי ווי זײַן עלטערער זון, אַ קאָלעדזש־באָי [3], וויל דווקא, אַז דער מאַן זאָל יאָ אַרײַנקומען, וויל ער זיך מיטן זון נישט קריגן...

פֿאַר נײַגעריקייט האָט ער זיך מיטן מאַן אַ מאָל צערעדט, געוואָלט אָנטאַפּן בײַ אים דעם דופּק. האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער מאַן האָט אַ סך מלאָכות און ווייניק ברכות. ערשטנס איז ער אַ דערפֿינדער. ער האָט עפּעס אויסגעפֿונען אַזאַ מין מעסער, וואָס שנײַדט אַליין, אָן דער הילף פֿון אַ מענטשן. די דאָזיקע דערפֿינדונג האָט בײַ אים אַ שלאָסער אויסגעאַרט. איצט איז דער שלאָסער געוואָרן אַ גבֿיר...

— און איר — האָט גרינשפּאַן אויסגעכאַפּט — זײַט אַ קבצן...

---

[1] (ענגליש) הויזווירט. — [2] לאָקאַטאָרן. — [3] אַ תּלמיד פֿון מיטלשול.

דער מאַן האָט געשמייכלט:

— עס אַרט מיך נישט... אַבי די וועלט וועט האָבן אַ נוץ...

האָט גרינשפּאַן אין האַרצן טיף געחוזקט פֿון דעם דאָזיקן שלי־מזל און האָט ווידער אים געפֿאָרשט.

איז ער דערגאַנגען, אַז דער מאַן איז אויך אַ גרויסער מאַטעמאַ־טיקער. ער האָט שוין אַפּילו געמאַכט אַ בוך איבער מאַטעמאַטיק; איין פּראָפֿעסאָר האָט אַפּילו זיך באַנוצט מיט איין פֿאָרמולע זײַנער און זי גייט איצטער אויפֿן פּראָפֿעסאָרס נאָמען...

האָט זיך דער הויזווירט שוין צעלאַכט אויפֿן קול און, אַז ער האָט זיך אויסגעלאַכט, האָט ער געפֿרעגט:

— הלמאַי שווײַגט איר? איר האָט דאָך געקענט אויפֿווײַזן, אַז עס איז אײַערע, ווי הייסט עס... פֿאָרמע...

— פֿאָרמולע... — האָט דער מאַן פֿאַרראָכטן.

— זאָל זײַן פֿאָרמולע... וואָס איז דער אונטערשייד? אַבי עס איז אויף יענעמס נאָמען און יענער מאַכט אַוודאי געלד פֿון איר...

דער מאַן האָט אָפּגעווענדט:

— געלד מאַכט ער ניט, אָבער ער האָט אַ גרויסן נאָמען...

— אַ נאָמען איז געלט... — האָט דער הויזווירט געמוסרט — איין קלייניקייט, אַ נאָמען!...

— מיר גייט עס נישט אָן שטאַרק... אַבי די פֿאָרמולע איז אַנט־דעקט געוואָרן... פֿאַר דער וועלט איז נישט קיין אונטערשייד, ווי עס הייסט דער מענטש, צי גאָטליב, צי דזשאָנסאָן...

— יאָ... יאָ... — האָט גרינשפּאַן כּלומרשט צוגעשטימט און גע־קוקט אויפֿן גאַסט מיט ביטול. זײַן נײַגעריקייט איז שוין אַ ביסל שוואַכער געוואָרן. ער ווייסט שוין, הייסט עס, אַז ער איז אַ שוטה. דאָך האָט ער, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אויסגעגענעצט און אויסגעבראָכן מיט אַ קנאַק די פֿינגער, אַ פֿרעג געטאָן:

— אַ באַווײַבטער?

דער מאַן האָט פֿאַרשעמט אַ שמייכל געטאָן:

— צום גליק... אַ פֿרײַער... איך האָב נישט קיין צײַט און קיין געדולד... איצט בין איך פֿאַרנומען מיט אַ נײַער אַרבעט: איך זעץ־איבער אַ פֿילאָסאָפֿיש ווערק פֿון אַלט־גריכיש אין ענגליש...

— אַ רעכטער משוגענער... — האָט גרינשפּאַן אַ טראַכט געטאָן.

און אַז דער גאַסט איז אַוועק, האָט ער צוגערופֿן זײַן זון, דעם קאָלעדזש־באָי, און געפֿרעגט:

— וואָס האָסטו צו טאָן מיט דעם שלימזל? ווי קומסטו צו אים?

— וואָס האָב איך מיט אים צו טאָן? — האָט דער יונגער גרינשפּאַן געענטפֿערט — ער העלפֿט מיר אַרויס אין דער דיסערטאַציע.

— אַזוי? — איז דער פֿאָטער שוין מרוצה געוואָרן און זיך פֿאַרטיפֿט — אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש...

און נאָך אַ קליינער פּויזע האָט ער ווי פֿאַר זיך אַליין אַרויסגעמורמלט:

— צו וואָס לעבן אַזוינע, ווייס איך נישט... אַן איבעריקער מענטש!

און ער האָט זיך מיט רחבֿות און מיט שטאָלץ געווענדט צום ווײַב:

— ס'איז נאָך דאָ אַ גלאָז טיי? ברענג־אַהער, וועל איך אָפּטרינקען און גיין שלאָפֿן...

און אָפּזיפּצנדיק צופֿרידן, האָט ער צוגעגעבן:

— דער אָוונט ציט זיך אַזוי לאַנג... עס איז גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן...

## די ירושה

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק זרח און גנעסיע האָבן זייערע לעצטע יאָרן דערלעבט ביי זייער עלטערן זון חיים. דאָס איז געווען אַ ייִד אַ הויכער און אַ מאָגערער, מיט פייכטע אויגן און אַ שפּיציקן געלן בערדל, וואָס איז שוין דורכגעוועבט געווען מיט פאַסן גרויע האָר. חיימס ווייב, עלקע, איז געווען פון איין וווקס מיט איר מאַן, הויך און דאַר, און אויך ביי איר זיינען שוין גרוי געוואָרן אַ פּאָר פון די עטלעכע האָר, וואָס זי האָט געהאַט אונטערן קין. אָבער אין פאַרגלייך מיטן אַלטן פּאָרפאָלק זיינען זיי געווען נאָך יונגע־לייט, און חיים מיט עלקען האָבן ערשט גערעכנט אָנצוהייבן צו לעבן, ווען דאָס אַלטע פּאָרפאָלק וועט אָוועקשטאַרבן...

אמת, קיין סך פּלאַץ האָט דאָס אַלטע פּאָרפאָלק, חיימס פאָטער און מוטער, נישט פאַרנומען. דאָס אַלקערל, וואָס זיי פאַרנעמען די לעצטע פּאָר יאָר, איז אַזוי קליין, אַז פיל געראַמער קאָן נישט ווערן אין הויז, אַפילו ווען חיים מיט עלקען זאָלן דאָס אַלקערל פאַר זיך צו־נעמען. דער עיקר חשבון איז געווען דאָס בעטגעוואַנט. דאָס אַלטע פּאָרפאָלק האָט געהאַט אַ סך בעטגעוואַנט און ביי זייער לעבן האָבן זיי עס פעסט געהאַלטן ביי זיך. עלקע האָט שוין אַפילו אַ מאָל גע־פּרוווט צונעמען אַ קישן, האָט עס אָבער די אַלטע גנעסיע גלייך, גיי־ענדיק שלאָפן, באַמערקט און געמאַכט קולות:

— שוין ווילט איר אונדז ירשענען?... וואַרט, קינדערלעך... עס וועט אייך אַלץ בלייבן...

און דער אַלטער זרח האָט פון זיין זייט צוגעברומט:

— זיי האָבן קיין צייט ניט... עס ברענט ביי זיי...

און עלקע, וועלכע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע ליידנשאַפט צו בעטגעוואַנט, האָט אַ בייזע און אַ צערייצטע געמוזט אַליין אַריינטראָגן צוריק דאָס קישן אין אַלקערל און נאָך געמוזט ליבלעך שמייכלען:

— הענ׳ אַ ביסל... ווער דאַרף אײַער בעטגעוואַנט?... צוליב דעם בעטגעוואַנט מעגט איר נאָך לעבן אַ הונדערט יאָר...

אָבער אויסער דעם בעטגעוואַנט האָבן די אַלטע־לײַט נאָך פֿאַרמאָגט אַ סך קופּערנע געשיר, קופּערנע טעפּ און פֿאַנען. אמת, דאָס דאָזיקע קופּערוואַרג איז געלעגן אין גנעסיעס שאַפֿקע, טאַקע אין אַלקערל, און ווען זי פֿלעגט דאַרפֿן אַ טאָפּ צי אַ פֿאַן, פֿלעגט זי מוזן אַרײַנגיין אין אַלקערל עס נעמען...

חיים ווידער, ווי אַ ייִד אַ למדן, האָט שטאַרק געוואָרט אויפֿן טאַטנס ספֿרים. דער טאַטע, אַליין ניט קיין למדן, האָט זײַן גאַנץ לעבן געהאַלטן אין איין קויפֿן ספֿרים, אַזוי אַז עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ גאַנצע שאַנק, אָנגעפּאַקט מיט פּאָליצעס. אויף די אייבערשטע פּאָליצעס איז געשטאַנען דער ווילנער ש״ס, געבונדן אין אַ שטאַרקן לעדערנעם אײַנבאַנד. אויף דער מיטלסטער פּאָליצע איז געווען שטאָלץ און מאַיעסטעטיש אויסגעשטעלט דער תּנך מיט די צוויי און דרײַסיק פּירושים אין צוועלף חלקים. דער דאָזיקער תּנך איז ווערט געווען אַ סך געלט, ווײַל ער האָט געהאַט אין זיך דעם פּירוש פֿון אַבֿרהם אבֿן־עזרא. און אָט צוליב דעם תּנך האָט טאַקע חיים מורא געהאַט, עס זאָל אַ מאָל נישט אויסברעכן קיין מחלוקת מיט זײַן איינציקן ייִנגערן ברודער...

זײַן ייִנגערער ברודער יוסף איז געווען אַ האַלב אויפֿגעקלערטער. אַז ער פֿלעגט אַ מאָל קומען געוויר ווערן די אַלטע טאַטע־מאַמע, פֿלעגט ער גלײַך, נאָכן ערשטן ברוך־הבא, זיך אָפּשטעלן בײַ דער שאַנק און עסן ממש מיט די אויגן דעם תּנך מיט אבֿן־עזראס פּירוש... אַ מאָל פֿלעגט ער אַ חלק אַרויסנעמען פֿון דער שאַנק, אַ בלעטער טאָן מיט ליבע און אַ מורמל טאָן:

— הײַנט קריגט מען עס שוין ניט...

און אָט דערפֿאַר, וואָס מען קריגט עס שוין ניט הײַנט, איז פֿאַר חיימען געווען נאָך מער באַוויזן, אַז יוסף מיינט צו באַקומען דעם תּנך בירושה...

ער האָט שוין אַפֿילו אַ פּאָר מאָל אָנגעהויבן צו מאַכן אַ שמועס

מיטן טאַטן, אַז דעם תּנך זאָל ער אים שענקען בײַם לעבן... ער האָט עס אָבער נישט געקאָנט אַרויסזאָגן...

נאָר איין מאָל, ווען דער אַלטער זרח איז אין אָוונט געזעסן אין זײַן אַלקערל און שטאַרק זיך צעהוסט, האָט די אַלטע גנעסיע, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אויסגעהוסט, זיך געווענדט צו אים:

— זרח, וואָס וועט זײַן מיט דעם ביסל ירושה?... דו האָסט שוין געדאַרפֿט אַרײַנגיין צום רבֿ און אָפּשרײַבן דאָרטן, וואָס עס וועט בלײַבן... וואָס יוספֿן און וואָס חיימען... זאָלן זיי זיך שפּעטער נישט קריגן...

— זיי וועלן זיך שוין נאָך אונדזער טויט אַליין צעטיילן... — האָט דער אַלטער געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַרײַנגערוקט זײַן פּנים טיפֿער אין אָפֿענעם ספֿר, וואָס איז פֿאַר אים געלעגן אויסגעשפּרייט.

און אַזוי איז דער אַלטער געשטאָרבן, נישט אָפּשרײַבנדיק קיין צוואה.

נאָך דעם אַלטנס טויט האָט זיך די אַלטע גנעסיע פֿאַרבענקט נאָך אים און זי איז אויך אַוועק צו אים. אַזוי האָט זי טאַקע אויסדריקלעך געזאָגט:

— איך גיי צו זרחן...

גלײַך נאָך שבֿעה האָט עלקע אויסגערייניקט דאָס אַלקערל און דאָרטן אַרײַנגעשטעלט איר בעט.

דאָס בעטגעוואַנט, וואָס איז געבליבן פֿון די אַלטע־לײַט, האָט זי איבערגעשאָטן אין אַנדערע ציכן, אַזוי אַז אויף מאָרגן האָט דאָס אַלטע בעטגעוואַנט באַקומען אַ נײַ, פֿריש אויסזען...

נאָך דעם האָט זי זיך גענומען צו דעם קופּערוואַרג: געדונגען אַ גויע און געבעטן עס גוט אויסשײַערן, און גלײַך עס אַוועקטראָגן צום קעסלער אויסווײַסן...

חיים ווידער האָט אַוועקגעשטעלט אין דרויסן צוויי בענק און האָט אַרויסגעטראָגן אויסלופֿטערן די ספֿרים.

אַרײַנגעטראָגן די ספֿרים צוריק אין שטוב, האָט ער זיי אָנגעהויבן אויסשטעלן צוריק אין שאַנק.

באַלד אָבער איז אָנגעקומען דער ייִנגערער ברודער יוסף.

— געשטאָרבן אונדזערע עלטערן!... — האָט ער אויסגעזיפּצט נאָך דעם ערשטן גוט־מאָרגן.

— וואָס קאָן מען העלפֿן? אַלטע לײַט... — האָט חיים פֿרום גע־מורמלט.

— הלוואַי דערלעבן מיר זייערע יאָרן... — האָט עלקע געווונטשן און נישט געקאָנט באַהאַלטן בשום אופֿן דעם שמייכל, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף איר טרוקענעם פּנים.

יוסף איז אַ ווײַלע געשטאַנען, ווי ער וואָלט ניט קאָנען זיך באַ־שליסן צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס אים איז צו שווער... ענדלעך אָבער האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אָנגערופֿן:

— נו, וואָס איז עפּעס מיט דער ירושה? האָסט, חיים, אַלץ צוגע־נומען?...

— וואָס איז דען געבליבן? — האָט עלקע זיך אָנגעכאַפּט — אַ פּאָר קישעלעך מיט הינערשע פֿעדערן... קאָנסט זיי נעמען, אַז דו ווילסט...

— איך בין דיר מוחל... — האָט יוסף געענטפֿערט — כאָטש איך ווייס, אַז עס איז דווקא געבליבן אַ סך בעטגעוואַנט און נאָך עפּעס... אָבער איך דאַרף דאָס ניט... זאָל אײַך וויל באַקומען... איך וויל נאָר דעם תּנך... לאָז מיר האָבן כאָטש אַ זכר פֿון מײַן טאַטן...

חיים האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן און ניט געוווּסט גלײַך וואָס צו זאָגן. נאָך דעם האָט ער זיך געווענדט צו עלקען:

— וואָס זאָגסטו, עלקע?

עלקע האָט זיך באַטראַכט און ענדלעך באַשלאָסן:

— זאָל ער אַרויסגעבן אַ כּתבֿ, אַז ער האָט מער נישט צו דער ירושה, וועסטו אים אָוועקגעבן דעם תּנך...

— יאָ, זי איז גערעכט... — האָט חיים זיך אָנגעכאַפּט — גיב־אַרויס אַ כּתבֿ, מײַן ברודער, אַז דו וועסט קיין זאַך ניט פֿאָדערן, אַז דו האָסט צו מיר קיין טענות ניט... גיב איך דיר דעם תּנך אָוועק... אָבער טאַקע מער ניט ווי דעם תּנך... די איבעריקע ספֿרים געהערן צו מיר...

— און די פּאָר קישעלעך אויך צו אונדז... — האָט עלקע זיך

אַרײַנגעמישט — אַז אַך־און־ווי אַפּילו, וואָס דאָס זײַנען פּאַר אַ קישע־לעך... — האָט זי געשמייכלט — אָבער זאָלסט נאָך דעם קיין טענות נישט האָבן...

יוסף האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן, אָבער אַרויסגעגעבן זײַן ברודער אַ כּתבֿ, אַז ער האָט צו דער ירושה קיין שום טענה ניט, אַז ער האָט אַלץ באַקומען — און ער האָט צוגענומען דעם תּנך.

קומענדיק אַהיים, האָט ער אים גענומען בלעטערן, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס פֿאַרבאָרגענע זאַכן אין די דאָזיקע אַלטע ספֿרים.

עס האָט אויף אים אַ ווי געטאָן מיט דעם גײַסט פֿון אַלטע צײַטן. אין די אויערן האָבן אים געקלונגען די ווערטער פֿון אַמאָליקע נבֿיאים און פֿון שפּעטערדיקע גרויסע גײַסטער... און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז די ירושה, נישט בלויז פֿון זײַן אַלטן טאַטן, נאָר פֿון זײַנע אוראורעלטערן...

און ער האָט די דיקע בלעטער געבלעטערט און געבלעטערט, און מיט פֿאַראַכטונג זיך דערמאָנט אין זײַן ברודער און שוועגעריך, וואָס האָבן געירשנט דאָס בעטגעוואַנט מיט די קופּערנע געשיר...

## צוויי פריינד

מען האָט אָנגעקלונגען.

— ווער קומט עס אַזוי שפּעט? — האָט דער יונגער היימאַן אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט אויפגעעפנט די טיר.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק.

— באָריס! — האָט היימאַן פרײלעך אויסגערופן — ווי קומסטו אַהער? אַזוי לאַנג זיך נישט געזען.

היימאַן האָט דעם גאַסט באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און ענד־לעך זיך אָפּגערופן:

— ביסט אַלץ דער זעלביקער טרעמפּ!

— יאָ, דער זעלביקער! — האָט באָריס זיך גיט זשענירט און פרײַ געענטפערט — און דו, היימאַן?

— איך? — האָט היימאַן איבערגעפרעגט, נעמענדיק דעם אַלטן גוטן פרײַנד אונטער דער האַנט, און אַרײַנגעפירט אים אין זאַל — איך? זעסט דאָך...

— יאָ, איך זע... — האָט באָריס, באַטראַכטנדיק דעם רײַך מעבלירטן זאַל, צוגעשטימט — ביסט, ווי מען זאָגט, „אָל רײַט" אין אַמעריקע.

— נישט נאָר אין אַמעריקע. איך וואָלט אומעטום געווען „אָל רײַט".

— האָסט שיינע מעבל! — האָט באָריס געלויבט, וואַרפנדיק בליקן אויף דעם טײַערן דיוואַן, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ לעבע־דיקע זאַך, שטאָלץ אָנגעלענט מיטן אויסגעדרייטן רוקן בײַ דער וואַנט.

— אָ, יאָ! — האָט היימאַן זיך אָנגעכאַפּט — דאָס מעבל האָט מיר געקאָסט אַ סך געלט. איך האָב מיך לאַנג געקווען, אָבער איצט, אַ דאַנק גאָט, איז דאָס מײַנע. איך האָב עס שוין אויסגעצאָלט...

באָריס איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ, אַ קלאַפּ געטאָן אין ביינדל. דאָס ביינדל האָט אַ יאָמער געטאָן...

— אַ זעלטענע פּיאַנאָ! — האָט באָריס זיך אָנגערופֿן.

— די פּיאַנאָ איז אויך גענומען אויף אויסצאָלן... קאָסט אַ סך געלט... אָבער איצט איז זי שוין מײַנע, אין גאַנצן אָן אויסגעצאָלטע...

— ביסט אַ באַזאָרגטער מענטש! — האָט באָריס מיט אַ קוים באַמערקטן שמייכל זיך אָנגערופֿן.

— נו, אָ, גאָט זײַ דאַנק! איך קאָן מיך נישט באַקלאָגן... אָט אַלץ, וואָס דו זעסט, איז אייגענע, אויסגעצאָלטע... איצט האָב איך נאָך אויסצוצאָלן אַ שטיבל, וואָס איך האָב געקויפֿט... אָבער, גאָט צו דאַנקען, אין גיכן וועט עס זײַן אָן אייגנס... איך וועל עס שוין באַלד אויסצאָלן... איך האָב ליב אַלץ צו האָבן אייגנס...

— יאָ, יאָ, נאַטירלעך! — האָט באָריס צוגעגעבן.

באַלד האָט זיך אין דערבײַיִקן צימער דערהערט אַ שטיל אָבער לוסטיק זינגען.

— ווער זינגט עס דאָרט בײַ דיר? — האָט באָריס געפֿרעגט.

— דאָס זינגט מײַן פֿרוי... זי גרייט־פֿאָר עפּעס... זי איז זייער אַ לוסטיקע... אַך, ברודער, עס איז מיר גענוג שווער אָנגעקומען צו קריגן זי. אַ זעלטענע שיינהייט... זי האָט געהאַט אַ סך בעלנים אויף זיך... אָנפֿאַנגס האָט זי זיך פֿאַרליבט אין מיר. נאָך דעם האָט זי דערפֿאַרן, אַז איך מאַך נישט קיין סך געלט און האָט זיך פֿאַר־ליבט אין אַ צווייטן. יענער איז באמת רײַכער געווען פֿון מיר, אַ פֿאַבריקאַנט. איך האָב אָבער אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו קריגן זי צוריק. איך האָב מײַנעם אַ רײַכן צירונג־סוחר, האָט ער מיר גע־געבן אויף אויסצאָלן די בעסטע צירונג. איין בראַסלעט, וואָס איך האָב איר געגעבן, האָט אָנגעטראָפֿן איבער טויזנט דאָלער, אויסער אוירינגען, פֿינגער־רינגען, אַ קייט... אָבער איך האָב דאָס אַלץ, גאָט

צו דאַנקען, אויסגעצאָלט... און איך האָב זי גענקראָגן... איצט איז זי מײַנע, מײַנע...

און איידער באָריס האָט צײַט געהאַט עפּעס צו זאָגן האָט זיך די טיר פֿון קעגנאיבערדיקן צימער געעפֿנט און עס איז דערשינען אַ יונג, שיין אויסגעפּאַשעט ווײַבעלע. היימאַן איז מיט אַ זייער עלעגאַנטער באַוועגונג צוגעגאַנגען צו זײַן פֿרוי און, אָננעמענדיק זי פֿאַר אַ האַנט, זי צוגעפֿירט צו באָריסן און פֿאָרגעשטעלט:

— דאָס איז מײַנער אַ יוגנטפֿרײַנד: באָריס.

און ווענדנדיק זיך צו באָריסן האָט ער צוגעגעבן, קוקנדיק אויפֿן ווײַבל:

— און דאָס איז מײַן פֿרוי!

דאָס ווײַבעלע האָט חנעוודיק אַ שמייכל געטאָן און אויסגעשטעלט אויף באָריסן די שוואַרצע פֿינקלענדיקע אויגן, ווי זי וואָלט אײַנגעשטימט, אַז אַזוי איז דאָס.

דעם זעלביקן שמייכל, דוכט זיך, האָבן אויך געטאָן די פּאָר אויערינגען, וועלכע זײַנען, ווי היימאַן האָט פֿאַרזיכערט, געווען שוין אויסגעצאָלטע.

דאָס ווײַבעלע האָט מיט אַ זיסן שמייכעלע זיך אַנטשולדיקט, אַז זי האָט נאָך עפּעס צו ענדיקן אין איר צימער, און איז אַרויס. היימאַן און באָריס זײַנען ווידער געבליבן אַליין.

— און דו, באָריס? וואָס הערט זיך מיט דיר? ביסט נאָך אַלץ אַזוי?...

— איך? — האָט באָריס ווי פֿאַרטראַכטנדיק זיך אַרויסגעמורמלט — איך, ברודער, האָב נאָך גאָר נישט... נאָך גאָר נישט אויסגעצאָלט...

— ס'הייסט, ביסט נאָך אַלץ אַזוי אַ וואַנדער־פֿויגל... — האָט היימאַן מיט אַ שטילן פֿאָרוווּרף געפֿרעגט דעם פֿרײַנד, אַרײַנקוקנדיק אים מיט געפֿיל אין די אויגן.

— יאָ, ברודער! — האָט באָריס צוגעגעבן — אַלץ אַזוי...

— מיר געפֿעלט עס נישט! — האָט היימאַן ווי געמוסרט —

אָט, נעם־אַראָפּ אַ בײַשפּיל פֿון מיר... זיך אײַנגעאָרדנט... האָב אַ הויז, מעבל, אַ פּיאַנאָ, אַ שיין ווײַבל...

— און וואָס נאָך? — האָט באָריס מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל געפֿרעגט.

— וואָס נאָך? וואָס דאַרף מען נאָך אייגנטלעך? שפּעטער, האָף איך, וועט זײַן אַ קינד...

— און דאָס גאָר? — האָט באָריס איבערגעפֿרעגט.

— איז דאָס ווייניק? — האָט היימאַן זיך געוווּנדערט.

— אָ, ברודער, דאָס איז אַ סך... אַ סך... פֿאַר מיר אָבער איז דאָס גאָר נישט...

— וואָס וואָלטסטו דען געוואָלט?

— איך? — האָט באָריס ניט אָן שטאָלץ איבערגעפֿרעגט — איך וויל, די גאַנצע וועלט זאָל זײַן מײַנע!

היימאַן האָט ווי דערשראָקן אים אָנגעקוקט:

— די גאַנצע וועלט?... וואָס רעדסטו? ראָקפֿעלער, ראָטשילד האָט עס אויך נישט...

— און איך האָב עס יאָ! — האָט באָריס נאָך שטאָלצער גע־מאָלדן — איך האָב פֿון דער וועלט גאָר נישט גענומען, איך זאָל איר דאַרפֿן אויסצאָלן, און דערפֿאַר איז זי אין גאַנצן מײַנע...

און אין אַ ווײַלע אַרום, דערפֿילנדיק דעם אָפּגרונט וואָס ליגט צווישן זיי ביידע, האָבן זיך די פֿרײַנד צעשיידט.

היימאַן איז געבליבן בײַ זײַן מעבל, פּיאַנאָ און זײַן פֿרוי, און באָריס איז אַ פֿרײַער, מיט אַ זאָרגלאָזן שמייכל, אַרויסגעגאַנגען ניט ווויסנדיק אַליין וווהין...

ענדלעך איז ער אַרויס אויף אַ ברייטער אַליי, באַזעצט פֿון ביידע זײַטן מיט ביימער, און פֿון ווײַטן האָבן אים פֿריילעך צוגע־וווּנקען אַ סך פֿײַערלעך.

# יידישע און העברעישע צייטונגען אַרום דער רעוואָלוציע פון 1905 [1]

די נייע טעגלעכע צייטונג דער טעלעגראַף. — פּרץ אין רעדאַק־ציע פון וועג. — זיין חדר מיוחד. — איך לייען אים פאָר אייניקע „זאַכן". — זיינע באַמערקונגען. — זיין שוואַכקייט צו פאַרריכטן. — די פּאָגראָמען. — פּרצעס איבערזעצונג פון ביאַליקס משא נעמיראָוו. אין פרייע פערזן. — מיין פּאָגראָם־ליד. — פּרצעס בקשה צו ענדערן דאָס וואָרט „נקמה". — שלום אַש אין וואַרשע. — איך ווין ביי אים אייניקע טעג. — זיינע נייע דערציילונגען. — דאָס דערשיינען פון זיין שטעטל. — מיין רעצענזיע. — דאָס נייע יידישע טעאַטער. — כאַסיע די יתומה.

אין דער צייַט פֿון רעוואָלוציע, ווען די ייִדישע מאַסן וואַכן־אויף צום נײַעם לעבן און אַפילו דער קליינבירגערלעכער טייל ווערט אויך אויפֿגעמונטערט פֿון נײַע מעגלעכקייטן, וואַקסט דער אינטערעס צום געדרוקט וואָרט אין דער מוטערשפּראַך מיט אומגעהײַערער שנעלקייט. אַנשטאָט צו קנייטשן דעם שטערן איבער נחום סאָקאָלאָווס אַ „מאַמר ראשי" וועגן דער פּאָליטיקע פֿון טערק וויל מען לייענען די פּאַרכאַפּנ־דיקע נײַס פֿון מאָסקווער אויפֿשטאַנד, פֿון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע העלדן, אַרבעטער־פֿירערס, וועגן די באַריקאַדן אויף די מאָסקווער גאַסן. און וואָס פֿאַר אַ מעלות די העברעיִשע שפּראַך זאָל נישט פֿאַר־מעגן, און וואָס פֿאַר אַ קונצן דער גרעסטער סטיליסט אין העברעיִש, נחום סאָקאָלאָוו, זאָל ניט מאַכן אין זײַנע מאַמרים, אָבער איבערגעבן אין העברעיִש די רעוואָלוציע, אַפּילו מיט די פסוקים אויף דער פּלאַ־

[1] פון אַברהם רייזענס 3טן באַנד עפּיזאָדן פון מיין לעבן, ווילנע 1935, קאַפּיטל 57.

מענדיקער שפראַך פֿון ישעיה, עמוס און מיכה — איז אוממעגלעך. דאָס פֿאָלק דאַרשט דעמאָלט נאָך אַ לעבעדיקן וואָרט. עס וויל טאַקע באַריקאַדן ממש און ניט אַ וואָרט, געשאַפֿן אָקערשט אין רעדאַקטאָרס קאַבינעט, איבער וועלכן מען דאַרף ערשט קלערן, וואָס באַטײַט עס אין דערווירקלעכקייט — צי באַריקאַדן, צי גאָר פּיראַמידן...

דערפֿאַר טאַקע איז אין דער צײַט פֿון דער רעוואָלוציע דער טי־ראַזש און דער פּרעסטיזש פֿון דער העברעיִשער פּרעסע שטאַרק גע־פֿאַלן, אַפֿילו די הצפֿירה, וואָס האָט געהאַט אין פּוילן און איבער הויפּט אין וואַרשע אַזוי פֿיל לייענערס פֿון באַלעבאַטישן קלאַס, האָט אין די שטורעמדיקע טעג פֿון רעוואָלוציע און נאָך רעוואָלוציע אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן אין טיראַזש... ניט נאָר דער וועג, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע גופֿא, נאָר אַפֿילו דער פֿרײַנד פֿון פּעטערבורג, וואָס איז אָנ־געקומען קיין וואַרשע ערשט אויפֿן דריטן טאָג איז אין וואַרשע מער געלייענט געוואָרן ווי די הצפֿירה.

איז טאַקע אין אַ העלן פֿרימאָרגן אַרום ענדע דעצעמבער געווען געמאָלדן — אין הצפֿירה גופֿא — אַז נחום סאָקאָלאָוו הייבט־אָן אַרויס־צוגעבן אַ טעגלעכע צײַטונג אויף ייִדיש מיטן נאָמען דער טעלעגראַף און אויסער דעם רעדאַקטאָר נחום סאָקאָלאָוו, וואָס וועט אַוודאי אין איר אײַנטיילנעמען מיט זײַן שאַרפֿער פֿעדער, איז אַנאָנסירט געוואָרן ווי דער הויפּט־מיטאַרבעטער דער באַרימטער קריטיקער און פּובלי־ציסט בעל־מחשבֿות.

האָבן זיך אַוודאי די אַרויסגעבערס פֿון וועג לכתּחילה פֿאַרלוירן. ערשטנס, נחום סאָקאָלאָוו אַליין! אין דער צײַט פֿון דער רעוואָלוציע איז זײַן שטערן טאַקע אַ ביסל פֿאַרטונקלט געוואָרן, אָבער אין ייִדיש, וואָס אין דער שפּראַך, ווי מען האָט גערעדט, איז ער אויך אַ גרויסער מײַסטער, וועט ער אַוודאי צוריק אויפֿשײַנען... דערצו בעל־מחשבֿות, וועלכער האָט אַפֿילו אין די ערשטע פּאָר חדשים מיטגעאַרבעט אין וועג, אָבער נישט קענענדיק „הויזן" מיט דעם אַלטן פּרילוצקי איז ער אַ ברוגזער אַוועק צוזאַמען מיט זײַן נאָענטן פֿרײַנד, ד״ר י. וואַסערמאַן, וועלכער האָט אויך אָנפֿאַנגס מיטגעאַרבעט אין וועג. איז טאַקע די

מורא פֿאַר קאָנקורענץ געווען ניט אָן אַ גרונד. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב דער טעלעגראַף „האָט״ נחום סאָקאָלאָוו מיט בעל־מחשבֿותן, וועט דער וועג, וואָס האָט שוין געציילט צווישן זײַנע מיטאַרבעטערס אַזוינע באַרימטע נעמען ווי מ. ספּעקטאָר, ה. ד. נאָמבערג און אַנדערע, איבערראַשן מיט דעם גרעסטן — מיט י. ל. פּרצן אַליין...

י. ל. פּרץ — דער אמת מעג דאָ געזאָגט ווערן — איז ניט געווען שטענדיק אַזאַ אָנגעלייגטער מיטאַרבעטער אין אַ טעגלעכער צײַטונג, צוליב דעם וואָס זײַן סטיל איז כּלומרשט געווען נישט צוגענגלעך פֿאַר די ברייטע מאַסן. אויב מען האָט אים יאָ אײַנגעלאַדן און געדרוקט פֿריִער אין יוד און נאָך דעם אין פֿרײַנד, און אַפֿילו זיך גערימט מיט זײַן מיטאַרבעטערשאַפֿט, איז דאָס מער געווען צוליב פּרעסטיזש און אפֿשר צוליב אַ געוויסער צאָל העכערע אינטעליגענטן, וואָס די ייִדישע צײַטונגען האָבן פֿאַרמאָגט צווישן זייערע לייענערס — י. ל. פּרץ האָט די אײַנלאַדונג מיטצואַרבעטן אין וועג אָנגענומען. ערשטנס, צוליב ריין מאַטעריעלע מאָטיוון. דער קליינער געהאַלט, וואָס ער האָט באַקומען דאַן אין דער „גמינע״ האָט אים קוים געקלעקט אויף דער הוצאה, וואָס איז אַ דאַנק זײַן ברייטן קינסטלער־כאַראַקטער בכלל געווען געוויס גרויס, הגם די אים געטרײַע מאַדאַם פּרץ האָט מיט איר גרויסע ווירטשאַפֿט־פֿעיִקייטן געפֿירט דאָס הויז אַזוי, אַז פּרץ האָט פֿון מאַנגל קיין מאָל נישט געוווּסט. אויך האָט שוין דער געטרײַער פֿרײַנד זײַנער, יעקבֿ דינעזאָן, אויסגעזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו פֿאַרגרעסערן פּרצעס אײַנקומעניש... צווייטנס, האָט טאַקע פּרץ דאַן געהאַט צו זאָגן אַ רעוואָלוציאָנער וואָרט, אויף זײַן אינדיווידועלן אופֿן, און דווקא אין אַ בעלעטריסטישער פֿאָרעם. דער געהאַלט, וואָס פּרץ האָט באַקומען אין וועג, איז געווען פּאָפּציק רובל אַ וואָך — אין יענער צײַט כּמעט אַ סענסאַציאָנעלע סומע... אמת, אויסער זײַן מיטאַרבעטערשאַפֿט האָט ער אויך געדאַרפֿט רעדאַקטירן דעם בעלעטריסטישן טייל. אָבער דאָס האָט אים ניט געאַרט, נאָר אַדרבא — אינטערעסאַנטער געמאַכט זײַן מיטאַרבעט אין וועג. רעדאַקטירן צײַטונגען און לידער איז געווען, ווי איך האָב שוין געשריבן, איינע פֿון פּרצעס קינסטלערישע נייגונגען...

אָט ווי איצט געדענק איך יענעם פֿאַרנאַכט, ווען פּרץ איז אַרײַנגעקומען דאָס ערשטע מאָל אין וועג איבערצונעמען זײַן אַמט ווי אַ מיטרעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער. ניט קוקנדיק אויף זײַן הויכן שווונג און אויף זײַן בליק אויף ליטעראַטור בכלל, האָט ער דאָך ליב געהאַט רעדאַקציאָנעלע אַרבעט. עס איז בײַ אים געווען אַ מין ערנסטער שפּיל, און אפֿשר אַ שפּיל אַליין... אויסערלעך — און איבער הויפּט צווישן מענטשן — אַזוי לעבעדיק, אונטערהאַלטנדיק און אַפֿילו לעבנסלוסטיק, איז דאָך פּרץ בעצם געווען אַ פֿאַרבענקטע, צײַטנווײַז זיך לאַנגווײַלנדיקע פּערזענלעכקייט. ווי יעדן גרויסן קינסטלער האָט אים עפּעס געפֿעלט. עפּעס האָט אין די באַהעלטענישן פֿון זײַן גרויסער און רײַכער נשמה — גענאָגט. ניט איין מאָל פֿלעג איך זען פּרצן — נאָך אין די ערשטע פּאָר יאָר פֿון מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט אים — אַ טיף פֿאַרטראַכטן, אַן אומעטיקן, זוכנדיק עפּעס אַ פּונקט, וווּ זיך אָפּצושטעלן, בײַ וואָס זיך גײַסטיק אָנצוהאַלטן... אַזאַ צײַטווײַליקן נשמה־צושטאַנד פֿון אַ גרויסן מענטשן כאַראַקטעריזירט דער יונגער דיכטער א. לוצקי אין זײַן פּרעכטיק לידל:

איך בין אַ רבי,
איך אַליין דער חסיד...
און איך הער —
דער רבי וויינט
שטילערהייט...
רבי איז אַליין,
זיינע פריידן
זיינען לויטער צער...

אין די דאָזיקע אומעטיקע מאָמענטן זײַנע — און זיי זײַנען מסתּמא ניט זעלטן געווען, איבער הויפּט ווען ער פֿלעגט בלײַבן מיט זיך אַליין, — פֿלעג איך אויף אים טאַקע קוקן מיט גרויסן באַהאַלטענעם צער... די ווונדערלעך גרויסע שטראַלנדיקע אויגן זײַנע האָבן געצילט ערגעץ אין דער ווײַט... עס האָט זיך דעמאָלט געוואָלט טרייסטן דעם רבין...

זײַן ערשטער אַרײַנקום אין דער רעדאַקציע פֿון וועג — און אַרײַנגעגאַנגען איז ער אַ פֿריילעכער, אַ שמייכלענדיקער, — האָט

פֿאַרשאַפֿט אַ יום־טובֿדיקע שטימונג. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט. פּרץ אַליין האָט זיך געהאַלטן קאָלעגיאַל, הגם מיט גרויס ווערדע, גע־שמייכלט צו יעדערן מיט זײַן באַרימטן ליכטיקן שמייכל, וואָס האָט באַ־לויכטן אַלע ווינקעלעך פֿון דעם צווייטנס נשמה... מיר אַלע זײַנען גע־ווען שטאַרק צופֿרידן מיט פּרצעס אַרײַנגיין אין דער רעדאַקציע. אי־בער הויפּט איז געווען צופֿרידן דער ייִד כּהן מיט זײַן פּסעוודאָנים „אידעלע״, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל שותּף צום וועג.

אָט ווי איצט געדענק איך זײַנע ווערטער, נאָך דעם ווי פּרץ איז אַרײַן אין זײַן „חדר־מיוחד״, וועלכן מען האָט אים אָפּגעגעבן — אַ צימער פֿון די פֿיל צימערן, וואָס די רעדאַקציע פֿון וועג האָט פֿאַר־מאָגט...

— מילא, וואָס ער וועט שרײַבן פֿאַר אונדז, אָבער דער נאָמען אַליין — פּרץ — ס'איז דאָך אַ כּבֿוד פֿאַר דער צײַטונג... בפֿרט, אַז מען זאָגט, אַז „זיי״ (ער האָט געמיינט דעם טעלעגראַף) האָבן זיך פֿאַר־זאָרגט מיט גרויסע שרײַבערס... איז דאָך אַוודאי פּרץ אונדז נייטיק...

וואָס אָנבאַטרעפֿט מיך, בין איך אַוודאי געווען גליקלעך מיט פּרצעס אָנקום אין וועג. אמת, ביז זײַן אָנקום האָב איך מײַנע זאַכן, וואָס איך האָב געגעבן פֿאַרן וועג, קיינעם ניט געדאַרפֿט פֿאַרלייענען. אויב איך האָב יאָ פֿאָרגעלייענט פֿאַר דעם אַלטן פּרילוצקין, איז דאָס נאָר געווען פֿון יוצא וועגן. דער אַלטער פּרילוצקי האָט סײַ ווי סײַ ניט געהאַט קיין העזה צו פֿאַרבראַקירן מײַנע אַ זאַך, אַפֿילו ווען עס איז געווען צו רעוואָלוציאָנער פֿאַר אים... בפֿרט אַז דער אַלטער פּרילוצקי איז געווען פֿון מײַנע אָנהענגערס און ער האָט מיך אַפֿילו, אויף זײַן אופֿן, ליב גע־האַט, אויב איך האָב נאָר ניט קיין האָנאָראַר, וואָס איך פֿלעג באַקומען — ווי אין דער שטיל — פֿון דעם גוטמוטיקן, איידעלן ייִדן — כּהן. ער, כּהן, פֿלעגט אויך אַפֿילו אויסצאָלן די סומע מיט אַ זיפֿצעלע, אָבער דאָס זיפֿצעלע איז געווען ניט פֿון ענגהאַרציקייט, נאָר סתּם — אַ ייִד זיפֿצט, אַפֿילו פֿון נחת...

אָבער אַז פּרץ איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר רעדאַקטאָר פֿון דער בעלעטריסטיק, האָב איך שוין ניט געוואַגט ניט צו ווײַזן מײַנע דער־

ציילונגען פֿריִער איידער איך גיב־איבער צום דרוק... האָב איך זיך די ערשטע טעג דערפֿילט כּמעט ווי אַן אָנפֿאַנגער... אמת, פּרץ האָט יעדע זאַך מײַנע גערימט... אָבער אַז איך האָב דערנאָכדעם דערזען מײַנע אַ קליינע דערציילונג געדרוקט, שוין אונטער זײַן רעדאַקציע, אַ געענדערטע, האָב איך זיך דערפֿילט באַליידיקט... הגם קיין סך האָט ער ניט געענדערט, אָבער די פּאָר ציילן, וואָס ער האָט יאָ איבערגע־מאַכט אויף זײַן סטיל, האָט מיר פֿאַרשאַפֿט עגמת נפֿש. איך האָב זיך ענדלעך באַקלאָגט פֿאַר דעם אַלטן פּרילוצקין, און מער האָב איך שוין פּרצן מײַנע זאַכן ניט געוויזן פֿאָרויס...

בלויז איין ליד, וואָס איך האָב אָנגעשריבן וועגן די שוידערלעכע אָנצאָליקע פּאָגראָמען — וועלכע די קאָנטעררעוואָלוציע מיט דער צו־שטימונג פֿון צאַר און זײַנע מיניסטאָרן האָט אָרגאַניזירט און דורכגע־פֿירט אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך, און וואָס האָבן מיר צע־שטערט אַלע אילוזיעס פֿון דער רעוואָלוציע — דאָס דאָזיקע ליד האָב איך פֿאָרגעלייענט אויך פֿאַר פּרצן... דאָס ליד איז דווקא פֿון טעכנישן שטאַנדפּונקט געווען ניט שטאַרק געלונגען, אָבער דאָס עכטע געפֿיל, וואָס האָט געשלאָגן פֿון יעדער שורה, האָט קענטיק אויך פּרצן, ווע־מענס האַרץ די פּאָגראָמען האָבן גענוג פֿאַרוווּנדעט — אויך פּרצן דעם עסטעט גערירט... ער האָט נאָר אויסגעזעצט קעגן דער לעצטער סטראָפֿע, ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן נקמה...

זײַן געזיכט האָט זיך אַזש פֿאַרקנייטשט... און ער האָט זיך גע־ווענדט צו מיר זייער ווייך:

— כ׳בעט אײַך, צו וואָס נקמה?... עס איז זייער אַ רירנדיק ליד, אָבער דאָס וואָרט „נקמה״ מוזט איר אומבײַטן... צו וואָס נקמה?...

איך האָב אים צוליב געטאָן און פֿאַרביטן דאָס וואָרט „נקמה״ אויף דאָס גאָר נישט זאָגנדיק וואָרט „נחמה״, הגם מײַן האַרץ האָט דעמאָלט שטאַרק געדאָרשט נאָך נקמה פֿאַר די טויזנטער אומגעקומענע אין די פּאָגראָמען פֿון 1905, ווען ד׳ משרתים פֿון צאַר האָבן געפּראַוועט זייע־רע אָרגיעס... עס איז מיר געווען שווער צו פֿאַרשטיין דאַן פּרצן, וואָס אין זײַן פּריוואַטן לעבן איז ער געווען פֿיל ווייניקער רך־לבֿ ווי איך.

בפּרט, אַז דער פּסוק „נקמת דם עבדיך השפוך" איז פּרצן געווען באַ־קאַנט ווי מיר. און אויב איך בין בכלל ניט קיין נקמה־נעמער און בין אַפילו אויך אַ קעגנער פון נקמה נעמען, אָבער אין יענע טעג, לייע־נענדיק וועגן די אַכזריות, וואָס די קאָנטררעוואָלוציאָנערע קריסטן זײַנען באַגאַנגען קעגן די ייִדן אין קאַלאַראַש אַליין, האָט מען ניט גע־קאָנט זײַן אַזוי „קריסטלעך" אָדער אַזוי עטיש ייִדיש, אַז מען זאָל פון אַ ליד, וואָס האָט זיך פון האַרצן אַרויסגעריסן, דאַרפן אויסמעקן דאָס וואָרט „נקמה", אין דער דאָזיקער הייסער מינוט פון „צער און צאָרן"...

פּרץ אַליין האָט, ווי מיר דאַכט, אויף די דעמאָלטיקע פּאָגראָמען מיט זײַן וואָרט ניט רעאַגירט. ער, וואָס איז דאַן געווען שטאַרק מיט־געריסן פון ביאַליקס שירים בכלל און פון זײַן משׂא נעמיראָוו בפּרט, האָט אויף צו שטילן זײַן צער און צאָרן, איבערגעזעצט אָדער בעסער געזאָגט, איבערגעדיכט אין פרײַע פערזן די דאָזיקע באַרימטע פּאָעמע און זי אין פאַרזעצונגען פאַרעפנטלעכט אין די וועכנטלעכע בײַלאַגעס פון וועג. אויף דער דאָזיקער איבערדיכטונג פון משׂא נעמיראָוו האָט ער פיל געאַרבעט, מיט פלײַס און מיט גרויס באַגײַסטערונג, ווי ער וואָלט זי אויף דאָס נײַ געשאַפן. איך האָב זיך דאַן, אין דער שטיל, שטאַרק געוווּנדערט, וואָס דער גרויסער פּרץ קאָן מיט אַזאַ עניוות, שיר ניט מיט געפאַלנקייט, ריידן וועגן אַ ווערק פון אַ ייִנגערן און אפשר אַ קלענערן פון זיך, אויב ניט ווי אַ דיכטער, איז ווי אַ פּערזענלעכ־קייט... און גערעדט האָט ער וועגן משׂא נעמיראָוו מיט גרויס התפּעלות... מיך פּערזענלעך האָט משׂא נעמיראָוו, מיט דעם אויסנעם פון אייניקע געפילפולע שטעלן, ניט צופרידנגעשטעלט. דער גרויזאַ־מער טאָן און איבער הויפּט די שטראָפרייד קעגן די אומגעקומענע, דאָס אָפּשפּעטן — מעג זײַן מיט וויטיק — פון די איבערגעבליבענע, וואָס וועלן מאַכן פון זייערע מומים אַ מיטל צו שנאָרען, ווי ביאַליק האָט זיי אין זײַן גרויסער פּאָעמע חושד געווען, האָט מיך ווי באַליי־דיקט און פאַרשעמט... מער איז מיר שוין געפעלן געוואָרן — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן וועגן אַ פּאָגראָמליד — ביאַליקס אַ קלע־נערער שיר, וואָס זײַן טיטל האָב איך פאַרגעסן, אָבער אַ פּאָר פערזן

האָבן זיך אַרײַנגעשניטן אין מײַן זכרון: „נקמה כּזו, נקמת דם ילד קטן עוד לא ברא השׂטן", אָדער ענלעך דערצו... איבעריקנס, ווי מיר דאַכט, האָט פּרץ אויך דאָס ליד ביאַליקס איבערגעזעצט, ווי ער האָט איבערגעזעצט — אויך אין פּרײַען פֿערז — ביאַליקס באַרימט ליד „הכניסיני". אַגבֿ אורחא האָב איך אויך דאָס זעלביקע ליד איבערגעזעצט. איבעריקנס, האָב איך שפּעטער אויך פֿון משה נעמיראָוו געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, כאָטש די צו־שאַרפֿע שטעלן, די צו־נאַטוראַליסטישע שילדערונגען פֿון דעם פּאָגראָם, זײַנען מיר געבליבן ניט צום האַרצן.

* * *

דער קריגסצושטאַנד אין וואַרשע האָט לאַנג אָנגעהאַלטן. די לאַגע איז אַלץ שאַרפֿער געוואָרן. רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע איז געווען ווי צוזאַמענגעמישט. ליכט מיט פֿינצטערניש האָט געקעמפֿט. אָט נעמט די אייבערהאַנט דאָס ליכט... וואַרשע שטורעמט־אויף:

— אויף מאָסקווער גאַסן בויט מען באַריקאַדן. גענעראַל־שטרײַק פֿון די באַן־אַרבעטערס...

אָט לייענט מען וועגן די צעשאָסענע שטרײַקערס... אויך וואַרשע, וואָס האָט אין אַ געוויסער הינזיכט, אַ דאַנק די קאַמפּפֿעיִקע און דאַן רעוואָלוציאָנער געשטימטע פּפּ"ס[1], בונד, פּראָלעטאַריאַט, איבערגעגעשטיגן דעם מאָסקווער אויפֿשטאַנד, האָט זיך נישט געלאָזט דערדריקן אַפֿילו אונטער דער אײַזערנער ברוטאַלער הערשאַפֿט פֿון איר גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן, וואָס האָט בלוטדאָרשטיק, ווי אַ חיה, מיט דער הילף פֿון זײַנע יאָגהינט, די פּאָליציי־לײַט און סתּם שפּיאָנען, אויסגעהויערט יעדן רעוואָלוציאָנערן יונגן מענטשן אין די באַהאַלטנסטע ווינקעלעך.

טעראָר פֿון ביידע זײַטן.

אויב דער טעראָר פֿון דער רעוואָלוציאָנערער זײַט איז כאָטש

[1] פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

געווען פֿאַרשטענדלעך, הגם מיך האָט ער אויך אין די מערסטע פֿאַלן אָפּגעשטויסן, איבער הויפּט דער טעראָר קעגן דער נידעריקער פּאָ־ליציי, וואָס זײַנען שולדיקערהייט ניט שולדיק געווען און זײַנען גע־ווען בלויז ווי געצײַג אין די הענט פֿון דער העכערער מאַכט, איז אָבער דער טעראָר פֿונעם גראַף סקאַלאָן געווען ברוטאַל ביז משוגעת. פֿאַר אַ געפֿונענע פּראָקלאַמאַציע בײַ אַ זעכצניאָריקן גימנאַזיסט, ווי ס׳איז געווען דער פֿאַל מיט שפּיראָן, דעם ברודער פֿון שלום אַשס פֿרוי — האָט ער אָן דין און משפּט דערשאָסן. דערצו די טויזנטער אַרעסטירטע אין וואַרשעווער ציטאַדעל, ווו מען האָט טייל געפּײַ־ניקט מיט דער גרעסטער אַכזריות, אויף וואָס די פֿאַרלוירענע ביוראָ־קראַטיע איז נאָר געווען פֿעיִק...

דער מוט פֿון די רעוואָלוציאָנערן איז אָבער נישט געפֿאַלן. ער האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט, אפֿשר ביז 1907. ביז עס איז אָנ־געקומען די גרויסע אַפּאַטיע, די צײַט פֿון סאַנין[2], הגם עס האָבן דעמאָלט אויך נאָך געטליִעט די פֿונקען פֿון דער רעוואָלוציע בײַ די אמתע, בײַ די עכטע, און ניט אין רעוואָלוציאָנערער אַקט האָט אויפֿ־געטרייסלט, אַפֿילו אין דער גרויסער רעאַקציע, די באַרוטע געמי־טער פֿון דער בורזשואַזיע, וואָס איז שוין אַרײַן צוריק אין זאָטל און האָט זיך שוין געקליבן צוריק צו געניסן די פֿרוכט פֿון דעם רעשטל פֿרײַהייט, וואָס די ערשטע רעוואָלוציע האָט איבערגעלאָזן ספּעציעל פֿאַר איר...

אָבער איך האַלט נאָך ניט בײַ דער דאָזיקער צײַט און בכלל בין איך ניט אויסן צו שילדערן די ערשטע רעוואָלוציע. איך קער זיך אום צוריק צו דער ענדע פֿון 1905 און צום אָנהייב פֿון 1906, ווען סײַ די רעוואָלוציע, סײַ די קאָנטררעוואָלוציע האָבן אויפֿגעפֿלאַמט אין דער העכסטער אָנשטרענגונג.

---

[2] ראָמאַן פֿון רוסישן שרייבער מיכאַיִל אַרציבאַשעוו (1927-1878), אָנגע־שריבן אין 1902, אָבער געדרוקט ערשט אין 1906 און באַלד געהאַט אַ שטור־מישן דערפֿאָלג, געוואָרן אַ „פּראָגראַם”... פֿון סעקסועלער הפקרות.

ניט קוקנדיק אויף דער געפֿאַר צו גיין אין קריגצושטאַנד אין גאַס אָן אַ פּאַס, האָב איך דאָך מיט דער צײַט באַקומען מער מוט. פֿלעג איך שוין אַ מאָל בײַ טאָג זיך אַוועקלאָזן אַזש אויף די נאַלעווו־קעס צו יעקבֿ לידסקין, וועלכער איז געווען צו מיר אין יענער צײַט באַזונדערס פֿרײַנדלעך און האָט שוין אַפֿילו מיר אָנגעזאָגט, אַז ער קלײַבט זיך אַרויסצוגעבן אַלע מײַנע ווערק אין פֿיר בענד...

אויך האָב איך שוין אין די אָוונטן זיך געלאָזט גיין, דאָס רובֿ מיט נאָמבערגן און מיט נאָך גוטע ברידער, אַ מאָל אויך מיטגענומען דאָס ליבע שוועסטערל ראָזע זייפּמאַן, די שיינע רעוואָלוציאָנערקע, אין וועלכער יעדערער, אויסער נאָמבערגן, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק, נאָך איר קומען קיין וואַרשע קוים אָן אַכצניאָריקע, געווען אין דער שטיל פֿאַרליבט. זי אָבער האָט אונדזער ליבע ניט באַ־מערקט און זיך באַצויגן צו יעדערן גלײַך. זי האָט אונדז אַלעמען ליב געהאַט, ווי אַ גוט, ווילד שוועסטערל, און קיין איינער איז ניט געווען אײַפֿערזיכטיק אויף דעם אַנדערן. אין די טעג פֿון דער רעוואָלוציע — שוין אַ צוויי און צוואַנציק יאָריקע, איז זי נאָך אַלץ געווען אין וואַר־שע, אָבער זיך שוין ערגעץ געריסן מיט איר אומרויִקן גײַסט. זי פֿיגורירט אין מײַן דערציילונג די אומרויִקע און אויך אין אַ צווייַ־טער דערציילונג.

אַ מאָל פֿלעג איך זיך לאָזן איבער דער מאַרשאַלקאָווסקע, נײַע וועלט און איבער די איבעריקע רײַכע גאַסן און פּלעצער, וואָס די שיינע וואַרשע פֿאַרמאָגט. די באַוועגונג אין די דאָזיקע גאַסן איז מיט דער צײַט געוואָרן אויסערלעך נאָרמאַל, נאָר בײַ אַ טיפֿערער באַ־אָבאַכטונג — פֿאָרט געשפּאַנט. די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אין יענער צײַט גערדאַרפֿט האַלטן שטרענגער, האָבן אָבער, אָנגעשראָ־קענע פֿון די טעראָריסטישע אַקטן, וואָס זײַנען אויף זייערע „ברי־דער" פֿון צײַט צו צײַט באַגאַנגען געוואָרן, זיך שוין געהאַלטן העפֿ־לעכער און האָבן שוין ניט אַזוי שטאַרק אַכטונג געגעבן, האָבן גע־דאַנקט גאָט, אַז מען טשעפּעט זיי ניט... און אַפֿילו די מיליטערישע פּאַטרולן, וואָס אַ סך פֿון זיי זײַנען אין די ערשטע טעג פֿון קריג־

צושטאַנד באַגאַנגען גרויסע גרוילטאַטן קעגן דער פֿרידלעכער באַ־פֿעלקערונג, שוין אויך אָנגעשראָקענע און שוין אפֿשר אויך אויפֿ־געקלערטע פֿון די פֿאַרשיידענע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס מען האָט זיי אין די קאַזאַרמעס אַרײַנגעוואָרפֿן — אַפֿילו זיי זײַנען געוואָרן מיל־דער און פֿלעגן פֿאַרקוקן אַפֿילו פֿאַרדעכטיקע פּערזענלעכקייטן.

ווײַנען האָב איך נאָך אַלץ געוווינט אין וועג. אמת, שלום אַש, דערוויסנדיק זיך פֿון מײַן היימלאָזיקייט, האָט מיך איין מאָל אויף אַ חבֿרישן אופֿן מיטגענומען צו זיך אַהיים און זיך געבעטן, אַז איך זאָל ניט אַנדערש ווי נאָר נעכטיקן בײַ אים. ער האָט דעמאָלט גע־וווינט ערגעץ ניט ווײַט פֿון פּאַנסקע צוואַנציק, ווו די רעדאַקציע פֿון וועג האָט זיך געפֿונען. האָב איך טאַקע בײַ אים געוווינט אַ פּאָר טעג און ער האָט אַרויסגעוויזן צו מיר גרויס גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. די ווױנונג איז אָבער געווען אַ קליינע און שלאָפֿן האָב איך געמוזט מיט אים אין איין בעט. האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז איך מאַך אים ענג, און איך בין צוריק אַוועק ווײַנען אין רעדאַקציע פֿון וועג...

אַש איז שוין אין יענער צײַט געווען אַ דערמוטיקטער פֿון זײַנע דערפֿאָלגן. וועגן זײַן ערשטן דערפֿאָלג, אין קראָקעווער שטאָט־טע־אַטער, מיט זײַן דראַמע צוריקגעקומענע, און בכלל מיט זײַנע ווערק בײַ די פּוילישע שרײַפֿטשטעלערס, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקאַנט אין די טאַטרן[3], אין זאַקאָפּאַנע. אין זאַקאָפּאַנע זײַנען פּוילישע שרײַ־בערס געוואָרן באַגײַסטערט פֿון זײַנע שאַפֿונגען, וועלכע ער האָט פֿאַר זיי פֿאָרגעלייענט אין ייִדיש, ווי ער האָט עס געטאָן שטענדיק, אַפֿילו פֿאַר ריינהאַרדטן אין בערלין, וועמען ער האָט פֿאָרגעלייענט, שוין אין 1907, זײַן דראַמע גאָט פֿון נקמה און נאָך דעם אַפֿילו שבתי צבֿי — אין ייִדיש...

זײַן ווערק דאָס שטעטל, וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט און וואָס איז פֿריִער קאַפּיטלעכווײַז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין פֿרײַנד,

---

[3] בערג, אין דרום פּוילן, אין אַ מאָלערישער געגנט, ווו מ׳איז געפֿאָרן אויף אָפּרו, גליטשן זיך, מאָלן, פֿאַרברענגען.

האָט זיך שוין געדרוקט אין דער זעלביקער דרוקעריי, ווו עס האָט זיך געדרוקט דער וועג. פֿלעגט ער אַלע טאָג קומען מאַכן די קאָרעק־טור אָדער בעטן, אַז אַן אַנדערער זאָל פֿאַר אים עס טאָן. גענוי גע־דענק איך ניט. ווי מיר דאַכט, האָט דאָס בוך אָנפֿאַנגס געזאָלט דער־שיינען אויף זיינע הוצאות... איך געדענק בלויז, אַז אַש האָט אין וועג געלאָזט אָפּדרוקן איינציקע אַנאָנסן איידער דאָס שטעטל איז נאָך דערשינען, אַז דאָס בוך גייט אין גיכן אַרויס און ווער עס וועט ביי אים אַבאָנירן, דעם וועט עס קאָסטן ניט מער ווי 50 קאָפּיקעס. קיין בעלנים האָבן זיך אָבער ניט געפֿונען. דערזען, אַז קיין אַבאָנענטן זיינען ניטאָ, האָט אַש איבערגעגעבן דאָס שטעטל אין פֿאַרלאַג קול־טור, אין מינסק, און דאָס בוך איז שוין אַוועקגעגאַנגען אין די טויזנ־טער... אומזיסט, הייסט עס, חושד געווען דאָס ייִדישע פֿאָלק אין גלייכגילטיקייט צו זיינע קינסטלערס...

שרייבנדיק אָפּט רעצענזיעס אין וועג, האָב איך אויך רעצענ־זירט אַשס שטעטל. אַש איז פֿון דער רעצענזיע געווען צופֿרידן. איך אָבער, בין איצט מודה, האָב ניט געזאָגט דאָס, וואָס מען האָט גע־דאַרפֿט זאָגן וועגן אַזאַ גרויסן פּאָעטישן ווערק, הגם גערימט האָב איך עס גענוג, אָבער צו פֿאָרזיכטיק. קען איך מיר היינט ניט דער־קלערן יענע פֿאָרזיכטיקייט.

אין וועג האָט אַש זיך באַטייליקט ווי אַ צופֿעליקער מיטאַרבע־טער. פֿון דעסט וועגן האָט ער אין דער צייט, וואָס איך בין געווען און געוווינט אין וועג, פֿאַרעפֿנטלעכט איינציקע הערלעכע דערציילונ־גען און בילדער. איינע פֿון זיי, אַ הומאָרעסקע, צוויי אַלייען, איז גע־ווען אַזוי געלונגען, אַז אַפֿילו דער אַלטער פּרילוצקי האָט ביים אויס־הערן זי געמוזט שמייכלען... אין דער דאָזיקער הומאָרעסקע האָט אַש גוטמוטיק אויסגעלאַכט די צוויי צווישן זיך קריגערישע פּאַר־טייען, דעם בונד און די פּפּ״ס, וואָס די מיטגלידער זייערע האָבן אין אַ געוויסער שטאָט זייערע „בירזשעס״ געהאַט אין פּאַרק, יעדע פּאַרטיי אין אַ באַזונדערער אַלייע אין פּאַרק... אין דער דאָזיקער הו־מאָרעסקע האָט זיך אַש אַנטפּלעקט מיט זיין וווּנדערלעכן הומאָר, וואָס

ער האָט, אין אַ גרויסער מאָס, זייער אָפּט פֿאַרמאָגט, אין די ערשטע יאָרן פֿון זײַן שאַפֿן.

אָבער ער האָט זיך שוין ניט צופֿרידנגעשטעלט מיט דעם. זײַן צוקונפֿט האָט ער שוין מער געבויט אויף זײַנע דראַמעס און אפֿשר שוין אויף זײַנע ראָמאַנען, פֿון וועלכע ער האָט אַ טייל שוין דעמאָלט פֿאַרטראַכט אין זײַן קינסטלעריש אומרויִקן, אַלץ ווײַטער גייענדיקן געדאַנק, אַלץ העכער לויפֿנדיקן שווונג...

אַ ייִדישע דראַמע ווי אַ ליטעראַרישע שאַפֿונג איז דעמאָלט בכלל נאָך געווען אַ פֿאַסירונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. פּרצעס גאָלדענע קייט, אין איר ערשטער פֿאָרעם, איז געווען געדרוקט אַרום אָנהייב 1943, אין העברעיִש, אין השלח, אונטערן נאָמען חורבן בית צדיק (נאָך דעם הנסיון). אויך זײַן איינאַקטער שוועסטער האָט פּרץ פֿאַרעפֿנטלעכט אין השלח, אָן אַ ייִדישן טעאַטער (איבער דעם פֿאַרבאָט פֿון דער צאַרישער רעגירונג). האָט זיך ניט געלוינט צו שרײַבן אין דראַמאַטישער פֿאָרעם, סײַדן ווען דער שטאָף אַליין האָט צו־שטאַרק געפֿאָדערט אַזאַ פֿאָרעם.

ערשט, אַז מען איז געוווּיר געוואָרן פֿון דער אַנטוויקלונג און פֿון די דערפֿאָלגן פֿון דעם ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע, און אַז אויך דער ייִדישער טעאַטער אין פּוילן איז צוריק, אין דער רעוואָ־לוציע־צײַט, דערלויבט געוואָרן, און אין וואַרשע האָט זיך געוויזן די ערשטע ייִדישע טרופּע מיט ערנסטע און טאַלאַנטפֿולע אַק־טיאָרן — ערשט דעמאָלט האָט זיך דער אינטערעס צו דער דראַמאַ־טישער פֿאָרעם געשטאַרקט און עס האָבן זיך באַוויזן די ייִדישע דראַ־מאַטיקערס דוד פּינסקי, פּרץ הירשביין (אָנפֿאַנגס אין העברעיִש), שלום אַש און פּרץ אַליין...

אָבער דער ערשטער דראַמאַטורג, וואָס האָט זיך באַוויזן נאָך גאָלדפֿאַדענען — וועלכער וואָלט אפֿשר אויך געווען אַ גרויסער דראַמאַטורג, נאָר ער איז איבער די אומשטענדן געבליבן בלויז בײַ זײַנע אמת פֿאָלקסטימלעכע אָפּערעטעס — אַן אמתער דראַמאַטורג, מיט אַ מאָדערנער טעכניק, מיט אַ חוש פֿאַר סצענישקייט, איז גע־

ווען דער אַמעריקאַנער יעקבֿ גאָרדין, ניט אַרײַנגייענדיק אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער דראַמע בכלל, וואָס פֿירט איר יחוס אפֿשר פֿון נאָך פֿריִער, פֿון עטינגערס סערקעלע, איז די ערשטע ייִדישע דראַמע, וואָס איך האָב געזען שפּילן אין אַ ייִדישן טעאַטער און שפּילן לײַטיש, ווי אויף אַן אייראָפּעיִשער בינע, דאָס איז גע־ווען כאַסיע די יתומה פֿון יעקבֿ גאָרדין.

מיט דער דאָזיקער דראַמע האָט מיר זיך אויסגעוויזן, ווי ס׳וואָלט געשען אַ נס... געקומען בין איך אין טעאַטער אויף כמיעלנע, צו זען אַן אָפּערעטע. קיין העכערס האָב איך ניט דערוואַרט. ערשט פֿאַר מיר האָבן זיך אַנטפּלעקט נײַע דראַמאַטישע קרעפֿטן. אסתּר־רחל קאַ־מינסקי ווי כאַסיע די יתומה איז געווען אַזוי רירנדיק אין איר ראָלע, אַזוי עכט, אַזוי מענטשלעך, אַז איך האָב מײַנע אויגן ניט געגלויבט. איך רייד שוין ניט וועגן די איבעריקע שוישפּילערס, ווי זשעליאַזאָ, ווײַסמאַן און ליבערט, וואָס יעדערער האָט מיך אויף זײַן אופֿן אַנט־ציקט און באַגײַסטערט מיט זײַן שפּילן, די צושויערס פֿון יענער צײַט — אַוודאי.

אַזאַ מין שפּילן האָב איך זעלטן געזען אויף דער רוסישער בינע, הגם קיין גרויסער „טעאַטער־פּאַטריאָט" בין איך ניט געווען. אָבער זײַענדיק אַ מוזיקאַנט, ווי אַ סאָלדאַט, און שפּילנדיק אין אָרקעסטער, וועלכער פֿלעגט זיך אין די ווינטערס פֿאַרדינגען צו שפּילן צווישן די אַנטראַקטן אין קאָוונער רוסישן טעאַטער, האָב איך דאָך געהאַט די געלעגנהייט צו זען אייניקע גרויסע שוישפּילערס און שוישפּילערינס. איך רייד שוין ניט וועגן די רוסישע דראַמעס אַליין, ווי אָסטראָווסקיס דער שטורעם („גראָזאַ"), וועלף און שאָף און אַנדערע דראַמעס פֿון באַרימטע רוסישע דראַמאַטיקערס. אמת, די רוסישע טרופּע, וואָס האָט געשפּילט אין קאָוונע, אין פֿאַרלויף פֿון מײַן דינען אין מיליטער ווי אַ מוזיקאַנט, איז געווען אַ פּראָווינציעלע, אָבער אייניקע אַק־טיאָרן צווישן זיי האָבן אויך געהאַט אַ „רעזידענץ", רעפּוטאַציע און איבער הויפּט איינער צווישן זיי, ביעלאָקאָן, און איינע — אַנדריי־עווונאַ, זײַנען געווען שוישפּילערס פֿון גאָר גרויסן פֿאַרנעם. און גע־

שפּילט האָבן זיי סײַ אין די שטיק פֿון דעם פֿראַנצייזישן ראָסטאַן און פֿון דעם דײַטשן, אמת, קלענערן קינסטלער, זודערמאַן. דערצו אָבער האָבן זיי געשפּילט גאָגאָלס רעוויזאָר און טורגעניעווס די פּריצישע נעסט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב געוווינט אין קראָקע, האָב איך געזען דראַמעס און שוישפּילערס אין באַרימטן קינסטלערישן קראָקעווער „שטאָט-טעאַטער".

מיט איין וואָרט — איך האָב שוין געהאַט אַ מאָסשטאַב, צו מעסטן די קרעפֿטן פֿון דעם נײַעם יידישן רעפּערטואַר, וואָס איז באַשטאַנען פֿון לויטער יעקבֿ גאָרדינס דראַמעס. און הגם דער דראַמע כּאַסיע די יתומה האָט אין קינסטלערישן זין אַ סך געפֿעלט, האָט זי אָבער סצעניש זיך געקענט מעסטן מיט די באַרימטסטע דראַמעס פֿון וועלט-רעפּערטואַר...

האָב איך שוין נאָכן שפּילן זיך ניט געקענט באַהערשן און בין אַוועקגעגאַנגען הינטער די קוליסן אויסצודריקן מײַן אַנטציקונג און באַגײַסטערונג פֿאַר די געבענטשטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, אי־בער הויפּט טאַקע — מײַן אַנטציקונג פֿאַר אסתּר־רחל קאַמינסקי, וואָס האָט, אַגבֿ־אורחא, אַרויסגערופֿן בײַ מיר נישט נאָר געפֿילן פֿון פֿרייד מיט איר וווּנדערלעכן שפּילן, נאָר אויך ניט ווייניק טרערן אויף דעם גורל פֿון כּאַסיע די יתומה — אַ דאַנק טאַקע דעם שוי־שפּילערישן טאַלאַנט פֿון אסתּר־רחלען, וואָס האָט געשפּילט די ראָ־לע כּאַסיע די יתומה.

## די ערשטע יידישע שפראַך-קאָנפערענץ [1]

ה. ד. נאָמבערגס פאָרשלאַג אויף דער פאָרקאָנפערענץ. — אַ קרוין פאַר דער ייִדישער שפראַך. — דער קאַמף וועגן אַ נאַציאָנאַלער שפראַך. — די אָפיציעלע אויפנאַמע פון דער שטאָט טשערנאָוויץ. — די פריינדלעכקייט פון דער אָרטיקער דייטשישער פרעסע. — דער „אָוונט" אין טעאַטער. — אַש לייענט פאַר „מגילת רות". — זיין רעפעראַט וועגן ייִדיש און העברעיִש. — די קאָמיסיע פאַר דער אויסאַרבעטונג פון די רעזאָלוציעס. — דער טריומף. — די פאַר־לעזונג פאַר די אַרבעטערס. — אסתר פרומקינס קאָרעספּאָנדענץ צום „סאָציאַל־דעמאָקראַט". — א מתנה פאַר פרצן. — נאָמבערגס רייזע אַרום טשערנאָוויץ אויף אַ וועלאָסיפּעד. — פרצעס שטימונג. — דער אָפּרוף פון דער פּרעסע. — בעל־מחשבותעס אַרטיקל „עספּע־ראַנטאָ אין ייִדיש".

ווען אַלע דעלעגאַטן — איבעריקנס ניט פיל אין צאָל — זיינען שוין אָנגעקומען אין טשערנאָוויץ, איז פאָרגעקומען אַן ענגע באַ־ראָטונג וועגן דער פּראָגראַם פון דער קאָנפערענץ. אָבער דאָ האָט גע־נומען דאָס וואָרט ה. ד. נאָמבערג:

— „איידער מיר גייען רעפאָרמירן די אָרטאָגראַפיע און דאָס גלייַכן פילאָלאָגישע פראַגעס, מוזן מיר קודם־כל אָנטאָן אַ קרוין אויף דער ייִדישער שפראַך. די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ מוז אין דער פאָרעם פון אַ רעזאָלוציע אָנערקענען, אַז ייִדיש איז די נאַ־ציאָנאַלע שפראַך פון דעם ייִדישן פאָלק".

דאָס איז געווען דער ערשטער פּונקט. די דעבאַטעס האָבן זיך שוין געדרייט אַרום דעם נאָמבערגישן פאָרשלאָג. ד"ר נתן בירנבוים, ד"ר זשיטלאָווסקי, אסתר פרומקין און אַוודאי אויך שלום אַש האָבן

[1] קאַפּיטל 73 פון אַברהם רייזענס 3טן באַנד עפּיזאָדן פון מיין לעבן.

געשטיצט אָט דעם פֿאָרשלאָג. וועגן מיר איז דאָך אָפּגערעדט, אַז ייִדיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק, האָב איך שוין פּראָקלאַמירט אין מײַן פּראָספּעקט צו דער וואָכנשריפֿט דאָס ייִדישע וואָרט. מיך האָט בלויז געוווּנדערט, וואָס נאָמבערג, וועלכער האָט ביז דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ זיך געוואַקלט צווישן ייִדיש און העברעיִש, זאָל ווערן אַזאַ גלייביקער. נאָמבערג, וועלכער האָט אַליין געשריבן פֿליסיק העברעיִש און געשאַפֿן אַפֿילו אין העברעיִש אַ נײַעם סטיל אין פֿעליעטאָן — נאָמבערג, וואָס האָט אַמאָל אין הצופֿה זיך ווי מתוודה געווען, אַז ער ווייסט נישט אויף וועלכער שפּראַך ער דענקט — ער זאָל וואַרפֿן דעם ערשטן פֿונק, אַז ייִדיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך! עס איז געווען אַ ווונדער און אַ פֿרייד. און ווײַל נאָמבערג, אַליין אַ גרויסער העברעער, האָט דעם פֿאָרשלאָג געמאַכט, האָט ער דערפֿאַר אַזוי שטאַרק געווירקט און דער גרעסטער טייל פֿון די דעלעגאַטן האָט דעם פֿאָרשלאָג געשטיצט, און אויף אַזאַ אופֿן האָט די טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ, אַנשטאָט צו באַנוגענען זיך מיט פֿילאָלאָגישע אויפֿטועך, פּראָקלאַמירט פֿון דער טריבונע אַראָפּ די קרוינונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך. פֿון קרוינען בכלל איז קיין איינציקער פֿון די אײַנטיילנעמערס קיין אָנהענגער נישט געווען. אַלע זײַנען געווען טרײַע רעפּובליקאַנערס און נאָך מער. אָבער דער באַליידיקטער ייִדישער שפּראַך אָנטאָן אַ קרוין — דערין איז קיין „מאָנאַרכיסטישע" כוונה אַוודאי נישט געווען. פּונקט פֿאַרקערט, דאָס אָנטאָן אַ קרוין אויף דער באַליידיקטער ייִדישער שפּראַך, וואָס האָט געהייסן בײַ די העברעיִסטן „די שפֿחה", איז שוין אַליין פֿאַר זיך געווען אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט, וואָס האָט אין דער זעלביקער צײַט געדינט ווי אַ סיגנאַל קעגן די געקרוינטע און מעכטיקע פֿון דער וועלט און פֿון דער דערהייבונג פֿון די ברייטע מאַסן, וואָס זייער שפּראַך איז געווען ייִדיש.

די קאָנפֿערענץ גופֿא איז שוין פֿאָרגעקומען אין איינעם פֿון די שענסטע זאַלן, וואָס די שטאָט טשערנאָוויץ האָט פֿאַרמאָגט. אַ מין פֿילהאַרמאָניע. דעם דאָזיקן זאַל האָט טאַקע די „שטאָט" אונדז אָפּי־

ציעל איבערגעגעבן פֿאַר אונדזערע זיצונגען אויף גאַנצע פֿיר טעג און, ווי מיר דאַכט, אין גאַנצן אָן געצאָלט. בכלל האָט טשערנאָוויץ אָפֿיציעל די איינטיילנעמערס פֿון דער קאָנפֿערענץ, דאָס רובֿ ייִדישע שרייבערס — אָפּגעגעבן גרויס כּבֿוד. די טשערנאָוויצער פּרעסע, די דייטשישע, אין וועלכער עס האָבן, אמת, איינטיילגענומען פֿיל ייִדן, האָט אונדזער אָנקומען וואַרעם באַגריסט אין לייטאַרטיקלען און אין גרעסערע נאָטיצן. אין דער זעלביקער צייט שוין געגעבן אָפּהאַנדלונגען וועגן דער ייִדישער שפּראַך און דער ייִדישער ליטע־ראַטור, און אין יעדן נומער געבראַכט איבערזעצונגען פֿון אונדזערע ווערק. דאָס אַליין האָט שוין פֿאַראורזאַכט, אַז טשערנאָוויצער ייִדן זאָלן זיך רעכענען מיט דער קאָנפֿערענץ. און די טשערנאָוויצער ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט טאַקע געוווּסט ווי אָפּצושאַצן און ווי אַזוי צו אָנערקענען אונדזער אַרבעט פֿאַר דער ייִדישער שפּראַך. די טשערנאָוויצער ייִדן, געזונטע, פּשוטע און גוטמוטיקע, האָבן סײַ ווי סײַ ייִדיש ליב געהאַט און אַפֿילו די אינטעליגענץ אירע איז נישט געווען אַזוי אַסימילירט ווי אַ טייל פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין גאַליציע. דערהערנדיק, אַז ייִדיש איז אַזאַ געהויבענע שפּראַך, האָבן זיי זיך גאָר מחיה געווען. און אַפֿילו די גויים אין טשערנאָוויץ, פֿון וועלכע פֿיל האָבן געקענט ריידן ייִדיש, האָבן זיך מתיחס געווען מיט דעם, וואָס די קאָנפֿערענץ קומט־פֿאָר אין טשערנאָוויץ. אָט ווי איצט געדענק איך, ווי אַזוי דער גוייִשער הויפּטפּאָרטיער פֿון האָטעל „בריסטאָל“, וווּ מיר האָבן געוווינט די עטלעכע טעג, וואָס די קאָנ־פֿערענץ האָט געדויערט — ווי אַזוי ער האָט גערעדט מיט אונדז בלויז ייִדיש און נאָך וואָס פֿאַר אַ ייִדיש! ער האָט אַפֿילו צײַטנווײַז געוואַגט צו באַמערקן, אַז אייניקע פֿון די איינטיילנעמערס ריידן נישט ריכטיק... מען דאַרף דאָס וואָרט אויסריידן אַזוי און נישט אַנדערש, און דערנאָך פֿלעגט ער ווי אַ למדן באַמערקן:

— ייִדיש, מײַנע פֿרײַנד, דאַרף מען קענען ריידן...

מיטן דאָזיקן פּאָרטיער אָדער שווייצער [2] האָבן מיר געשטאָל־צירט און זיך געטרייסט, אַז ווי באַלד אַ גוי קען זיך אַזוי באַציִען צו ייִדיש, וועלן אפשר מיט דער צײַט אויך די ייִדישע גויִים זיך אויסלערנען ייִדיש.

אין דער זעלביקער צײַט איז אַראַנזשירט געוואָרן אין טשער־נאָוויצער שטאָטישן טעאַטער אַ ליטעראַרישער אָוונט לכּבֿוד די געסט, די אידישע שרײַבערס, וואָס האָבן אײַנטיילגענומען אין דער קאָנפֿערענץ. אין דעם אָוונט זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט פֿאָרלעזונ־גען פּרץ, אַש, נאָמבערג און איך, מיט רעדעס — זשיטלאָווסקי און בירנבוים. אויף דעם אָוונט זײַנען געקומען די פּני, די אינטעליגענץ פֿון טשערנאָוויץ, שוין ניט ריידנדיק פֿון די ייִדישע מאַסן, וואָס זייער יום־טובֿ איז עס געווען. דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט. מיר אײַנ־טיילנעמערס, האָבן זיך געפֿונען הינטער די קוליסן און זײַנען אַרויס־געטראָטן פֿאַרן פּובליקום, איינציקווײַז, נאָך דער פֿאָרשטעלונג פֿון דעם פֿאָרזיצער. איך געדענק ניט, לײַדער, ווער דער פֿאָרזיצער איז געווען, ווי מיר דאַכט, ד"ר זשיטלאָווסקי. צום באַדויערן האָבן מיר זיך אין אונדזערע פֿאָרלעזונגען ניט שטאַרק אויסגעצייכנט, הגם דאָס פּובליקום, וואָס איז געווען זייער יום־טובֿדיק געשטימט, האָט יעדערן פֿון אונדז ענטוזיאַסטיש אויפֿגענומען. פּרץ האָט, ווי אויף צו להכעיס, פֿאָרגעלייענט עפּעס אַ שווערע זאַך. שלום אַש האָט זיך דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט דער אידעע איבערצוזעצן דעם תּנך אויף ייִדיש — ער האָט וועגן דעם אַפֿילו אַ רעפֿעראַט געלייענט אין דער צײַט פֿון דער קאָנפֿערענץ און האָט שטאַרק אויסגענומען. ער אַליין האָט דאַן פֿאַרייִדישט רות. די איבערזעצונג איז מסתּם געווען אַ גוטע, אָבער פֿאָרלייענען פֿאַר אַן עולם רות האָט קיין זין נישט געהאַט. אַש האָט אָבער דווקא רות געוואָלט פֿאָרלייענען... דאָס פּובליקום האָט געדריקט מיט די פּלייצעס: וואָס עפּעס אין מיטן דער־רינען רות?... עס איז דאָך שוין אַ שטיק נאָך שבֿועות... עס האָט שוין

[2] אויסגעפּוצטע טירהיטערס.

געזאָלט זײַן באַלד סוכּות, וואָלט זיך אפֿשר בעסער געפּאַסט קהלת... וואָס נאָמבערג האָט פֿאָרגעלייענט, געדענק איך ניט... אָבער קיין גרויסער פֿאָרלייענער איז ער אויך ניט געווען. איך אַליין האָב אויך ניט שטאַרק פֿאַרריכט די מערכה. איך האָב פֿאָרגעלייענט איניקע לידער און ווער געדענקט, צי איך האָב גוט צי שלעכט געלייענט.

לייבל טויביש — אַ מיטגליד פֿון דער קאָנפֿערענץ, וואָס האָט דעמאָלט געווינט אין טשערנאָוויץ, אַ הייסער ייִד, מיט אַ שטאַרקן חוש פֿאַר פֿאָלקסטימלעכקייט, און איבער הויפּט אַ גרויסער חסיד פֿון ד״ר נתן בירנבוים — האָט געפֿירט דעם אָוונט, ווי די קאָנפֿע־רענץ בכלל. אַ הויכער ייִד, מיט אַ גוטמוטיקן אויסדרוק אויפֿן איי־דעלן געקנייטשטן פּנים, האָט ער זיך שטאַרק געזאָרגט, וואָס דער אָוונט אין שטאָטישן טעאַטער האָט ניט געהאַט דעם דערפֿאָלג, וואָס ער האָט דערוואַרט.

— אַזוינע פֿיר לייבן — האָט ער ווי געטענהט, מיינענדיק מיט די ״לייבן פּרצן, אַשן, נאָמבערגן און מיך, צי זשיטלאָווסקין — און קיינער פֿון זיי האָט ניט געגעבן דעם פּאַסיקן ברום...

האָבן מיר געוואָרפֿן די שולד אויף דעם פּובליקום, וואָס איז נאָך ניט ראוי צו פֿאַרשטיין די ייִדישע ליטעראַטור. עס הייסט אָבער ניט, אַז דער ליטעראַרישער אָוונט האָט געליטן אַ דורכפֿאַל... דאָס פּובלי־קום איז סײַ ווי סײַ געווען צופֿרידן. אויב עס האָט נישט אַלץ באַ־נומען פֿון דעם, וואָס מיר האָבן פֿאַר זיי פֿאָרגעלייענט, האָבן זיי אָבער דערפֿילט די קראַפֿט פֿון דעם נײַעם ייִדישן וואָרט.

אויף מאָרגן איז די קאָנפֿערענץ פֿאָרגעזעצט געוואָרן. צו די פֿאַרהאַנדלונגען זײַנען אויך געקומען געסט, טשערנאָוויצער יוגנט, פֿיל אַרבעטערס און אַרבעטער־פֿירערס, אָבער אַ צאָל אויך פֿון די ציוניסטן און העברעיִסטן. פֿון זיי, פֿון די ציוניסטן און העברעערס האָבן מיר טייל מאָל געהאַט אומאָנגענעמלעכקייטן. פּרצעס אַ רעדע האָט איינער פֿון זיי איבערגעריסן מיט אַ באַליידיקנדיקן וואָרט. עס איז געוואָרן אַ טומל — פּרצן באַליידיקט! מ׳האָט דעם באַליידיקער געוואָלט באַזײַטיקן, אָבער פּרץ האָט ניט דערלאָזט דערצו. אויך האָט

זיך צווישן די דעלעגאַטן געפֿונען איינער, אַ העברעיִשער לערער, אַ ייִד פֿון גאַליציע, וואָס האָט זיך געקליגט און זיך אָנגעגעבן, אַז ער גלייבט אין ייִדיש (אַנדערש האָט מען ניט געקאָנט אײַנטיילנעמען אין דער קאָנפֿערענץ). נעמט אַ וואָרט דער דאָזיקער לערער צי מלמד — ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ „היטעלע״[3] און אין אַ לענגלעכער קאַפּאָטע — און עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז גאָר אַ שׂונא פֿון ייִדיש. ייִדיש רופֿט ער „זשאַרגאָן״ און שיט פֿעך און שוועבל פֿון דער טריבונע אַראָפּ... דערהערט אַזעלכע רייד, בין איך אויפֿגעשפּרונגען פֿון מײַן אָרט און כ׳בין אַרויף אויף דער פּלאַטפֿאָרמע:

— ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר!

געשריִען האָב איך ווילד. דער דאָזיקער ייִד האָט געקענט אויפֿרעגן דאָס רויִקסטע געמיט, בפֿרט מיך. דער ייִד האָט, נעבעך, געמוזט אַראָפּ פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע און מער האָט ער שוין קיין אײַנטייל אין דער קאָנפֿערענץ נישט גענומען.

קאָן זײַן, אַז איך בין צו שאַרף קעגן אים אַרויסגעטראָטן. אָבער ווען ער וואָלט געווען איינער פֿון די געסט, נישט קיין מיטגליד פֿון דער קאָנפֿערענץ, וואָלט איך אים פֿאַרגעבן. עס האָט מיך שטאַרק אויפֿגערעגט דער פֿאַל, וואָס ער האָט זיך אָנגעגעבן פֿאַר אַ פֿרײַנד פֿון ייִדיש. אַנדערש, ווי געזאָגט, וואָלט ער נאָך די סטאַטוטן פֿון דער קאָנפֿערענץ ניט געקאָנט זײַן קיין מיטגליד און אײַנטיילנעמען אין די פֿאַרהאַנדלונגען — און אָט איז ער גאָר אַ שׂונא. הייסט עס, אַז ער איז געקומען פּראָוואָצירן — אַזאַ האָט שוין געקאָנט צעשטערן די גאַנצע אַרבעט פֿון דער קאָנפֿערענץ. האָט טאַקע דערפֿאַר קיינער פֿון די אײַנטיילנעמערס אויף מיר קיין פֿאַראיבל ניט געהאַט פֿאַר מײַן צו שאַרפֿן אַרויסטריט קעגן דעם העברעיִשן ייִדן.

אָבער גרשון באַדער, וועלכער איז געקומען פֿון לעמבערג צו דער קאָנפֿערענץ ווי דער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו־יאָרקער טאַגעבלאַט, האָט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער קאָנפֿערענץ מיך דער־

[3] חסידיש היטל.

פֿאַר שטאַרק „באַשריבן“ און דערציילט פֿאַר די לייענערס פֿון טאָ־גבלאַט, אַז איך האַלט זיך אויף דער קאָנפֿערענץ זייער ווילד. אפֿשר איז ער פֿון זײַן שטאַנדפּונקט געווען גערעכט.

אַ צווייט מאָל האָב איך געראַטעוועט די סיטואַציע, ווען עס זײַנען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דרײַערליי רעזאָלוציעס און זיי זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ קאָמיסיע צו באַאַרבעטן. די קאָמיסיע האָט געזאָלט באַשטיין פֿון פֿינף. בײַם קלײַבן די דאָזיקע צאָל פֿאַר דער קאָמיסיע האָב איך געזען, אַז מיך פֿאַרגעסט מען. איך האָב זיך אַפֿילו געטרייסט, אַז אסתּר פֿרומקין איז אַרײַן אין דער קאָמיסיע, וועט שוין גוט זײַן. אָבער דאָך: טאָמער וועט זײַן די מערהייט פֿאַר דער לעבלעכער רעזאָלוציע — אַזאַ איז אויך געווען — איז דאָך אַלץ פֿאַרשפּילט... האָב איך זיך אַליין פֿאָרגעשלאָגן, צי נאָמבערגן געבעטן, און אַזוי בין איך אויך אַרײַן אין דער קאָמיסיע. די רעזאָלוציעס זײַנען געווען, ווי שוין באַמערקט, דרײַערליי. איינע האָט צווישן אַנדערע געזאָגט, אַז ייִדיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך; די צווייטע, אַז ייִדיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך; די דריטע, די לעבלעכע, האָט גע־דרשנט, אַז אָנערקענענדיק די גרויסקייט און שיינקייט פֿון העברעיִש, און נאָך און נאָך, גיבן מיר אָבער צו, אַז ייִדיש... מיט איין וואָרט, ווען די דאָזיקע רעזאָלוציע גייט־דורך, וואָלט געווען גאַנץ טרויעריק פֿאַר ייִדיש. האָב איך זיך שוין געשטעלט אַנטקעגן און זי איז שוין אין גאַנצן פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן. אמת, ס'איז אויך נישט אָנגענומען געוואָרן, אַז ייִדיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך, נישט קוקנדיק וואָס איך און אסתּר פֿרומקין זײַנען געווען פֿאַר אָט דער דאָזיקער שאַרפֿ־סטער רעזאָלוציע. דורכגעגאַנגען איז אָבער די רעזאָלוציע, אַז ייִדיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך. אָבער וועגן העברעיִש איז שוין ניט דער־מאָנט געוואָרן.

ווען די דאָזיקע רעזאָלוציע, אַז ייִדיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, איז פֿאָרגעלייענט געוואָרן אויף מאָרגן אין דעם זאַל פֿון דער קאָנ־פֿערענץ פֿאַר אַ גרויסן עולם פֿון געסט און זי איז איינשטימיק אָנגע־נומען געוואָרן (אויסער פּרצן, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטי־

מען) איז אין זאַל אויסגעבראָכן אַ גרויסער אַפּלויז פֿון די אַלע פֿרײַנד פֿון ייִדיש. איך און אַש זײַנען געפֿאַלן איינער דעם אַנדערן אויפֿן האַלדז און האָבן זיך פֿלאַמענדיק צעקושט.

ליידער האָט באַלד די פֿרייד מיר פֿאַרשטערט אַ געוויין: אַ יונג, אָרעם בחורל, וואָס איז געזעסן צווישן די געסט, אין דער ערשטער ריי, האָט זיך שטאַרק און אויפֿריכטיק פֿונאַנדערגעוויינט...

איך בין צו אים צוגעגאַנגען און געפֿרעגט:

— וואָס וויינט איר?

איך געדענק ניט, וואָס ער האָט מיר געענטפֿערט. אָבער זײַן ערלעך געוויין האָט מיך טיף גערירט. און ביז וואַנען ער האָט ניט אויפֿגעהערט צו וויינען און ניט אויסגעווישט די אויגן, בין איך פֿון אים ניט אָפּגעטראָטן. האָט ער מיך שוין אָנגעקוקט ווי אַ פֿרײַנד, וואָס נעמט־אײַנטייל אין זײַן לייד, און מיט אומעטיקע טריט, הגם שוין אַ באַרויִקטער און אַ צו זיך געקומענער, זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג.

איך האָב זיך געטרייסט, אַז ער וועט איבערטראַכטן און וועט פֿאַרשטיין, אַז קיין שלעכטס זײַנען מיר נישט אויסן געווען. אַדרבא, מיר האָבן ייִדיש, די שפּראַך, וואָס ער רעדט, דערהויבן.

און זיכער בין איך, אַז אָט דער דערמאָנטער יונג, אָרעם און ערלעך בחורל פֿון גאַליציע איז איצט אַ לייענער פֿון ייִדיש און, דער־מאָנענדיק זיך אין זײַנע אַמאָליקע טרערן, שמייכלט ער אויף זײַן דעמאָלטיקער נאַיִוויטעט, בפֿרט אַז דאָס לשון־קודש האָט מען בײַ קיינעם ניט אַוועקגענומען. די אָנגעזאַמלטע אוצרות אין העברעיִש זײַנען געבליבן אָפּגעהיט.

*

דער ליטעראַרישער אָוונט, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין שטאָטישן טעאַטער, האָט די טשערנאָוויצער ייִדישע מאַסן ניט צופֿרידנגע־שטעלט. ערשטנס, האָט ניט יעדער אַרבעטער געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן די פֿאָרשטעלונג — זי איז געווען צו־רײַך אָראַנזשירט און

די בילעטן האָבן אויסגעכאַפּט טאַקע די רײַכערע; צווייטנס, האָט דער טעאַטער ניט געקאָנט אַרײַננעמען אַלע, וואָס האָבן געהאַט פֿאַרלאַנג אַזאַ „גראַנדיאָזן״ אָוונט צו באַזוכן, בפֿרט אַז פֿאַר טשערנאָוויץ איז עס ווירקלעך געווען אַ גרויסע ליטעראַרישע פֿאַסירונג.

אסתּר פֿרומקין, וועלכע איז דער זעלביקער צײַט, וואָס זי האָט געהאַלטן אַ וואַך אויג אויף דער קאָנפֿערענץ, זי זאָל ניט אָננעמען, חלילה, קיין בורזשואַזע ריכטונג, און וואָס איך בין געווען איר געטרײַער אַרויסהעלפֿער, כאָטש עפֿנטלעך בין איך מיט רעדעס זעלטן אַרויסגעטראָטן און האָב נאָך ניט געוואַגט און אפֿשר ניט געקענט האַלטן קיין רעדעס, ווי מײַנע קאָלעגן אַש און נאָמבערג — אסתּר פֿרומקין האָט אין דער זעלביקער צײַט, ווי מײַנע קאָלעגן אַש און נאָמבערג, ווי אַ רעוואָלוציאָנערקע און פֿירערקע פֿון בונד, געשפּרייט פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער־מאַסן. אין טשערנאָוויץ איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסע צאָל באַוווסטזיניקע אַרבעטערס, וואָס האָבן געהערט צו דער זש. פּ. ס. (גאַליצישער בונד). האָט עס איר פֿאַרדראָסן, וואָס דער אָוונט אין שטאָטישן טעאַטער האָט געטראָגן אַ בורזשואַזן כאַראַקטער, און זי האָט באַשלאָסן צו פֿאַראַנשטאַלטן אַן אָוונט ספּעציעל פֿאַר די אַרבעטערס, אין פּראָלעטאַרישן גײַסט. זי האָט זיך געווענדט צו מיר און צו פּרצן. אַוודאי האָב איך די אײַנלאַדונג אָנגענומען מיט פֿרייד. אויך פּרץ האָט זי אָנגעכאַפּט.

— איך וויל בלויז עפּעס אַ מתּנה צום אָנדענק — האָט ער זיך ווי געבעטן — אַ קלייניקייט נאָר עפּעס צום אָנדענק...

ער איז שיר ניט געוואָרן סענטימענטאַל. ער איז, הייסט עס, ניט אויסן די ניצלעכקייט פֿון דער מתּנה, נאָר דעם אָנדענק פֿון אַן אַרבעטער־פֿאַרלעזונג... אין דער דאָזיקער שיר ניט תּמימותדיקער בקשה האָט זיך פּרץ אַנטפּלעקט מיט זײַן גאַנצער ליבע צום אַרבעטער.

אסתּר האָט אים מיט שטראַלנדיקע אויגן צוגעזאָגט... און ער האָט טאַקע באַקומען אַ מתּנה. דאָס איז געווען אַ ציגאַרעטן־פּושקעלע, אַ באַזילבערטע, וואָס האָט אָנגעטראָפֿן ניט מער ווי עטלעכע

**גולדן, אָבער מיט אַן אויפֿשריפֿט:** צו י. ל. פּרץ פֿון די טשערנאָוויצער יידישע אַרבעטער...

פּרץ האָט זיך מיט דער מתּנה געשפּילט און געצאַצקעט, אַלע פֿון זײַנע מקורבֿים געוויזן עס און ער האָט אַ גליקלעכער געמורמלט:

— אָט דאָס בין איך אויסן געווען: עפּעס צום אָנדענק. עס איז בײַ מיר זייער וויכטיק, זייער אָנגעלייגט...

די אונטערנעמונג אַליין האָט זיך אויך שטאַרק אויסגעצייכנט. פֿאַר די אַרבעטערס האָט שוין פּרץ געלייענט זײַן באַנטשע שווײַג, דאָס שטרײַמל, און דער אַרבעטער־עולם האָט אים אויפֿגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם און יעדע זאַך רוישיק אַפּלאָדירט, ביז אַנטציקונג. פּרץ האָט זיך געפֿילט זייער גליקלעך. ניט קוקנדיק אויף זײַן גאַנצן אויסערלעכן אַריסטאָקראַטיזם איז ער טיף אין האַרצן געווען אַן אַר־בעטער־פֿרײַנד, אַ דעמאָקראַט, און צווישן אַרבעטערס זיך געפֿילט צום בעסטן.

אויך איך האָב זיך מיט מײַן פֿאָרלעזונג פֿאַר די אַרבעטערס שטאַרק אויסגעצייכנט. איך האָב פֿאָרגעלייענט אייניקע דערציילונגען און אַ צאָל לידער, און דער אַרבעטער־עולם האָט געפּאָדערט נאָך.

צי האָט אויך אַש און נאָמבערג פֿאָרגעלייענט, געדענק איך ניט גענוי.

סײַ ווי סײַ האָט די דאָזיקע ליטעראַרישע אַרבעטער־אונטערנע־מונג, וואָס איז איבעריקנס פֿאָרגעקומען בײַ טאָג, — עס האָט גע־מוזט זײַן אַ שבת אָדער אַ זונטיק — געטראָגן אַ שטאַרק סאָציאַליס־טישן כאַראַקטער, ווי באַלד אסתּר פֿרומקין איז געווען די פֿאַראַנ־שטאַלטערין פֿון אָט דער וויכטיקער און פֿײַערלעכער אונטערנעמונג.

זי אַליין איז געווען אַנטציקט פֿון דעם דערפֿאָלג. האָט זי גלײַך אָנגעשריבן אַ באַריכט וועגן דער דאָזיקער אַרבעטער־פֿאָרלעזונג אין דעם יידישן סאָציאַל־דעמאָקראַט אין קראָקע און פֿײַערלעך באַשריבן מיט אַלע דעטאַלן, די אַרבעטער־פֿאָרלעזונג אין טשערנאָוויץ. זי האָט שוין פֿאַר איין וועג געמאַכט קאָמפּלימענטן די אײַנטיילנעמערס פֿאַר זייער יונג און שיין אויסזען, ווי אַזוי מיר האָבן מיט זיכערע טריט,

יונג און מוטיק, באַטראַכטן די עסטראַדע... מיט איין וואָרט, זי האָט אונדז געטיילט לויב פֿון דער פֿולער האַנט. הגם לויבן האָט מען זי געדאַרפֿט. זי איז געווען די נשמה פֿון דער דאָזיקער אַרבעטער־פֿאַר־לעזונג, ווי זי איז געווען בכלל די נשמה פֿון דער קאָנפֿערענץ. ניט קוקנדיק וואָס זי האָט געהאַט אַזעלכע קאָנקורענטן, ווי ד״ר זשיט־לאָווסקי, פּרץ און אַש, האָט די שטאָט טשערנאָוויץ באַוווּנדערט אסתּר פֿרומקין, וואָס זי איז אַזוי באַגאַבט ווי אַ רעדנערין, שריפֿטשטעלע־רין און פֿירערין.

איך בין זיכער, אַז טשערנאָוויץ געדענקט נאָך איצט די דעמאָל־טיקע יונגע אסתּר פֿרומקין און די ראַדיקאַלערע שטאָלצירן, וואָס נאָך איצט איז אסתּר פֿרומקין אין אַוואַנגאַרד פֿון די קעמפֿנדיקע ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אין דעם נײַעם רוסלאַנד...

איך ווייס ניט ווי איצט, בײַ די רומענערס, אָבער טשערנאָוויץ אַמאָל איז געווען איינע פֿון די וווּנדערלעכסטע שטעט. סײַ מיט איר אויסערלעכקייט, סײַ מיט אירע מענטשן און סײַ מיט איר ליכטיקן הימל, וואָס האָט זיך איבער איר געשפּרייט. טשערנאָוויץ איז געווען אַ קליין פּאַריז, הגם קליין פּאַריז האָט געהייסן וואַרשע. די הײַזער, בפֿרט אין די הויפּטגאַסן — אין שיינעם סטיל, ניט באַזונדערס הויכע, אָבער ווײַסע, ליכטיקע, פֿריידיקע. און אַ זון האָט טשערנאָוויץ פֿאַרמאָגט אַ מילדע, און שטראַלן — וויפֿל איר גלוסט אַליין. קיין איין וואָלקנדיקער טאָג אין דער צײַט, — איבער אַ וואָך — וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט אין טשערנאָוויץ, איז ניט געווען. לויטער זון און ליכט. קאַפֿע־הײַזער האָט טשערנאָוויץ פֿאַרמאָגט ערשטקלאַסיקע, ווי ווין און פּאַריז. נאָמבערג האָט זיך מיט דעם קאַפֿע גאָר מחיה געווען.

— רייזען! — האָט ער מיר אַ מאָל אַ זאָג געטאָן — איך טרינק דאָ הײַנט די זעקסטע קאַווע...

און ס'איז ערשט געווען אַ זייגער דרײַ בײַ טאָג... אָבער ס'איז געווען צײַט אויף אַלץ. נאָמבערג האָט אַפֿילו געפֿונען צײַט דורכצו־פֿאָרן טשערנאָוויץ אויף אַ וועלאָסיפּעד, וואָס אַ טשערנאָוויצער סטו־דענט, אַן אײַנטיילנעמער אין דער קאָנפֿערענץ, האָט פֿאַר אים ער־

געץ געקראָגן. פֿון דער רײַזע אַרום טשערנאָוויץ אויף אַ וועלאָסיפּעד איז נאָמבערג געקומען שטאַרק אַ באַגײַסטערטער:

— רייזען! דו מוזסט זיך אויסלערנען פֿאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד... עס איז אַ גרויס פֿאַרגעניגן... — האָט ער מיר קאָלעגיאַל געראָטן.

האָב איך שוין אין טשערנאָוויץ אויסגעזוכט אַנדערע פֿאַרגעניגנס. אויב אַן אָוונט איז געבליבן פֿרײַ פֿון דיסקוסיעס וועגן קאָנפֿערענץ־אָנגעלעגנהייטן, בין איך שוין מיט אַ חבֿרה סטודענטן און מיט נאָמבערגן אַוועק „הוליען" אין די נאַכט־קאַפֿעען און ווײַן־רעסטאָראַן. דער ווײַן איז דאָרט געווען אמתער און ביליק. טרינקענדיק אים מיט אַ מאָס, האָט ער אײַנגעגנעם באַרוישט...

קיין געלט האָב איך איבעריקנס ניט פֿאַרמאָגט, אָבער פֿון דער הכנסה פֿון דעם אָוונט אין טעאַטער האָט מען איין טייל, הונדערט גולדן, געגעבן ד"ר נתן בירנבוימען, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין טשערנאָוויץ און אָנגעהויבן — אין דער צײַט פֿון דער קאָנפֿערענץ — אַרויסצוגעבן דאָס וואָכנבלאַט, טאַקע פֿאַר זײַן וואָכנבלאַט, וואָס האָט זיך גענייטיקט אין מאַטעריעלער שטיצע. די אַנדערע הונדערט גולדן האָט מען געגעבן אַ מתּנה מיר און נאָמבערגן — צו פֿופֿציק גולדן יעדערן. אַש איז דעמאָלט געווען אַן עושר. האָט מען אים ניט געגעבן. ווען ניט די פֿופֿציק גולדן, וואָלט טאַקע געווען גאַנץ ענגלעך דורכצוקומען די וואָך אין טשערנאָוויץ... די אַלע אײַנטיילנעמערס אין דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך מיט עשירות ניט אויסגעצייכנט. צוויי וויכטיקע דעלעגאַטן, ש. ניגער און א. ווײַטער, וואָס האָבן געזאָלט קומען אויף דער קאָנפֿערענץ, זײַנען טאַקע צוליב מאַטעריעלע סיבות ניט געקומען און עס איז שטאַרק באַדויערט געוואָרן פֿון אַלע אײַנטיילנעמערס... די נגידים זײַנען געווען שלום אַש און פּרץ. שלום אַש — טאַקע אַ נגיד ממש, און פּרץ — נאָר אַ דאַנק זײַן פּירונג האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אַ נגיד...

איבער הויפּט האָט זיך פּרץ אין טשערנאָוויץ געפֿילט אין אַ באַזונדער שטימונג. אַ פֿרײַנד פֿון יידיש, האָט ער אָבער נאָך דעמאָלט ניט געגלויבט, אַז יידיש איז שוין אַפֿילו אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך.

זי האָט נאָך ניט אַלע קולטור־אוצרות פֿון אַמאָל. אמת, אויך העב־רעיִש איז ניט די שפּראַך פֿון דער קעגנוואַרט און ווי אַזאַ קאָן זי ניט זײַן קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך בכלל... שפּעטער־צו האָט שוין פּרץ זײַן מיינונג געענדערט. אָבער אויך אויף דער טשערנאָוויצער קאָנ־פֿערענץ האָט ער זיך צו דער רעזאָלוציע, פֿאַר וועלכער ער האָט בכלל ניט געשטימט — ניט „פֿאַר“ און ניט „קעגן“ — באַצויגן מיט אַן אינערלעכער באַשטעטיקונג און האָט זיך געפֿילט יום־טובֿדיק, הגם שטאַרק ערנסט קאָנצענטרירט... עס איז דעמאָלט געווען אַ זכיה צו ריידן מיט אים אַן איבעריק וואָרט... די דאָזיקע זכיה האָט געהאַט בלויז ד״ר זשיטלאָווסקי. זיי האָבן זיך ביידע שטאַרק באַפֿרײַנדט. אָבער אויך צו אונדז, יינגערע און תּלמידים פֿון וואַרשע, צו אַשן, נאָמבערגן און מיר, האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס פֿרײַנדשאַפֿט. ווער רעדט אַשן, האָט ער שטאַרק גערימט פֿאַר זײַן רעפֿעראַט וועגן אַריבערטראָגן די קולטור־אוצרות פֿון העברעיִש אין יידיש. דאָס איז אייגנטלעך געווען פּרצעס אידעאַל.

אַוודאי וואָלט פּרץ איצט זיך געפֿילט באַפֿרידיקט, נאָך דעם ווי דער תּנך איז איבערגעזעצט פֿון יהואָש, די גמרא פֿון ד״ר זאַלקינד, דער זוהר פֿון ש. צ. זעצער, דור דור ודורשיו פֿון אבא רובענשטיק — ווער קען דען די אַלע וויכטיקע איבערגעזעצטע אָריגינעלע ווערק פֿון קולטור־היסטאָרישן און וויסנשאַפֿטלעכן ווערט אויסרעכענען? בײַ אַזאַ שפּע וואָלט פּרץ שוין אפֿשר געשטימט אויך פֿאַר דער ערשטער רעזאָלוציע, אַז יידיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך.

די יידישע פּרעסע אין רוסלאַנד און אויך אין אַמעריקע (אויסער דעם פֿאָרווערטס, וועלכער האָט זיך צו דער קאָנפֿערענץ באַצויגן שיר ניט סימפּאַטיש) האָבן אויפֿגענומען די רעזאָלוציע מיט גרויס ביטול, שיר ניט חוזק געמאַכט פֿון איר, ווי למשל ש. יאַצקאַן, דער רעדאַק־טאָר פֿון הײַנט, אַ העברעיִסט וואָס יידיש איז פֿאַר אים דעמאָלט גע־ווען בלויז אַ מעלק־קו. זיי האָבן אָבער געלאַכט מיט יאַשטשערקעס. בײַ די מאַסן און בעסערער אינטעליגענץ האָט די רעזאָלוציע אַרויס־גערופֿן פֿרייד און באַגײַסטערונג. די יידישע ליטעראַטור האָט נאָך

מער אויפֿגעלעבט, זיך צעוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג. עס האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען אַלערליי זאַמלביכער פֿון די יונגע, און די עלטערע זײַנען אויך פֿאַרכאַפּט געוואָרן מיט זייער שטראָם. אַזוי האָט הלל צייטלין אין די יוגנטלעכע זאַמלביכער נײַ־צײַט געגומען אַ טיכטיקן אײַנטייל שוין שיר ניט ווי אַ ייִדישיסט, האָט שוין געשריבן זײַנע ליריש־פֿילאָסאָפֿישע עסייען אין ייִדיש און ניט דווקא אין העברעיִש.

בעל־מחשבֿות האָט אין ד״ר בירנבוימס וואָכנשריפֿט אָנגעשריבן אַ זייער פּאַטעטישן אַרטיקל וועגן ייִדיש און עספּעראַנטאָ. דעמאָלט האָבן די עספּעראַנטיסטן אויך געהאַט ערגעץ ווו אַ קאָנפֿערענץ און די אַנאַלאָגיע, וואָס בעל־מחשבֿות האָט געמאַכט צווישן די ביידע קאָנפֿערענצן, איז געווען רירנדיק מיט איר פּאַטאָס און גײַסטרײַכקייט. בעל־מחשבֿות, כּלומרשט אַ ציוניסט, האָט אָבער געהאַט גענוג געזונטן חוש פֿאַר ייִדיש און פֿאַר אירע רעכט.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון אברהם רייזענס לעבן און שאפן



בלעטער פֿון געשיכטע, שפּראַכפֿאָרשונג, קריטיק און זכרונות

נח פרילוצקי

# אברהם רייזען און די יידישע אָרעמקייט*

..דער מחבר פון „פישקע דער קרומער" און פון „קיצור מסעות בנימין השלישי" האָט פיינט געהאַט דאָס יידישע אביונישקייט בתכלית השנאה, וויסנדיק אַז די אומבאַשרייבלעכע מאַטעריעלע נויט פאַרדאַרבט, פאַרקריפּלט, צעשלייסט דעם יחיד און דעם כלל, פיזיש און גייסטיק.

אַבראַמאָוויטשעס האַס צו די הינטישע לעבנס־באַדינגונגען פון דער יידישער גאַס איז געווען טראָגעדיק מיט פּראָטעסט, מרידה און אויפשטאַנד. שמייסנדיק די יידישע ווירקלעכקייט מיט דער צאָרנדיקער, אין זאַלצוואַסער גוט אויסגעווייקטער רוט פון סאַטירע, האָט דער געניאַלער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער דענקער געשטרעבט צו דערוועקן די זעלביקע געפילן ביי יעדן ייד באַזונדער און ביי אַלע אין איינעם, כדי זיי צו פאַרמיאוסן דעם שרעקלעכן צושטאַנד און אַ שטויס טאָן זיי צו אַקטיווקייט, זעלבסטהילף און קאַמף. די קרבנות פון דער רעכטלאָזיקייט, פון די רדיפות און נגישות, פונעם דלות און הילפלאָזיקייט האָט מענדעלע מוכר ספרים ליב געהאַט ביז ווייטיק, ביז טרערן — אין זיינע ווערק פעלן נישט קיין רירנדיקע לירישע אויסגאָסן, אָבער זיי דאָמינירן דאָרט נישט: זיי זיינען דער אונטערשלאַק נישט דער אייבערשלאַק.

אַברהם רייזען פאַרמאָגט הומאָר, וויץ און צו צייטן אויך פיינעם סאַרקאַזם, נאָר ער באַזינגט די יידישע אָרעמקייט, די איינגעבוירענע גוטסקייט. פון דער נאַטור האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ לענק געטאָן דעם דיכטערס פּאָעטישן פּאַטאָס אין דער ריכטונג פון ליריק פאַר עקסעלאַנס. אויף דער אויסגעשטאַלטונג פון זיין זשאַנער האָט אפשר נישט געקאָנט בלייבן אָן איינפלוס אויך דאָס יידישע פּאָלקסליד, פאַר וועלכן ער האָט שוין אין די יונגע יאָרן געהאַט אַ גרויסן אינטערעס: צווישן די 376 יידישע פּאָלקסלידער, וואָס זיינען אין יאָר 1901 פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון שאול גינזבורג און פסח מאַרעק, געפינען זיך

*געדרוקט אין ליטעראַרישע בלעטער נ' 624, וואַרשע 24 אַפּריל 1936.

41 פון אַברהם רייזען צוגעשיקטע (פון זיי האָט ער 38 פאַרשריבן אין מינסקער גובערניע, 2 אין קאָוונער און 1 אין ווילנער).

אין רייזענס צייט, ווען דאָס ייִדישע לעבן האָט זיך שוין געהאַט אַ ריר געטאָן, דינאַמיזירט און אַקטיוויזירט, איז אַזאַ גרוי־רעאַליסטישע און צו גלייך שטיל־לירישע שילדערונג פון ייִדישע הונגער און נויט שוין געווען דערלאָזלעך.

*

אַזוי ווי מענדעלע מוכר ספרים איז געווען דער באַשעפער פון דער ייִדי־שער קינסטלערישער פּראָזע, אַזוי איז אַברהם רייזען דער פאָטער פון דער ייִדישער ליריק (זיין פאָרגייער שלמה עטינגער איז געווען דער מייסטער פון פאַבל און סאַטירע).

*

אַזוי ווי די ערשטע פורעמערס פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור — מענ־דעלע מוכר ספרים, יצחק־יואל לינעצקי, שלום עליכם, מרדכי ספּעקטאָר, יצחק־לייבוש פּרץ, — האָט זיך רייזען נישט באַגענוגנט מיט שאַפן אייגענע ווערק: ער האָט אויך געטריבן צו אַרויסגעבעריי, מינדסטנס סטימולירט פאַרלעגעריי.

איך געדענק, וואָסער רושם האָט אין מיין היימשטאָט אָנגעמאַכט דער עק־זעמפּליאַר פון זאַמלביכל „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט" (וואַרשע 1900) — טאַשנפאָרמאַט און לויטער קליינע זאַכן — ניי, לויט די סאָציאַלע מאָטיוון, און אויפפרישנדיק מיטן דיסקרעט רעוואָלוציאָנערן הויך.

ווהין רייזען איז נישט פאַרוואָגלט געוואָרן, דאָרט פלעגט תיכף אַרויס־שפּראָצן עפּעס אַ ליטעראַרישע אונטערנעמונג זיינע.

אין קראָקע, גלות אָפּריכטנדיק, גיט ער אַרויס אַ מאָנאַטשריפט קונסט און לעבן (1909). קיין וואַרשע צוריקקומענדיק, רעדאַגירט ער אַ וואָכנשריפט אייראָ־פּעיִשע ליטעראַטור. קיין ניו־יאָרק אויסגעוואַנדערט, שטייט ער אין שפּיץ פונעם אילוסטרירטן וואָכנבלאַט דאָס נייע לאַנד (1911).

*

פון דער פאָלקסמאַסע קאַפּויער געקומען און מיט איר אין געמיט ענג צו־נויפגעשווייסט, איז דער זינגער פון דער קעלערשטוב און פונעם בוידעמשטיבל איינער פון די ערשטע — און אויסגעהאַלטנסטע — ייִדישיסטן. דער דאָזיקער אומשטאַנד מאַכט אים, פאַרשטייט זיך, פאַר איינע פון די אָנגעזעענסטע פיגורן אין לאַגער פון די אַקטיווע קעמפערס פאַר דער נייער וועלטלעכער ייִדישער קול־

טור אויפן פונדאַמענט פון דער ייִדישער שפּראַך. די ייִדישע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט אים אין דעם פּרט גאָר פיל צו פאַרדאַנקען.

אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ (1908) איז ער געווען צווישן די ענערגישסטע קעמפערס פאַר פּראָקלאַמירן ייִדיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פונעם ייִדישן פאָלק.

— ווי אָט דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן — דערציילט אַ צייטונגס־באַריכט פון יענער צייט — זײַנען אַש און רייזען אַרויפגעפאַלן אײנער אויפן אַנדערנס האַלדז און זיך געקושט פאַר שמחה...

פון די צוויי איז אויף דער זעלביקער פּאָזיציע פאַרבליבן זײַן גאַנץ לעבן בלויז איינער — אַברהם רייזען.

*

אַברהם רייזען געהערט צו די אָנגעלייענטסטע ייִדישע שריפטשטעלערס — אָן אמתער ביכער־שלינגער. אַ פּשיטא האָט ער תמיד געלייענט אַלע נײַ־אַרויס־געגאַנגענע ייִדישע ביכער. אַ יום־טוב איז פאַר אים שטענדיק געווען איטלעכס ווערק פון אַ קאָלעגע, מכל־שכן פון אַ דעביוטאַנט. אין זין פון חברישער באַציִונג צו די ברידער שרייבערס האָט ער אפשר צו זיך קיין גלייכן נישט אין אונדזער שריפטשטעלערישער משפּחה. דער דאָזיקער האַרציקער גינער און פאַר־גינער, דער פאָלקסטימלעכער ייִדישער דיכטער און נאָוועליסט, וואָס איז אויס־געוואַקסן פון פאָלקלאָר און שטייגער, האָט אַרײַנגעבראַכט מיט זיך אין דער יונ־גער ייִדישער ליטעראַטור צערטלעכע פּשטות און וואַרעמע מענטשלעכקייט.

## ל. פיינבערג

### אַברהם רייזען [1]

ניו־יאָרק, ס׳איז נײַנצן אַכט און פערציק.
אַ זיצונג פון קולטור־קאָנגרעס.
עס גליִען אויגן, ס׳יובלען הערצער.
אַ ים פון שרײַבערס און פון געסט.

[1] פון בוך ייִדיש, נ״י 1950.

אַברהם רייזען אויף דער בינע
באַטראַכט דעם אויסגעצירטן זאַל.
דער עולם זשומעט, ווי די בינען,
און יעדער פּנים זינגט און שטראַלט.

ער קוקט־אַרונטער פון עסטראַדע:
— ווי וויַיט דער אָרעמער „זשאַרגאָן״,
פון עלטסטן — מיר, ביז יינגסטן — גראַדע,
האָט גבורהדיק אַ שפּאַן געטאָן!

— האָב איך אַמאָל אַזוינס געחלומט,
ווען כ׳האָב געשריבן ס׳ערשטע ליד,
אַז אונדזער אָרעמע התחלה
וועט ברענגען אַזאַ רײַכן שניט?

— פון גרויע קוידענאָווער שוועלן
צעלויכטן האָט זיך אונדזער פונק,
איז זיס געווען, ווי קלאָרער סטעלניק,
דאָס יידיש־ליד אויף אונדזער צונג.

— אין שטיבער אָרעמע און לערע,
בײַם קלויזניק, נייטאָרין און שמיד,
מיר האָבן אויסגעקושט די טרערן
מיט מילך־און־האָניקדיקן ליד.

— און איצט, קיין עין־הרע, אַזאַ שפע,
אַזאַ געבענטשטער יובלטאָג:
פון ווילנע, בראָנזוויל, ביז קיין חיפה,
בליט יידיש ווי אַ מאַנדלשטאָק.

ס׳קוקט אויף עולם יונגער רייזען,
די הענט אין קעשענע פאַרשטעקט:
— איז הוליעט מער ניט, ווינטן בייזע,
ס׳איז אײַער צײַט שוין לאַנג אַוועק!

א. אַלמי

# אַברהם רייזען — פּערזענלעך[1]

דער שריפטשטעלער און זיין ווערק זיינען ניט אַלע מאָל איינס. אדרבה, גאַנץ אָפט שטייט אַ מחיצה צווישן זיי, ווי זיי וואָלטן איינער מיטן אַנדערן קיין שייכות נישט געהאַט אָדער געווען צעקריגט צווישן זיך. אין בוך איז, למשל, דאָ ליבע, רחמנות, פאַרשטייעניש פון מענטשן, איינזעעניש, בעת דער מחבר פון דעם בוך איז אַליין גאַנץ ווייט פון די אַלע מעלות און ער קאָן ניט אויס־קומען מיט מענטשן, בפרט מיט די אייגענע קאָלעגן.

דאָס מיינט ניט, אַז אַזאַ שרייבער באַזיצט ניט די אויסגערעכנטע גוטע מידות. ער באַזיצט זיי. אַנדערש וואָלט ער זיי ניט געקענט אַרויסברענגען. די צרה איז נאָר, וואָס ער לעבט זיך אין גאַנצן אויס אין זיינע ווערק. ער איז אַזאַ גרויסער בעל־צדקה, אַז ער גיט זיינע „העלדן" אַוועק ביז דער לעצטער פּרוטה, די גאַנצע גוטסקייט און ליבע פון זיך, אַזוי אַז פאַר אים אַליין בלייבט שוין גאָר נישט.

אַז שרייבערס און ביכער זאָלן האַרמאָנירן, זיין איינס — דאָס איז כמעט אַן אוניקום. אָבער ס'זיינען דאָ אַזעלכע מחברים, וואָס ס'איז נישט קיין מחיצה און קיין ווידערשפּרוך צווישן זייער לעבן און זייער שאַפן. זיי זיינען די איי־גענע „סיי פּערזענלעך, סיי שריפטלעך".

ס'איז פאַראַן דער שרייבער, וואָס איז בייז און ביטער אין בוך און אין לעבן. אַזאַ שרייבער פאַרגינט ממש ניט דאָס שטיקל עקסיסטענץ די רעאַלע מענ־טשן אַרום אים און די „אויסגעטראַכטע" מענטשן אין זיינע ווערק. און פאַראַן דער שרייבער, וואָס איז פול מיט ליבע און רחמנות אין זיין אומגאַנג מיט מענטשן און אין זיין שאַפן. די פּערסאָנאַזשן אין זיינע ווערק זיינען בצלמו, אין זיין געשטאַלט, גוטע און געראָטענע.

מיר קומען דאָ אויפן זינען צוויי שריפטשטעלערס פון דער לעצטער קאַ־

---

[1] פון די צוקונפט, ב' 51, נ' 11, ניו־יאָרק, נאָוועמבער 1946, זז' 792—793.

טעגאָריע: וולאַדימיר קאָראָלענקאָ אין דער רוסישער ליטעראַטור און יעקב דינעזאָן אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער וואָס ס'איז שייך דינעזאָנען, האָט מען געמוזט זיין אַ יתום, אַדער אַן אַלמנה, צי אַ ביטערער עני ואביון, כדי צו געניסן זיין חסד ורחמים, ניט אַזוי ליבע, ווי רחמנות.

אַברהם רייזען, דער מענטש און דער שרייבער — זיינען איינס און דער איינס איז געבענטשט מיט ליבע. דער גרויסער סענטימענט פון ליבע דאָמינירט זיין לעבן און זיין שאַפן. ער האָט ליב די מענטשן אַרום, ער האָט ליב די מענטשן אין זיינע ווערק, ער האָט ליב אַלץ, וואָס איז יידיש און וואָס איז מענטשלעך.

ס'איז ניט סתם ליבע — ס'איז אַ ליבע, וואָס ווערט באַגלייט פון אַ שמייכל, דעם שמייכל פון פאַרשטיין און פאַרגעבן. דערפאַר איז ער מזכה מיט זיין ליבע אויך יענע, וואָס פאַרדינען ניט קיין ליבע, אָבער — מנע! זיי קענען זיך דאָך, נעבעך, ניט העלפן.

רייזענס ליבע איז, אייגנטלעך, אַ חסידישע ליבע, כאָטש רייזען איז אַ ליטוואַק און אַ מתנגד. און מע קאָן וועגן רייזענען זאָגן, וואָס יענער חסידישער רבי האָט געזאָגט וועגן דעם בעל־עגלה, וועלכער שמירט די רעדער אין מיטן דאַוונען: ניין, ער דאַוונט אַפילו בעת ער שמירט די רעדער.

רייזען האָט ליב אַפילו אין מיטן פיינט האָבן עמעצן — ניין, פיינט האָבן איז אַ צו־שטאַרק וואָרט פאַר אים: לאָמיר זאָגן — אין מיטן פאַרשטיין, אַז יענער פאַרדינט ניט קיין ליבע.

האָט אברהם רייזען דען פיינט געהאַט העברעיִש, בעת ער האָט אַזוי שאַרף באַקעמפט די העברעערס און אויף פאַרזאַמלונגען אין וואַרשע און אין קראָקע די העברעיִשע רעדעס איבערגעריסן מיטן צווישן־רוף „יידיש!"? ניין, ער האָט העברעיִש ליב, אָבער ער האָט נאָך ליבער דאָס פאָלק — און דאָס פאָלק רעדט יידיש...

אַפילו ווען רייזען שרייבט זיינע רעוואָלוציאָנערע, קעמפערישע לידער, איז עס ניט אַזוי די שנאה צו די טיראַנען, וואָס פירט זיין פען, ווי זיין ליבע צו די מאַסן, צו די אָרעמע און געדריקטע.

מיר דאַכט זיך, אַז ווען מע וואָלט רייזענען אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם צאַר ניקאָליי אין יענע יאָרן פון שטורעם און דראַנג, וואָלט זיך זיין האַנט ניט געהויבן אין אים אַריינצושיסן אַ קויל. ער וואָלט אַנשטאָט דעם אין אים אַריינגעשאָסן אַ פאָרציע מוסר:

— פע, ניקאָליי, ניט שיין אַזוי צו האַנדלען...

ס׳איז ממש סימבאָליש פאַר רייזענען, וואָס בעת מע האָט אים גענומען צום רוסישן מיליטער האָט מען אים, דעם געזונטן, גוט געוואַקסענעם יונגן־מאַן, ניט געגעבן קיין ביקס, נאָר אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט, אים געמאַכט פאַר אַ מוזיקאַנט.

אין אַ וועלט פון רשעות, מאָרד, שיסעריי איז אַברהם רייזען אַ מוזיקאַנט, אַ שפּילער, וואָס שפּילט אַלע מאָל זיין אייגענעם, אייגנאַרטיקן — רייזענשן — ניגון.

אַזוי אין לעבן, אַזוי אין זיין שאַפן — אין זיינע לידער און אין זיינע דער־ציילונגען. כ׳וואָלט פּשוט געדאַרפט ציטירן יעדע דערציילונג זיינע, אַרויסצו־ברענגען די ליבע, מיט וועלכער רייזען באַהאַנדלט זיינע „העלדן״ און די ליבע, וואָס שטראַלט פון זיי צו דער אַרומיקער וועלט.

די דאָזיקע וואַרעמע רייזענשע ליבע דאָמינירט אויך זיינע זכרונות. נישטאָ אין זיי קיין שלעכטע מענטשן, נישטאָ אין זיין קיין מיאוסע מענטשן, איבער הויפּט ניט קיין מיאוסע פּרויען. אויב ער כאַפּט זיך אַרויס מיט אַן אומגינציקן וואָרט וועגן עמעצן, אין אַ שמועס אָדער אין זיינע מעמוּאַרן, דערשרעקט ער זיך אַליין און פאַרכאַפּט זיך באַלד מיט אַ „הגם״ — און דער „הגם״ איז אַלע מאָל אַ זכות.

רייזען איז דער גרויסער מליץ־יושר, וואָס איז אַלץ און אַלעמען דן לכף זכות. אויב ער שטראָפט אַ מאָל וועמען, איז ווי יצחק לוי באַרדיטשעווער שטראָפט דעם רבונו־של־עולם — און ווער האָט נאָך אַזוי ליב געהאַט דעם בורא־עולם ווי דער באַרדיטשעווער?

און ווי אין די מעמואַרן, אַזוי אין זיינע רעצענזיעס — דער פאַרליבטער און דער מליץ־יושר. מע האָט רייזענען אַ סך קריטיקירט פאַר די דאָזיקע רע־צענזיעס, וואָס זיינען איבערגעפּלאָדן מיט סופּערלאַטיוון. מיט אַליין איז אויסגע־קומען עטלעכע מאָל אַרויסצוטרעטן קעגן זיי. אָבער ס׳האָט מיר וויי געטאָן, וואָס איך מוז רייזענען דאָס אויסריידן, וואָרן רייזען האָט ליב דאָס יידישע וואָרט אַהבת נפש, האָט ליב אַלעמען, וואָס פאַרנעמען זיך דערמיט. נו, אַז איינער שרייבט שלעכטע פערזן אָדער שלעכטע פּראָזע — קומט אים דערפאַר מיתה? ער קאָן דען בעסער, נאָר ער וויל ניט? ער וויל דאָך, ער מיינט דאָך גוט — און שוין דערפאַר אַליין פאַרדינט ער אַ גוט וואָרט...

## ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# אַברהם רייזען און זיין צייט[1]

— 1 —

דאָס איז געווען אין די טעג, ווען די ייִדישע ליטעראַטור איז אַוועק אויפן ברייטן וועג פון דער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט. אין דעם דעמאָלטיקן געזעל־שאַפטלעכן לעבן אונדזערן האָט זיך פונאַנדערגעבליט דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם. אָבער די ליטעראַטור אונדזערע האָט, צום גליק, אויסגעמיטן סיי דעם פּראָגראַמאַטישן ציוניסטישן רוף און סיי דעם דירעקט סאָציאַליסטישן רוף. די ליטעראַטור פון לינעצקי, מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ און פון אַ סך שפּעטער־דיקע האָט אויסגעוויילט דעם פאָלקסטימלעכן נוסח. ייִדישע פאָלקסטימלעכקייט: ייִדישע חכמה, האַרציקייט, ייִדישער ניגון. ייִדישע פאָלקסטימלעכקייט: ברייטע נאָענטע דעמאָקראַטישקייט, דערהייבונג פון אָרעמאַן, רחמנות אויף דעם געפאַלע־נעם, און ליבשאַפט צו טאַטע־מאַמע.

ציוניזם האָט זיך געריסן צו „שבת״; האָט געקריגט קעגן דעם איצטיקן ייִדישן טיפּאַזש; ציוניזם האָט אָפט גערעדט מיט ביטול צום געטאָ־ייִד, און אַ מאָל אויך מיט אַכזריות. און סאָציאַליזם ביי אונדז האָט דעמאָלט אויך געקריגט קעגן דער ייִדישער רעאַליטעט. דער בונדיסט אין יענע יאָרן האָט דאָך געהאָפט אויף באַלדיקער רעוואָלוציע־אויסלייזונג, ווען מען וועט שנעל פּטור ווערן פון דעם ייִדישן דאָרפסגייער, ווינטמענטש און צוריקגעשטאַנענעם בעל־מלאכה. „אַלע־מען — זאָגט בעל־מחשבות, אין אַ קריטיק איבער אַברהם רייזענען — האָט אָפּ־געשטויסן דער קבצנישער טיפּ. די שטימונג ביי דער ייִדישער אינטעליגענץ איז געווען אַ ראָמאַנטישע, און צו גלייך אַן אויטאָפּיסטישע. אָבער ניט קיין נאַטוראַ־ליסטישע אָדער רעאַליסטישע. ווייניקער פון אַלץ האָט מען זיך אינטערעסירט מיטן נאָענטן „פּשוטן לעבן״.

אָבער די ייִדישע ליטעראַטור האָט די דאָזיקע נעגאַציע פאַרטריבן אָדער

---

[1] פון די צוקונפט, ב׳ 56, נ׳ 9, ניו־יאָרק, נאָוועמבער 1951, זז׳ 408—409.

כאָטש אָפּגעטעמפּט די שאַרפקייט אירע. די ייִדישע ליטעראַטור מיט דעם חיות פון איר פאָלקסטימלעכקייט האָט געשטאַרקט און געמוטיקט; האָט אויך אַנטדעקט וווּנדערלעכע „נשמה־פּייערלעך" אין דעם „טונקעלן טאָל". פּרץ האָט קבלהדיק דערזען פּייערלעך אויך אין דעם זומפּיקן פעלד...

און אַזוי איז די ייִדישע ליטעראַטור מצליח געווען.

אָט און יענע טעג האָט זיך באַוויזן אַברהם רייזען. און באַוויזן האָט ער זיך אין זיין אייגענער קינסטלערישער געשטאַלט. בצלמו.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און מע האָט רייזענען אויפגענומען מיט ליבשאַפט אין דער „לאַנגער ייִדישער גאַס". אַן אורח אויף שבת איז אַוודאי אַ גרויסע מצווה. אָבער רייזען האָט מיט זיין וואָרט און מיט זיין ניגון אויך געבראַכט אַן אורח אויף דער ייִדישער וואָך. און ייִדישע וואָך מיינט בשום אופן נישט: וואָכעדיקייט... „גוט שבת" איז אַ גרויסע ברכה. אָבער דער באָבעס „גוט־וואָך" איז אויך געווען גרויסע בענטשונג. און אָט מיט דער דאָזיקער בענטשונג איז רייזען געקומען צו אונדז.

אַברהם רייזען האָט געבראַכט זיין אייגענעם קינסטלערישן נוסח פון דער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט. ער איז געקומען ניט דווקא אָפּצודעקן די ייִדישע נויט: „נאַט, זעט!"... און ער איז געקומען אויך ניט צו פאַרדעקן די ייִדישע נויט מיט „שבתדיקע, חסידיש־נגידישע וואָלקנדלעך"... ער איז געקומען ניט מיט געשריי, מיט אַ צער און צאָרן־געשריי, און אויך ניט מיט קיין צו הילכיקן געלעכטער... אויב יע שטראָפן, איז זאָל עס אָבער זיין מילד, צאַרט; אויב יע לאַכן, איז זאָל עס זיין שטיל, און טרייבנדיק, לייכטער שמייכל בלויז, אָט אַזוי: ווי עס שמייכלט אַ ליכט אין דער פינצטערניש; ווי עס שמייכלט און טרייסט אַ לאַמטערנע, וואָס אַ ייִדיש ייִנגל טראָגט מיט זיך ביי נאַכט גייענדיק אַהיים פון חדר...

אַברהם רייזען איז אַריין אין דער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט אָן אַ ייִדישקייט־קאָמפּלעקס, אָן דער ספּעציפישער מצווה־באַוווּסטזיניקייט, ווי אַנדערע שעפערס פון אָט דער געבענטשטער פאָלקסטימלעכקייט. ער איז געקומען אָפן און נאַטירלעך, געקומען אייגן און נאָענט. דערפאַר האָט אים דאָס פאָלק אַזוי אויפגעכאַפּט און אַריינגענומען אין האַרצן.

איך גיי ווייטער און זאָג: אויף דעם וועג צו דער ייִדישער וואָך, ייִדישן טיפּאַזש, ייִדישער סביבה, האָט רייזען אַפילו ניט געוואָלט זיין צו פּאַרנאַסיש־קינסטלעריש, צו אָלימפּיש. ער האָט ניט געוואָלט פאַרדעקן זיין בשורה־טובה מיט צו פיל (אַ מאָל גאָר צוגעטראַכטע) קינסטלערישע מיטלען.

פון רייזענס ליד וועגן דעם „בערגעלע מיסט", פון זיין „אַ געזינד זאַלבע אַכט", פון זיין ליד וועגן היימלאָזן, וועגן דעם דאָרפסגייער און וואַנדערער, פון זיין „העמערל, העמערל, קלאַפּ", פון אַלע זיינע האַרציקע לידער האָט זיך געטראָגן דער עטיש־לירישער קלאַנג פון דעם יידישן פאָלקסגעבעט: „לאָמיר זיך ניט שעמען מיטן אייגענעם בלוט" און ניט שעמען זיך מיט אייגענער נויט.

— 2 —

מע טאָר דאָ קיין טעות ניט מאַכן: פאָלקסטימלעכקייט מיינט בשום אופן ניט: פּרימיטיווקייט. פאַרקערט, פאָלקסטימלעכקייט קען ווערן גרויסע דערהייבונג, גרויסער פּאָרויסגאַנג. מע קען עס גרינג דערשפּירן ביי אונדז אויך ביי טייל פון די נייסטע דיכטערס. רייזענס גרויסער אויפטו באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז, קען מען זאָגן, געווען דער ערשטער, וואָס האָט דעם פאָלקסטימלעכן נוסח אַריינגעטראָגן אין אונדזער פּאָעזיע. מענדעלע, שלום עליכם האָבן דעם פאָלקסטימלעכן דרך המלך אויסגעברייטערט אין דער פּראָזע. אַזוי איז עס שוין געגאַנגען דורך פאַרשיידענע זיגזאַגן ווייטער. און די פּאָעזיע? ש. פרוג האָט זיך געוואַקלט צווישן רוסיש און יידיש, צווישן פעליעטאָניסטיש־גרינגע פערזן און צווישן לירישע שורות; צווישן ציון־טענער און משלים־לידער, ווי די „טראָיקע", „די בריק" און אַנדערע; א. ליעסין, שוין אין אַמעריקע, האָט אויך ניט אויפגעכאַפּט דעם האַרציק־פאָלקסטימלעכן טאָן. יהואָש איז אַוועק צו אַמאָליקער פאָלקסטימלעכקייט, צו תלמודישע באַלאַדן. מאָריס ראָזענפעלד אין זיינע אַרבעטער־ און שאַפּ־לידער האָט יע אָנגעשלאָגן פאָלקסטאָן, האָט יע געכאַפּט דעם „יידישן ניגון" און דעם „יידישן מיי". אָבער ער איז געווען אין זיין בולטקייט אַמעריקאַניש, איסט־סיידיש, און דער עיקר: דער סוועטשאַפּ־פּאָעט! דאָס פּשוט פאָלקישע, דאָס האַרציק פאָלקסטימלעכע האָט נאָך געוואַרט אויף זיין תיקון, אויף זיין טאָליקן דורכרייס, כדי קאָנען אַריינפליסן אין דעם הויפּטשטראָם פון דער ניי־געבוירענער יידישער ליטעראַטור, אַזוי אַז פּראָזע און פּאָעזיע זאָל ווערן איינס, גאַנץ, צונויפגעהאָפטן. אָט דעם תיקון האָט געבראַכט אַברהם רייזען.

און קומענדיק נעענטער צו דער קונסטפּראָבע דאַרף מען אויך אין זינען האָבן, אַז אַברהם רייזען האָט דער ערשטער געבראַכט דאָס קליינע לירישע ליד. י. ל. פּרץ האָט אַ שיין געטאָן מיט זיין מערקווערדיקער באַלאַדע „מאָניש". אָבער ניט מער. זיינע אַנדערע באַלאַדעס זיינען שוין געווען צעצויגן, דידאַקטיש. דאָס קליינע ליד איז פּרצן דאָס רוב ניט געלונגען. ניט געווען אין זיינע קליינע לירישע לידער יענע פאָלקסטימלעכע פּשוטקייט וואָס אין „מאָניש". ערשט שפּעטער, אין דער פּראָזע, האָט זיך אַנטפּלעקט פּרצעס פאַרטיפטע פאָלקסטימלעכקייט, אין זיי־

נע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן”. איז אויסגעקומען, אַז אַברהם רייזען האָט גע־בראַכט דאָס קליינע ליד, די דריי־פיר־פערזיקע, דאָס קאָנצענטרירט לירישע ליד. דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו אין יענע טעג, ווען אַפילו אונדזערע גרויסע וואָרטמייסטערס האָבן צו פיל גערעדט, צו צעצויגן.

און אין איינעם מיט דעם האָט שוין אַברהם רייזען דווקא דורך זיין אָפנ־קייט און נאַטירלעכקייט, אָן אַ ספּעציעלער קונסטפּראָגראַם פאַר ייִדן, אַריינגע־בראַכט אַ וועלטלעכקייט אין ליד און אויך אין דער דערציילונג, על כל פּנים, אַ וועלטלעכן צוגאַנג צום אָרום און אויך אַ וועלטלעכן צוגאַנג צום פאָלקסאויס־דרוק און צו דער שפּראַך: ייִדיש. ייִדישע שפּראַך אָן השכלה־טעאָריעס; ייִדישע שפּראַך אין איר ריינקייט און שיינקייט. השכלה און חובבי־ציון־טעאָריעס בנוגע ייִדיש זיינען, אייגנטלעך, געווען: געטאָ־טעאָריעס, טעאָריעס מיט קאָמפּלעקסן, מיט פאָביעס, מיט איינריידענישן. אָבער אַברהם רייזען, מיט זיין נאַטירלעכקייט און פּשוטקייט, האָט זיך גלייך געשטעלט העכער פון די אַלע געטאָ־טעאָריעס און האָט גענומען טראָגן ייִדיש אויף זיינע הענט פּונקט אַזוי ווי ער האָט גענומען טראָגן אויף זיינע הענט דאָס ייִדישע ליד. רייזען האָט, ווי געזאָגט, אויך בנוגע ייִדיש געבראַכט אַ ברייט־וועלטלעכן צוגאַנג.

יעקב גלאַטשטיין

# דער אַלטער אַברהם רייזען און דער נייער אַברהם רייזען [1]

## רייזען אין לידער

אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן האָט זיך אין אַברהם רייזענס ביאָ־ביבליאָ־גראַפיע אַרײַנגעכאַפּט אַן אומלעקסיקאָנישער פאָרוואורף צו די קריטיקערס, וואָס האָבן נישט אָפּגעשאַצט אַברהם רייזענס ווערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. אָט דער דורכפֿאַל אין דעם אַקאַדעמישן טאָן פון לעקסיקאָן איז פאַרגעבלעך—פאָרט אַ ברודער. אָבער דער פאָרוואורף איז אויך אַ גערעכטער, ווײַל רייזען האָט טאַקע נישט געהאַט קיין גרויס מזל צו דער אָנערקענטער קריטיק. בעת דער עולם האָט דעם דיכטער ממש געטראָגן אויף די הענט, האָט די אָפיציעלע קריטיק זיך באַצויגן צו אים מיט לעבלעכן אינטערעס.

זלמן רייזענס לעקסיקאָן איז דערשינען אין 1926, ווען דער דיכטער איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר און ווען זײַנע איבערגעגעבענע לייענערס האָבן זיך געציילט אין די הונדערטער טויזנטער בכל תפוצות ישראל. די קריטיק איז אַזוי געפּלעפט געוואָרן פון רייזענס פּאָפּולאַריטעט, אַז זי האָט אים נאָך שטאַרקער אַרײַנגעוואָרפן אין די אָרעמס פון פאָלק, וואָס האָט אים געוואָלט פאַרצוקן פון גרויס ליבשאַפט. אָבער אין 1926 איז אַברהם רייזען געווען זייער ווײַט פון אַ פאָלקסדיכטער. זײַנע אומצאָליקע באַוווּנדערערס האָבן נאָך אַלץ ליב געהאַט דעם רייזענען פון מאַי קא משמע לן, און פון אַ געזינד זאַלבע אַכט, וואָס זײַנען שיר נישט געוואָרן פאָלקסלידער. אַוודאי האָט מען אים געלייענט, אָבער מען האָט זײַנע לידער אַזוי פרום נישט געדאַוונט ווי די ערשטע קלאָר געזאָגטע און קלוג געזאָגטע לידער פון דעם באַליבטן פּאָעט, וואָס האָט נאָך געדרוקט לידער אין יוד און אין פריינד.

ווען רייזען וואָלט זיך געווען איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן צו דער

---

[1] פון יעקב גלאַטשטיינס בוך אין תוך גענומען, עסייען 1945—1947, נ״י 1947, זז׳ 520—544. דער טיטל איבער די דאָזיקע פראַגמענטן איז פון דער רעדאַקציע.

געפּיעשטשעטער פֿאָלקסליבשאַפֿט. וואָס האָט אים אַרומגענומען, וואָלט ער אַ סך ווייניקער באַטײַט פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. רייזען איז אַריבערגעוואָקסן זײַנע לייענערס פֿון די נײַנציקער יאָרן און פֿון די ערשטע עטלעכע יאָר פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַלע זײַנע לייענערס זײַנען אים געבליבן געטרײַ, אָבער ער איז נישט געבליבן געטרײַ זײַנע סאַמע ערשטע לייענערס, וואָס האָבן אין זײַנע לידער געזוכט די האָניק־יאָרן פֿון זייער ייִנגלשער באַקאַנטשאַפֿט מיט אים — פֿון זייער אייגענער יוגנשאַפֿט.

הלוואַי וואָלט די ייִדישע ליטעראַטור געהאַט אַזוי פֿיל גוטע רייזען־לייענערס, וויפֿל זי פֿאַרמאָגט התלהבותדיקע רייזען־באַוווּנדערערס, ווי מיר וואָלטן רײַכער געווען מיט צענדליקער טויזנטער גוטע לייענערס פֿון דער אַלגעמיינער ייִדישער ליטעראַטור! אָבער דער טרויעריקער אמת איז, אַז אין די צוואַנציקער יאָרן פֿון אונדזער יאָרהונדערט האָט רייזען דערגרייכט די העכסטע שטופֿע פֿון זײַן פּאָעטישער אַנטוויקלונג און דאָס איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אומ־באַמערקט, נישט נאָר פֿאַר דער קריטיק, נאָר אויך פֿאַר זײַן אייגענעם לייענער, וואָס האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם פֿאַרענדיקטן רייזען, בעת דער פּאָעט אַליין האָט געהאַלטן אין איין שטײַגן און קלעטערן העכער און העכער.

רייזען איז צוויי מאָל פֿאַרשאָטנט געוואָרן אין זײַן לעבן. דאָס ערשטע מאָל איז ער פֿאַרשאָטנט געוואָרן דורך זײַן ליכטיקער פּאָפּולאַריטעט, וואָס האָט אים מיט געוואַלט אַרײַנגעקלאַמערט צווישן די טויזנטער און טויזנטער פֿון זײַנע לייענערס, וואָס האָבן אים אַרומגענומען מיט אַזוי פֿיל וואַרעמקייט, אַז זיי האָבן אים שיר ניט אין גאַנצן פֿאַרדעקט. ס׳האָט געפֿעלט אַ האָר, אַז ער זאָל געשטרויכלט ווערן דורך דער גרויסער, אַנאָנימער איבערגעגעבנקייט צו אים, וואָס האָט אים אַליין שיר ניט פֿאַרוואַנדלט אין אַ זינגער פֿון פֿאָלק.

אָבער דער דיכטער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט מיט גרויס קינסטלערישער געשיקטקייט און ער האָט איבערגעלאָזט זײַן אַמאָליקן צודרינגלעכן לייענער ווײַט הינטער זיך.

דאָס צווייטע מאָל איז דער פּאָעט פֿאַרטונקלט געוואָרן דורך די יונגע און ייִנגערע, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן שכלדיקער פּאָעטישער עברי און קעגן דער צוויי־דימענסיאָנעלקייט פֿון וואָרט. זיי האָבן געזוכט אַ נײַע, פֿאַר־באָרגענע דיכטערישע לעקסיק, אַ נײַע טאָנאַליטעט.

דער פּאָעט אַברהם רייזען איז געבליבן געטרײַ צו זיך אַליין. ער איז צײַטווײַליק פֿאַרטונקלט געוואָרן, אָבער ער איז ווידער אַ מאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן. מ׳האָט לחלוטין נישט באַמערקט אין יענער צײַט, אַז רייזען האָט ראַפֿינירט זײַן אומקאָמפּראָמיסלעכע געטרײַשאַפֿט צו זיך אַליין. איך וואָלט גע־זאָגט, אַז רייזען האָט זיך פּאַקטיש אַלע צען יאָר איבערגעשטיגן, ריינער און פּערלדיקער געמאַכט זײַן אייגענע דיכטערישע האַנטשריפֿט, רײַכער געמאַכט

זײַן טאָן, פֿאַרטיפֿט זײַן וואָרט און איבערגעשריבן אַלץ וואָס די אַכזריותדיקע צײַט האָט אַ ביסל פֿאַרקלעקט און פֿאַרמעקט. ביז ער האָט טריומפֿירט און דערגרייכט זײַן העכסטע הייך אין די צוואַנציקער יאָרן פֿון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. דער פּאָעט אַליין האָט קלאָר געוווּסט, אַז ער לײַדט פֿון צו פֿיל קלאָרקייט, וואָס באַטויבט דאָס ליד און באַרויבט עס פֿון לופֿטיקייט, וואָס גיט זײַן ליד אָפֿט מאָל דעם קלונג פֿון אַ האַרטער קופּערנער מטבע, אין תּוך אמתדיק, אָבער אָרעם. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דעם קהלת־טאָן פֿון זײַן אייגענער חכמה. ער האָט מורא געהאַט, אַז די חכמה וועט זיך אויסשעפּן און ער וועט בלײַבן מיט דעם האַרטן און טרוקענעם וואָרט פֿון אָפּגעקילטער און אַשיקער ווײַזהייט.

שוין אין די לידער, וואָס רייזען האָט געשריבן צווישן 1908 און 1912, געפֿינען מיר אַזאַ ליד ווי „אין מיטן וועג״:

איך שטעל זיך אָפּ אין מיטן וועג.
איך הייב־אָן וואָס דערמאָנען,
איך הייב־אָן וואָס דערקאָנען —
איך הער אַ גרוס פֿון אַלטע טעג.

דער גרינער בוים בײַם וואַסער שטייט.
ער שטייט שוין אָנגעבויגן —
אַ פֿויגל איז פֿאַרבײַגעפֿלויגן —
דאָס האַרץ איז פֿול מיט שרעק און פֿרייד.

...דעם פּאָעטס קלוגשאַפֿט איז געוואָרן פֿאַרצויבערטער, געהיימער, פֿאַר־וואָלקנטער מיט קוים אָנדײַטנדיקייט. אין 1921 האָט ער אויסגעדריקט אַ געדאַנק, וואָס ער וואָלט, מיט יאָרן פֿריִער, זיכער אַרויסגעזאָגט מיט אַן עלעמענטאַרער קלאָרקײַט:

מיר, בײַ דער גרענעץ פֿון צײַטן,
ווי שווער איז צו מאַכן אַ טריט.
פֿאַנטאַסטישע בילדער פֿון ווײַטן,
און פֿעלדזן און בערג פֿון גראַניט,
און מחנות פֿאַרצויבערטע רײַטן
פֿון קיינעם געפֿירט און געהיט.

און דאָ, ווו מיר שטייען איז היימלעך,
און אַלץ אַזוי נאָענט באַקאַנט,
די לאָנקעס, די הײַזלעך, די ביימלעך,

די קלייניגקע בלומען בײַם וואַנט,
די נידעריק געפלאָכטענע ציימלעך,
די רויִקע פירנדע האַנט.

די לעצטע צוויי שורות פון ליד זײַנען אויך אַ המצאה, אָבער אַ דיכטע־רישע, אַ המצאה וואָס איז קלאָר מיט אַ קאָמפּליצירטער קלאָרקייט, וואָס איז אַ דיכטערישער אײַנפאַל און איז געשריבן נאָך דעם פּאָעטס רײַפן רעצעפּט פון „דאָס ציטעריקע זיך פאַרטראַכטן בײַם לעצטן וואָרט און קלאַנג“.

רייזען איז געקומען צו דער ייִדישער ליטעראַטור מיט טרייסטנדיקער און גלייבנדיקער גוטסקייט, ווי דער נביא פון זײַנס אַ ליד, וואָס —

ניט מיט שטראָפרייד וועט ער קומען,
ניט מיט בייזע רייד,
ווי דער גערטנער בײַ די בלומען
שטייט און קוקט מיט פרייד,
ווי דער שומר בײַ די ביימער
בענטשט זיי שטילערהייט.

וואַרעמער פון וויטמאַנען, וואָס האָט זיך נישט געפילט פרײַ, אַזוי לאַנג ווי עמעצער איז נאָך פאַרשקלאַפט, האָט רייזען אויסגעדריקט זײַן פאַרשקלאַפונג צום טרויער פון דער וועלט:

איך הער דעם טרויער פון דער וועלט,
איך וויים ניט, ווער עס לײַדט און ווו,
און שאָטנס רוקן זיך אַלץ אָן,
און ס׳קלינגט און ס׳רופט אַ ווײַטער טאָן.

איך הער דעם טרויער פון דער וועלט
אַ גרוס פון אַלץ, וואָס לעבט און לײַדט.
איך וויים ניט, ווער און ווו עס לײַדט...
איך הער אַ רופן פון דער ווײַט...

די אַלע לידער פון רייזענס דיכטערישער גלאַנץ־פּעריאָדע האָב איך גע־בראַכט פון דער זאַמלונג נײַע לידער, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווילנע 1929, אין דער פאַר־סוצקעווער ווילנע, נאָך איידער מען האָט געמוזט צעשמעלצן די פּלאַטן פון האחים ראָם אויף קוילן און שיסן דערמיט אויף די נאַציס. אין דער זאַמלונג פון גלייביקע לידער האָט זיך רייזען דערמאָנט אין די ערשטע, סאַמע ערשטע ייִדיש־רעוואָלוציאָנערע לידער, און ער האָט אויף זיי

רחמנות געקראָגן. ער האָט זיי אָפּגעציטערט מיט זײַנע גרויסע דיכטערישע פֿליגל און זיך געבעטן בײַ די דורות פֿון דער צוקונפֿט, וואָס זײַנען נאָך דעמאָלט געווען, אָנגעצייכנט אויף דעם ווילנער הימל —

דורות פֿון דער צוקונפֿט,
קומענדיקע ברידער,
איר זאָלט זיך ניט דערוועגן
אויסלאַכן די לידער —
לידער פֿון די שוואַכע,
לידער פֿון די מידע,
און אַ דור אַן אָרעמען
פֿאַר דער וועלטס ירידה.

...וועגן רייזענס גרויסער ייִדישער דיכטערישער ירושה איז כדאי צו ברענגען זײַנס אַן אייגן ליד, וועגן דעם ערשטן אויסטראַכטער פֿון אותיות, וואָס איז געווען געדרוקט אין 1926.

ווער איז געווען אַמאָל דער ערשטער,
וואָס האָט די אותיות אויסגעטראַכט?
געזעסן איז ער אַ באַהערשטער,
אין שטילקייט פֿון געהיימער מאַכט.

אין ווינקל וואַלד זיך ווײַט פֿאַרקליבן
און שוין געזוכט פֿון אונטערגאַנג,
און צייכנס מיט אַ צווײַג געשריבן,
אויף פֿײַכטער ערד ס׳זאָל בלײַבן לאַנג.

און האָט דערנאָך באַטראַכט די שטערן,
אין זייער ליכטן זיך פֿאַרטיפֿט,
און האָט געטרייסט זיך: ס׳וועט געווערן,
ווי דאָרט די שטערן, דאָ זײַן שריפֿט.

פֿאַראַן אַ ווונדערלעכע וואַרעמקייט אין די מענטש־פֿרומע אותיות, ווערטער, שורות, וואָס רייזען האָט „אויסגעטראַכט” אין זײַנע איבער צוויי טויזנט לידער. דערפֿאַר מעג מען זאָגן אָמן — ווי דאָרט די שטערן, דאָ זײַן שריפֿט.

## רייזען אין פּראָזע

...ווי אַ פּראָזע־קינסטלער האָט זיך רייזען אַ סך פֿריִער געפֿונען ווי אין זײַנע לידער. פֿון זײַנע איבער צוויי טויזנט דערציילונגען קען מען זיכער אויס־

קלײַבן הונדערט, וואָס זײַנען אַזוי פּערפעקט ווי זײַנע בעסטע לידער. און אַז מען וועט אָפּקלײַבן די בעסטע דערציילונגען, וועט מען אײַנזען, אַז זיי זײַנען געשריבן געוואָרן צווישן 1900 און 1916, ווען אברהם רייזען האָט זיך נאָך אַרומגעזוכט ווי אַ דיכטער.

כ'בין ניט זיכער צי מען קען זאָגן, ווי אַ סך קריטיקערס ווילן האָבן, אַז רייזען האָט דער ערשטער אַרײַנגעבראַכט די קורצע דערציילונג אין יידיש. מ'וואָלט באַדאַרפט געפינען אַ ספּעציעלע דעפיניציע און אַ באַזונדערע ראָלע פאַר דער קורצער דערציילונג, כדי מען זאָל דערפון אויסשליסן שלום עליכמען, פּרצן, מענדעלען און אַפילו ספּעקטאָרן און דיקן. אָבער זיכער איז, אַז רייזען האָט דער ערשטער אַרײַנגעבראַכט די ספּעציפישע קורצע דערציילונג, וואָס פאַרמאָגט אַ הויך פון פּאָעזיע און פאַלט פון דעסט וועגן ניט אַרײַן אין דער סענטימענטאַלער פאָרעם פון דער אַזוי גערופענער לירישער פּראָזע. רייזענס בעסערע דערציילונגען זײַנען געשריבן אין אַ טרוקענער און ניט אין אַ פאַר־טרערטער פּראָזע. פאַרקערט, זיי זינדיקן אָפט מיט סקעלעטישקייט — ממש הויט און ביינער — און דאָך זײַנען זיי מוזיקאַליש אויפגעפאַסט. די ווערטער און די זאַצן זינגען אָן דער פריקרער געזאַנגיקייט פון ווייכער מעלאָדעקלאַ־מאַציע. דאָס, וואָס ס'האָט רייזענען גענומען לענגער צו דערגרייכן אין זײַנע לידער, האָט ער גלײַך דערגרייכט אין זײַנע בעסערע דערציילונגען.

...מ'דאַרף רייזענען געבן דאָס שענסטע בענקל, דעם שענסטן אויבנאָן, בײַם לאַנגן, טרויעריקן טיש. צוזאַמען מיט אים, אין דער מסיבה, וועלן מיר אפשר צוריקבלאָנדזשען צום גלויבן, אַז דער ליקוי־יידיש וועט זיך אַ מאָל אויסלײַטערן, און אויסטראַכטן האָפענונג, ווי רייזען האָט עס געטאָן אין זײַנס אַ ליד אילוזיע...

וואָס גייט דאָס וואָכיקע דיר אָן?
טראַכט־אויס, קלער־אויס, נאַר־אָפּ, זאָג־אָן,
אין נעפּלען ראָזיקע פאַרהיל
דאָס וואָכיקע אין לויטער שפּיל.

יעפים ישורין

# אברהם רייזען - ביבליאגראפיע

## ווענן אַ. רייזען אין ביכער

**איגנאַטאָוו, דוד**

1 אַפּגעריסענע בלעטער, **ב״א 1957, ז׳ 84.**

**אַלגין, מ.**

2 **אין דער וועלט פון געזאַנגען, נ״י 1919, זז׳ 119־242.**

**אַלמי, אַ.**

3 ליטעראַרישע נסיעות, **וואַרשע 1931, ז׳ 48, 49, 50, 51, 52, 182.**

4 קריטיק און פּאָלעמיק, **וואַרשע 1939. — שלמה ביקל** — די יודישע עסיי, **נ״י 1946, זז׳ 99־100.**

5 מאָמענטן פון אַ לעבן, **ב״א 1948, ז׳ 57, 100, 101, 102, 103, 104, 111, 114, 117, 195, 206, 215.**

6 חשבון און סך־הכל, **ב״א 1958, ז׳ 100, 159, 252.**

**באָטאָשאַנסקי, יעקב**

7 מ. ל. האַלפּערן, **ב״א 1932, ז׳ 51.**

8 פּאָרטרעטן פון יודישע שרייבערס **וואַרשע 1933, זז׳ 150, 155, 158־164, 169, 185, 219, 225.**

9 דניאל טשאַרני־בוך, **פּאַריז 1939, ז׳ 47.**

10 די לעבנס־געשיכטע פון אַ יודי־שן זשורנאַליסט, **באַנד 3, ב״א 1942, ז׳ 15.**

11 מאַמע־יודיש, **ב״א 1949, ז׳ 9, 11.**

12 פּשט, **ב״א 1952, ז׳ 7, 8, 14, 20, 34, 71, 143, 158.**

13 **יעקב באָטאָשאַנסקי. צו זיינע זעכציק יאָר, ב״א 1955, ז׳ 7.**

**באַראָן, א. ל.**

14 די יודישע בראָדוויי און אונ־דזערע לידער, **נ״י 1949, ז׳ 14, 22, 30, 44.**

**באַריישאָ, מנחם**

15 עסייען, **ב״א 1956, ז׳ 232.**

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.**

16 לידער און עסייען, **ב׳ 2, נ״י 1932, ז׳ 96, 109, 122.**

17 עסייען, **נ״י 1932, ז׳ 166, 223, 238, 239, 249.**

18 חלום און וואָר, **עסייען, נ״י 1956, ז׳ 14, 55, 56, 57, 58, 59, 60, 61, 62, 70, 89, 100, 133, 138, 139, 143, 358, 359, 372, 387, 400, 401,**

415, 419, 433, 443, 456, 457, 465, 480, 484.

**ביאַלין, א. ה.**

19 סאָציאַליזם און רוזוועלטיזם, נ״י 1956, ז׳ 91.

20 שלום אַש, מעקסיקע 1959, ז׳ 13.

**ביק, אַבֿרהם**

21 דער מתנגדישער טיפּ אין דער ייִדישער ליטעראַטור, פון צייט און דויער, נ״י 1959, ז׳ 32, 33.

**ביקל, שלמה**

22 דער ייִד׳ קולטור־פּייזאַזש אין אַלט־רומעניע, אינזיך און אַרומזיך, בוקאַרעשט 1936, ז׳ 98.

23 שרייבער פון מיין דור, נ״י 1958, זז׳ 60, 61, 117, 269־277, 281.

**בעל־מחשבֿות**

24 בעל־מחשבֿות־שריפטן, ב׳ 3, ווילנע 1923, זז׳ 8, 44, 92־96; ב׳ 4, ווילנע 1923, ז׳ 23, 31, 33, 36, 86, 122, 178; ב׳ 1, ווילנע 1927, ז׳ 167; און וואַרשע 1929, ז׳ 167; ב׳ 2, ווילנע און וואַרשע 1929 ז׳ 85, 86.

25 געקליבענע ווערק, נ״י 1953, ז׳ 63, 65, 102.

**בעליס, שלמה**

26 פּאָרטרעטן פון פּראָבלעמען, וואַרשע 1964, זז׳ 43־48.

**בערדיטשעווסקי, מ. י.**

26א יידישע כתבים, ב׳ 2, נ״י 1951, ז׳ 195.

**בערנשטיין מרדכי וו.**

27 אונדזער יאָרבוך (קינדער־רינג), פילאַדעלפיע, מײַ 1964, זז׳ 7־8.

**ברידזשער, דוד**

28 דער אָנהייבער, נ״י 1957, ז׳ 148.

**גאָלדאָווסקי, ה.**

29 אַברהם רייזען אין געזאַנג, אַברהם רייזען 70 יאָריקער יובליי־בוך, לאָס אַנגעלעס 1947.

**גאָלדבערג, אב.**

30 געזאַמלטע שריפטן, ב׳ 1, נ״י 1913, ז׳ 49, 134.

31 אַברהם רייזען און די יונגע, יובליי־בוך, ל״אַ 1947.

**גאָלדקאָרן, י.**

32 ליטעראַרישע סילועטן, נ״י 1949, ז׳ 20.

**גאָלדשמידט, א. י.**

33 א. ווייטער־כתבים, ווילנע 1923, זז׳ CXII, CXV.

**גאָרין, ב.**

34 די געשיכטע פון אידישן טעאַטער, ב׳ 2, נ״י 1929, ז׳ 274.

**גאָרין, עליזאַבעט**

35 ב. גאָרין־געזאַמלטע שריפטן, ב׳ 1, נ״י 1927, ז׳ 39.

**גאָרעליק ש.**

36 אין וואַנדער־לעבן, וואַרשע 1918, ז׳ 141.

**גינגאָלד, פּנחס**

37 פּנחס גינגאָלד־בוך, נ״י 1955, ז׳ 41.

**גלאַטשטיין, יעקבֿ**

38 אין תוך גענומען, נ״י 1956, זז׳ 48־63.

### גלאַנץ, א.

39 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אַמעריקע, נ״י 1945, ז׳ 80, 87.

### גראָבאַרד, ב.

40 אַ פּערטל יאָרהונדערט, נ״י 1935, ז׳ 9.

### גראַפּשטיין, מלך

41 שלמה גילבערט־דערציילונגען און דראַמעס, לאָנדאָן 1954, ז׳ 312.

### גרינבערג, אליעזר

42 משה לייב האַלפּערן אין ראַם פון זיין לעבן, נ״י 1942, ז׳ 21.

### גרינעס, מיכל

43 ווען דאָס לעבן האָט געבליט, ב״א 1954, ז׳ 256.

### דאָברושין, י.

44 געדאַנקענגאַנג, קיִעוו 1922, ז׳ 8.

### דאַמאַנקעוויטש, ל.

45 פון אַקטועלן און אייביקן, פּאַריז 1954, זז׳ 151־158.

### דייטש, מאָטעס

46 יובילײ־בוך, לאָס אַנגעלעס 1947, ז׳ 16.

### האָפּשטיין, דוד־שאַמעס, פּ.

47 ליטעראַטור־קענטעניש (פּאָעטיק), צווייטער טייל, מאָסקווע 1928, ז׳ 18.

### האָרן, י.

זז׳ 8, 11.

48 אין אונדזער דור, ב״א 1949,

### הירשביין, פּרץ

49 אין גאַנג פון לעבן, בוך 1, נ״י 1948, ז׳ 3.

### וואַסערמאַן, יעקבֿ

51 דאָס טעאַטער און דער סאָציאַליזם, וואַרשע 1921, ז׳ 162.

### וויטיעס, משה

52 עסייען וועגן ליטעראַטור, נ״י 1958, ז׳ 164.

### וויערניק, פּ.

53 געשיכטע פון די יידן אין אַמעריקע, נ״י 1914.

### ווײַכערט, מיכאל

54 זכרונות, וואַרשע, תל־אָביב 1961, ז׳ 19.

### ווײַנפּער, ז.

55 יידישע שריפטשטעלער, באַנד 2, נ״י 1936, זז׳ 149־151.

56 שרייבער און קינסטלער, נ״י 1958, זז׳ 99־100.

### וולאַדעק, ב.

57 פון לעבן און שאַפן, נ״י 1936, זז׳ 377, 378.

### זאָלאָטאַראָוו, ד״ר הלל

58 געקליבענע שריפטן, ב׳ 1, נ״י 1924, ז׳ 275.

### זאָלף, פּאַליק

59 אונדזער קולטור־המשך, וויניפּעג 1956, זז׳ 61־76.

### זילבערצווײַג, זלמן

60 די וועלט פון יעקב גאָרדין, תל־אָביב 1964, זז׳ 433, 463, 476.

### זילבערצווײַג, זלמן־מעסטל, יעקבֿ

61 קלמן מרמר — יעקב גאָרדין, נ״י 1953, ז׳ 232, 233, 241.

### זינגער, חיים

62 דער פּאַלקזינגער פון בראָנזוויל, נ״י 1947, ז׳ 12, 14.

**הערץ, י. ש.**

50 הירש לעקערט, נ׳ 1952, ז׳ 13.

**זעלטשען, ש. מ.**

63 אגב־אורחא, וויניפעג 1948, זז׳ 106־109.

**זעצער, ש. צ.**

64 פיגורן, עסייען, נ״י 1928, ז׳ 197.

**זרובבל, י.**

65 בלעטער פון א לעבן, ב׳ 2, תל־אביב 1956, ז׳ 349.

**זשיטניצקי, ד״ר ל.**

66 א האלבער יארהונדערט יידישע ליטעראטור, ב״א 1952, ז׳ 14, 16, 17, 19, 20.

**חייקין, י.**

67 יידישע בלעטער אין אמעריקע, נ״י 1946, זז׳ 295־296.

**טאבאטשניק, א.**

68 דיכטער און דיכטונג, נ״י 1965, ז׳ 479.

**טירקעל, דוד־בער**

69 די יוגנטלעכע בינע, פילאדעלפיע 1940, ז׳ 42, 186.

**טענענבוים, ש.**

70 שניט פון מיין פעלד, נ״י 1949.

71 אין לאמענט אן דעם גרויסן מענטש און דיכטער אברהם רייזען, דיכטער און דורות, נ״י 1955, זז׳ 5־19.

**טרונק, י. י.**

72 פוילן, ב׳ 5, נ״י 1949, זז׳ 81־84.

**טרונק, ישעיה**

73 געשטאלטן און געשעענישן, ב״א 1962, ז׳ 191.

**טשארני, דניאל**

74 בארג־ארויף, ווארשע 1935, ז׳ 235, 241.

**יאפע, מרדכי**

75 רינגען אין דער קייט, נ״י 1939, זז׳ 41־63.

**ירדני, מ.**

76 אינטערוויוס מיט יידישע שרייבער, נ״י 1955, ז׳ 91.

**כהן, י. ל.**

77 שטודיעס וועגן יידישער פאלקשאפונג, נ״י 1952, ז׳ 11.

**לוצקי, א.**

78 פארטרעטן, נ״י 1945, זז׳ 195־198.

**ליבמאן, יצחק**

79 בויער און שאפער פון מיין דור, ב׳ 1, נ״י 1953, זז׳ 209־215.

**ליבערמאן, חיים**

80 ליטעראַרישע סילועטן, נ״י 1927, זז׳ 63־75.

81 ד״ר חיים זיטלאווסקי און זיינע פארטיידיקער, נ״י 1944, ז׳ 94.

**ליטוואק, א.**

82 געקליבענע שריפטן, נ״י 1945, ז׳ 199.

**ליטוואקאוו, מ.**

83 אין אומרו, ב׳ 2, מאסקווע 1926, ז׳ 161.

84 יידישע שרייבער, קיעוו 1929, ז׳ 7.

**לייוויק, ה.**

85 עסייען און רעדעס, נ״י 1963, זז׳ 208־210.

**לעשצינסקי, יעקבֿ**

86 דאָס ייד׳ עקאָנאָמישע לעבן אין דער ייד׳ ליטעראַטור, **העפט 1, וואַר־שע, ז׳ 19.**

**לעשצינסקי, ש.**

87 ליטעראַרישע עסייען, **ב׳ 2, נ״י 1955, זז׳ 57־47.**

**מאַלאַמוט, יוד לאַמעד**

88 מיטן פּנים צו דער זון, **ל״אַ 1953, זז׳ 57־55.**

**לעהרער, ל.**

89 די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַ־טור, **נ״י 1926, ז׳ 188.**

**לעווי, יוסף הלל**

90 געזאַמלטע שריפטן, **ב׳ 2, לאָנ־דאָן 1958, ז׳ 24.**

**מאַרק, בער**

91 די אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן, **וואַרשע 1954, ז׳ 33.**

**מאַרק, יודל**

92 **די געשיכטע פון דער ייד׳ ליטעראַטור, נ״י 1943, ז׳ 49.**

93 אַברהם רייזען, **געקליבענע דער־ציילונגען און לידער, שול־אויסגאַבע, בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, נ״י 1947, זז׳ 6־4.**

**מוקדוני, ד״ר א.**

94 **אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע, ווילנע־נ״י 1930, ז׳ 372, 402.**

95 אויסלאַנד, **ב״א 1951, ז׳ 241.**

96 אין וואַרשע און אין לאָדזש, **ב׳ 1, ב״א 1955, זז׳ 218־207.**

**מילך, יעקבֿ**

97 יידישע פּראָבלעמען, **ב׳ 1, נ״י 1920, זז׳ 135, 140.**

**מינקאָוו, נ. ב.**

98 אידישע קלאַסיקער־פּאָעטן, **נ״י 1937, ז׳ 181, 224.**

99 זעקס יידישע קריטיקער, **ב״א 1954, ז׳ 258.**

**מישקאָווסקי, נח**

100 מיין לעבן און מיינע רייזעס, **ב׳ 1, נ״י 1947, ז׳ 103.**

**מייזיל, נחמן**

101 נאָענטע און ווייטע, **ב׳ 1, וואַרשע 1924, ז׳ 47, 48.**

102 דורות און תקופות אין דער ייד׳ ליטעראַטור, **נ״י 1942, ז׳ 17, 47, 48, 53.**

103 ייד׳ טעמאַטיק, ייד׳ מעלאָדיעס ביי באַוווסטע מוזיקער, **נ״י 1952, זז׳ 88־86.**

104 קעגנזייטיקע השפעות אין וועלטשאַפן, **נ״י 1965, זז׳ 302־288.**

**מרמר, קלמן**

105 יוסף באָוושאָווער, **נ״י 1952, ז׳ 7.**

**נאַדיר, משה**

106 מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט, **נ״י 1919, זז׳ 29־40.**

107 טעג פון מיינע טעג, **נ״י 1935, ז׳ 135.**

**ניגער, ש.**

108 שמועסן וועגן ביכער, **ערש־טער טייל, נ״י 1922, ז׳ 125.**

109 לעזער, דיכטער, קריטיקער, **ב׳ 2, נ״י 1928, ז׳ 420.**

110 די צווייספּראַכיקייט פון אונ־דזער ליטעראַטור, דעטראָיט 1947, ז' 109, 119.

111 דערציילערס און ראָמאַניסטן, נ"י 1946, ז' 100, 125.

**נײַגרעשל, מענדל**

112 רו און אומרו, נ"י 1948, ז' 119, 126.

**סעגאַלאָוויטש, ז.**

113 טלאָמאַצקע 13, ב"א 1946, ז' 98, 99, 112, 126.

**ספּעקטאָר, מ.**

114 מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס, וואַר־שע, זז' 59־60.

115 מיין לעבן, דריטער טייל, וואַרשע 1927, זז' 167־169.

**פּרילוצקי, נח**

116 גאָלדענע פונקען, בוך 1, וואַר־שע, ז' 74, 75, 79, 80, 87.

**פּרץ, י. ל.**

117 אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ב' 16, ווילנע, זז' 76־80.

**פֿיכמאַן, יעקב**

118 די ייִד' מוזע, וואַרשע 1911, ז' 20, 21, 22.

**פֿינקעלשטיין, לעאָ**

119 לשון יידיש און ייד' קיום, מעקסיקע 1945, זז' 80, 213־234.

**פֿערשלייסער, ע.**

120 אויף שרייבערישע שליאַכן, נ"י 1958, זז' 38־42.

**פֿראַנק, ד"ר הערמאַן**

121 א. ש. זאַקס — קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג, נ"י 1945, ז' 43, 60, 70, 71.

**פֿרידמאַן, לוי**

121א אין שטילן פארגיין, נ"י 1939, זז' 121־122, 133, 134־135.

**פֿריילין, י.**

122 יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונגוועג טאָראָנטאָ 1951, ז' 29, 30.

**צייטלין, אלחנן**

123 אין אַ ליטעראַרישער שטוב, ב' 1, וואַרשע 1937, זז' 102, 111, 117־119.

**קאָברין, לעאָן**

124 מיינע פופציק יאָר אין אַמע־ריקע, ב"א 1955, ז' 398.

**קאַזדאַן, ח. ש.**

125 דורות בונדיסטן, ב' 1, נ"י 1956, ז' 108.

**קאַטשערגינסקי, ש.**

126 שמערקע קאַטשערגינסקי אָנ־דענקבוך, ב"א 1955, זז' 271־274.

**קאַץ, פּיניע**

127 געקליבענע שריפטן, ב' 8, ב"א 1947, זז' 77־83.

**קאָראַלניק, ד"ר א.**

128 דאָס בוך פון וואַרצלען, וואַר־שע 1928, ז' 85־95.

**קאַרמאַן, ע.**

129 ברענענדיקע בריקן, בערלין 1923, ז' 8.

**קוטשער, ב.**

130 געווען אַמאָל וואַרשע, פּאַריז 1955, ז' 32.

**קיסין, י.**

131 ליד און עסיי, נ"י 1953, זז' 164־176.

**קעניג, לעאָ**

132 שרייבער און ווערק, **ווילנע 1929, זז' 60־69.**

133 פאָלק און ליטעראַטור, **לאָנ־דאָן 1947, ז' 50, 58, 60, 61, 68, 72.**

**קענער, יעקבֿ**

134 קווערשניט, **נ״י 1947, ז' 299־308.**

**קרוק, חיים**

135 אַרום זיך, **ווילנע 1930, ז' 7.**

**ראַבאַק, א. א.**

136 דער פאָלקסגייסט אין דער יידי־שער שפּראַך, **פּאַריז 1964, ז' 551, 553, 577, 592.**

**ראַדאָק, יעקבֿ**

137 קונסט און קינסטלער, **נ״י 1955, ז' 33־39.**

**ראָזען, יוסף**

138 פון בריטישן מאַנדאַט ביז דער יידישער מדינה, **ב״א 1954, ז' 223.**

**ראָזשאַנסקי, שמואל**

139 יעקב דינעזאָן, **ב״א 1956, ז' 120, 127.**

**ראָנטש, יצחק אלחנן**

140 אַמעריקע אין דער יידישער ליטעראַטור, **נ״י 1945, זז' 246־247.**

**ריווקין, ב.**

141 גרונט־טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, **נ״י 1948.**

142 **אַברהם רייזענס בלאַט אין דער יידישער ליטעראַטור,** אונדזערע פּראָ־זאַיקער, **נ״י 1951, ז' 128־139.**

**רייזען, ז.**

143 ווייטער־בוך, **ווילנע 1920, ז' 51, 64.**

**שאַמער־צונזער, מרים**

144 אונדזער פאָטער שמ״ר, **ער־שטער טייל, נ״י 1950, ז' 70.**

**שאַצקי, ד״ר יעקבֿ**

145 אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע, **ב' 1, ווילנע־נ״י 1930, ז' 478.**

**שטיין, א. ש.**

146 חבר אַרטור, **תל־אָביב 1953, ז' 170.**

**שטיינבערג, נח**

147 משה נאַדיר, **נ״י 1926, ז' 138־139.**

**שיק, זלמן**

148 1000 יאָר ווילנע, **ערשטער טייל, ווילנע 1939, ז' 461.**

**שערמאַן, אליעזר**

149 דער מענטש ביאַליק, **פילאַ־דעלפיע 1936, ז' 50.**

**תלוש**

150 דעראינערונגען און פאָרטריי־טן, **מיאַמי ביטש 1953, ז' 33.**

## וועגן אַברהם רייזען אין פרעמדע שפּראַכן

**AUSUBEL, NATHAN**

151. Abraham Reisen, **A Treasury of Jewish Humor,** N.Y. 1951, P. 419, 727.

**BLOCK, ETTA**

152. One-Act Plays from the Yiddish, N.Y. 1929.

**BAYON, LEIB**

152 A. La Literatura Idish, **Tesoros del Judaísmo, Literatura Idish,** México D.F. 1957, Reisen [Abraham], P. 105-113.

**BLOCK, JOSHUA**

153. Prolific and gifted pen, Abraham Reisen - Bibliography by Solomon Slutzky, **In Jewish Bookland,** N.Y. 1957, P. 3.

**BLUMENFELD, L.**

154. Abraham Reizin, Anthologie des Conters Yiddish, Paris MCMXXII, P. 209-221.

**BORAISHA, MENACHEM**

155. The Story of Yiddish, **Jewish Affairs,** N.Y. Vol. 1, Nº 4, 1946, P. 17, 18. **Miami Beach Jewish Omnibus,** 1957, P. 75, 78.

**CREEKMORE, HUBERT**

156. Abraham Reisen, **A Little Treasury of World Poetry,** N.Y. 1952, P. 88-89.

**FEIWEL, BERTHOLD**

157. Ghetto, Drei Gedichte von Abraham Reisen, **Junge Harfe,** Berlín, S. 14-15.

**FRANK, HELENA**

158. Abraham Reisen, **Yiddish Tales,** Phil. 1948, P. 383, 432.

**GOLDBERG, ISAAC**

158 A. Great Yiddish Poetry. Heideman-Julius Company, Girard-Kansas 1923, P. 8, 12, 38-42.

158 B. The Spirit of Yiddish Literature. **The Little Blue Book,** Girard, Kans. 1925, P. 34.

158 C. Our Yiddish Literary Heritage. **Jewish Currents,** N.Y. Nov. 1960, P. 17.

**GOODMAN, PHILIP**

159. A comprehensive collection of tales in English Translation. **In Jewish Bookland,** N.Y. 1954, P. 1.

**GREENBERG, ELIEZER - HOWE, IRVING**

160. **A Treasury of Yiddish Stories,** N.Y. 1954, Pp. 41, 43, 59, 61, 79-80, 275-295.

**GUINSBURG, JACO**

161. Introddução, **Joias Do Conto Idiche,** São Paulo 1948, P. 25. Abraao Raizin, Pp. 183-191.

**HARAP, LOUIS**

162. **Jewish Life Anthology 1946-1956,** N.Y. 1956, P. 10.

**HRUSHOVSKI, BENJAMIN**

162 A. On free rhytms in modern Yiddish poetry. **The Field of Yiddish,** N.Y. 1954, P. 220, 234.

**LEFTWICH, JOSEPH**

162 B. Anthology of Yiddish Poetry, Cambridge, N.Y. 1939, P. XXXI, XLII, XLIII, XLV, 7-22.

**LEVINGER, RABBI LEE J.**

163. **A History of the Jews in the United States,** Cincinnati 1935, P. 501.

**LIPTZIN, SOL**

164. **Eliakum Zunser — Poet of his people,** N.Y. 1950, P. 227.

**MARK, YUDEL**

165. Yiddish Literature, **The Jews, Their History, Culture and Religion,** N.Y. 1949, Pp. 884-885.

166. A Study in the frequency of Hebraism in Yiddish, **The Field of Yiddish,** N.Y. 1954, P. 30.

**MILBAUER, JOSEPH**

167. Abraham Reisen, **Poetes Yiddish D'Aujourd'hui,** París 1936, P. 74.

**RESNICK, SALOMON**

168. Renacimiento Literario Abraham Reisen, **Esquema de la Literatura Judía,** Buenos Aires 1933, P. 48-49.

**ROBACK, A. A.**

169. **Curiosities of Yiddish Literature,** Cambridge 1936, Pp. 55, 58, 72, 152, 171, 182, 185, 197, 200, 203.

170. **Psychology through Yiddish Literature,** Cambridge (Mass.) 1942, P. 53.

171. **The Psychological Element in Pinski,** N.Y. 1942, P. 48.

**ROGOFF, HARRY**

172. **East and West,** N.Y. Vol. 1, Nº 5, N.Y. 1915, P. 136-137.

173. Abraham Reisen, **Nine Yiddish Writers,** N.Y., P. 39-49.

**RUBIN, PHILIP**

174. Abraham Reisen at seventy-five, **Jewish Book Annual,** Jewish Welfare Board, Vol. II, N.Y. 1952, P. 183-185.

**STERN, WILLIAM**

175. A Peoples Poet, **The Year Book,** Phila. 1964, P. 37.

**SYRKIN, MARIE**

176. American Yiddish Poetry, **The Reflex,** N.Y., P. 109.

**TENENBAUM, JOSEPH**

177. Death of a civilization, **Underground,** N.Y. 1952, P. 511.

**WAXMAN, Dr. MEYER**

178. Abraham Reisen, **A History of Jewish Literature from 1880 to 1935,** Vol. IV, 1941, P. 524, 556.

179. Jewish literature in the world of tomorrow, **Israel of Tomorrow,** N.Y., P. 279.

**WIERNIK, PETER**

180. Yiddish literature, drama and the press, **History of the Jews in America,** N.Y. 1912, P. 423.

**ZOLDCISTI, THEODORE**

181. Abraham Reisen, **Von Idish-Deutscher Shprache und Iidish-Deutscher Literatur,** Berlín 1910.

**ZUKERMAN, WILLIAM**

182. Abraham Reizen (In Memoriam), **Jewish Exponent,** Philadelphia, Apr. 1953, P. 15,

**ZUFRIEDEN, CLAUDE**

183. Litterature Yiddish, **Encyclopedia de la Pleïade II,** 1956, P. 1181-1182.

**PHILO-LEXICON**

184. Berlín 1935, Seite 318, 591.

**Аронсон, Григорий**

185. Антология еврейской поэзии на русском языке. "Новое Русское Слово", Нью Иорк. 2 февр. 1947 г.

**Гибянскій, С. А.**

186. А. Рейзен, **Альманахи Молодой Еврейской Литературы,** С. Петербургъ 1908, стр. 85-108.

**Гинзбургъ, С. М.**
**Маркъ, П. С.**

187. Введеніе, **Еврейскія Народныя Пѣсни въ Россіи",** С. Петербургъ 1901, стр. VII.

**Красный, Г. Я.**

188. **Еврейская Художественная Литература за 1902,** С. Петербургъ 1903, стр. 115.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ דער דאָזיקער באַנד, **אַברהם רייזען — לידער, דערציילונגען, זכרונות,** דער־שיינט נאָך אַן אָפּמאַך מיט דער פרוי **שרה רייזען.**

◈ ער דערשיינט ווי דער 28סטער באַנד **מוסטערווערק פון דער יידישער לי־טעראַטור;** ער איז אָבער געווען אין פּראָיעקט נאָך פאַרן אָנהייבן אַרויסגעבן אַט אַ די ביבליאָטעק דורכן **יוסף ליפשיץ־פאָנד.**

◈ **נישט** ווייל עס איז אַ **דוחק** אין **רייזען־ביכער** ווערט אַרויסגעגעבן דאָס דאָ־זיקע בוך. אַברהם רייזען האָט גראָד מזל צו פאַרלאַגן. אַפילו אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן זיינען דערשינען עטלעכע בענד פון רייזענס כתבים. אמת, טענדענציעז, אָבער זיי זיינען דערשינען און (לאָמיר צוגעבן) **מיט פּיעטעט.**

◈ אַפילו ווען עס זאָל זיין אַן איבערפלוס פון רייזען־ביכער, דאַרף אָפּגעגעבן ווערן **אפשר מער ווי איין באַנד** מוסטערווערק פאַר **אַברהם רייזענען.** ער איז דאָך **אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע** פון דער יידישער ליטעראַטור!

◈ הגם פשוט ביז גאָר, פאַר אַלעמען אַן אָפן בלאַט, דאָך איז **נישט גרינג פאַר־צושטעלן אַ. רייזענען.**

◈ בדרך כלל ווערט אין **מוסטערווערק** באַנוצט דער **מעטאָד** פאַרצושטעלן שרייבערס דורך זייערע שאַפונגען געסדרטע **כראָנאָלאָגיש.** געוויינטלעך איז דאָס דער ריכטיקסטער וועג צו ווייזן דעם שרייבער אַלזייטיק, דורך זיינע **עליות** און **ירידות,** סך־הכל **קאָנסעקווענצן פון דער געזעלשאַפט און עפּאָכע.** אַברהם רייזענען איז אָבער נישט גוט פאַרצושטעלן מעכאַניש דורך דעם מעטאָד.

◈ הגם אַ. רייזען איז שרייבעריש **געוואַקסן** גראָד **אויף די עלטערע יאָרן,** בעת אַ סך האָבן אים געהאַלטן פאַר „אויסגעשריבן״, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו אַמאָליקע מאָטיוון, צו די ערשטע מאָטיוון פון זיין שאַפן. אייניקע זיינען **וואַריאַנטן,** מיט קלײנע שינויים.

◈ די דאָזיקע שפּיגלען, בכן, נישט אַפּ ווי צום בעסטן אַברהם רייזענען אין זיין גאַנצן אומפאַנג. דערפאַר זיינען אין דעם באַנד רייזענס שאַפונגען איינגע־טיילט גיכער **נאָך די טעמעס.** דאָ ווערט טייל מאָל, וואָס אמת, אויסגעמישט די **ליטעראַרישע קוואַליטעט.** דערפאַר אָבער באַקומט מען דורך רייזענס שאַפן, גרו־פּירט נאָך די טעמעס, ממש אַ **ביאָגראַפיע פון יידישן פאָלקסלעבן אין דער צייט פון זיין לעבן און פון זיין סביבה.**

ש. ר.

Joseph Lifshitz Fund



ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**
(2טע אויפלאַגע (312 זייטן)

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידי' פֿאָלקסלידער**, 2טע אויפלאַגע (216 זייטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (256 זייטן)

4) מענדעלע מוכר ספרים — **מסעות בנימין השלישי** (256 זייטן)

5) לייב נייַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זייטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע, קריזיס**, 2טע אויפלאַגע (256 זייטן)

7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זייטן)

8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** (256 זייטן)

9) דוד פינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זייטן)

10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זייטן)

11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט** (272 זייטן)

12) י. ל. פרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט** (272 זייטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (240 זייטן)

14 דוד האָפּשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — **שריפֿטן** (272 זייטן)

15) מרדכי ספּעקטאָר — **דער יידישער מוזשיק**, ראָמאַן (272 זייטן)

16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זייטן)

17) שלום עליכם — **מנחם־מענדל** (272 זייטן)

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זייטן)

19) י. י. שוואַרץ — קענטאַקי, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאָרג**
(פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זייטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זייטן)

21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זייטן)

22) מענדעלע מוכר ספרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זייטן)

23) **יוסף אָפּאַטאָשו — אין פוילישע וועלדער** (416 זייטן)

24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זייטן)

25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זייטן)

27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער** (288 זייטן)

28) אַבֿרהם רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זייטן)

אין 1966 דערשיינט נאָך:

26) **גליקל האַמיל — זכרונות** (288 זייטן)

29) **די פרוי אין דער יידישער פּאָעזיע**

30) ר' נחמן בראַצלעווער — **סיפורי־מעשיות**

AVROHOM REIZEN

# POETRY, STORIES

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE



1966

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires

ABRAHAM REIZEN

# POESIA, PROSA, RECUERDOS

## Y ESTUDIOS LITERARIOS SOBRE SU APORTE A LA LITERATURA IDISH

Director: SAMUEL ROLLANSKY



1966

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires